פעטער קראפאטקין

## געזאַמעלטע שריפטען

# אידעאַלען און ווירקליכקייט אין דער רוסישער ליטעראַטור

איבערזעצט פון ה. ראָזענפעלד

צווייטער באַנד




ארויסגעגעבען פון דער
קראפאטקין ליטעראַטור געזעלשאפט
ניו יארק, 1923

# אינהאַלט

## קאַפּיטעל זעקס



## קאַפּיטעל זיבען



## קאַפּיטעל אכט

## קאַפּיטעל זעקס

# די דראַמע.

איהר אורשפּרונג. — די צאַרען אַלעקסיי און פּעטער דער ערשטער. — סומאַראָקאָוו. — פּסעוודאָ־קלאַסישע טראַגעדיעס: קניאַזשנין. — אָזעראָוו. — די ערשטע קאָמעדיעס. — די ערשטע יאָהרען פון דעם נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט. — גריבאָיעדאָוו. — די מאָסקווער ביהנע אין די פופציגער יאָהרן. — אָסטראָווסקי: זײַנע ערשטע דראַמעס. — „דער שטורם”. — אָסטראָווסקי'ס שפּעטערדיגע דראַמעס. — היסטאָרישע דראַמעס: א. ק. טאָלסטאָי. — אַנדערע דראַמאַטורגען.

די דראַמע אין רוסלאַנד, ווי אומעטום, האָט געהאַט א דאָפּעלטע אנטשטעהונג. זי האָט זיך אנטוויקעלט פון די רעליגיעזע „מיסטעריעס” פון איין זייט און פון די פאָלקס־קאָמעדיעס פון דער צווייטער זייט, דורך דער אריינפיהרונג פון לוסטיגע צווישען־שפּילען אין די ערנסטע, שטרענג־מאָראַלישע פאָרשטעלונגען, וואָס זייער סיוזשעט איז גענומען געוואָרן פון דעם אַלטען אָדער נייעם טעסטאַמענט. עטליכע מיסטעריעס אַזעלכע זיינען אין דעם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט באַארבייט געוואָרן אויף דער אוקראַינישער שפּראַך דורך די לעהרערס פון דער גריכיש־לאַטיינישער טעאָלאָגישער אַקאַדעמיע אין קיעוו, כדי די סטודענטען פון דער אַקאַדעמיע זאָלען זיי אויפפיהרן; שפּעטער זיינען אָט־די באַארבייטונגען אריינגעדרונגען קיין מאָסקווע.

אַרום דעם סוף פון דעם זיבעצעהנטען יאָרהונדערט — ערב די רעפאָרמען, אַזוי צו זאָגען, פון פּעטער דעם ערשטען — האָט זיך אין איינינע קליינע קרייזלאַך פון מאָסקווע דערפיהלט א שטאַרקער פאַרלאַנג אריינצופיהרן אין דעם רוסישען לעבען מערב־אייראָפּעאישע געוועהנהייטען, און פּעטער'ס פאָטער, דער צאַר אַלעקסיי, האָט זיך ניט געשטעלט קעגען אָט־דער שטרעבונג. ער

זאָט ליב געקראָגען טעאטראַלישע פאָרשטעלונגען און האָט באַ־
וואויגען עטליכע אויסלענדער, וועלכע האָבען געוואוינט אין מאָסק־
וע, צו שרייבען פיעסען, כדי זיי צו שפּילען אין קייזערליכען
פּאַלאַץ. א געוויסער גרעגאָרי האָט אויף זיך גענומען אָט־
די אויפגאבע, און צוגעפּאסט געוויסע ווערסיעס פון דייטשע פּיע־
סען, וועלכע מען פלעגט אין יענע צייטען רופען „ענגלישע קאָמע־
דיעס", צום רוסישען געשמאַק. אין גיכען האָט מען אָנגעפאנגען
צו שפּילען אין קייזערליכען פּאַלאַץ „די קאָמעדיע פון דער קעניגין
אסתר און דעם חוצפּה'דיגען המן", „טוביה", „יהודית" א. אז. וו.
א הויך־געשטעלטע פּערזענליכקייט פון דער קירך, סימעאָן פּאָלאָצ־
קי, האָט ניט געהאַלטען פאר נידעריגער פון זיין ווירדע צו שריי־
בען אזעלכע מיסטעריעס, און אייניגע פון זיי זיינען דערגאַנגען צו
אונז; אין דער זעלביגער צייט, האָט אַלעקסיי'ס א טאָכטער, די
פּרינצעסין סאָפיע (א שילערין פון סימעאָנ'ען) געבראָכען די טראַ־
דיציע, לויט וועלכער פרויען פון קייזערליכער אָפּשטאַמונג האָבען
זיך ניט געטאָרט צייגען צווישען פּובליקום, און איז געקומען צו די
טעאַטראַלישע פאָרשטעלונגען אין פּאַלאַץ.

דאָס איז שוין געווען צופיל פאר די מאָסקווער קאָנסערוואַ־
טאָרען פון דער אַלטער שול, און נאָך אַלעקסיי'ס טויט האָט מען
פארמאכט דעם טעאַטער; און אזוי איז ער פארבליבען צוגעמאכט
אין דעם משך פון א פערטעל יאָרהונדערט, ד. ה. ביז'ן יאָהר 1702,
ביז פּעטער דער ערשטער, וואָס האָט זעהר ליב געהאַט טעאַטראַ־
לישע פאָרשטעלונגען, האָט אין דער אַלטער הויפּט־שטאָדט אויפ־
געעפענט א טעאַטער. ער האָט פון דאנציג ספּעציעל אראָפּגע־
בראכט א טרופּע אַקטיאָרען, פאר וועלכע מען האָט אויסגעבויט א
ספּעציעל הויז אין דעם הייליגען קרעמעל. נאָך מעהר, א צווייטע
שוועסטער פון פּעטער'ן, נאַטאַליא, וועלכע האָט אזוי ליב געהאַט
דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, ווי דער גרויסער רעפאָרמאַטאָר אַליין,
האָט עטליכע יאָהר שפּעטער אָט־דעם טעאַטער אריבערגעפיהרט צו
זיך אין פּאַלאַץ, וואו די אַקטיאָרען פלעגען שפּילען אָנפאנגס אויף
דייטש, און שפּעטער אויך אויף רוסיש. עס איז זעהר וואָרשיינליך,
אז זי האָט אַליין אָנגעשריבען עטליכע דראַמעס — מעגליך, מיט
דער הילף פון איינעם פון די שילער פון א געוויסען דאָקטאָר בידלאָ,
וועלכער האָט אויפגעעפענט א צווייטען טעאַטער אין דעם מאָסקווער

שפּיטאָל, וואו די סטודענטען זייַנען געווען די אַקטיאָרען. שפּעטער האָט מען דעם טעאַטער פון דער פּרינצעסין נאַטאַליאַ אַריבערגעפיהרט אין דער נייער הויפּט שטאָדט, וואס איהר ברודער האָט געגרינדעט אויף די ברעגען פון דעם טייך נעוואַ.

דער רעפּערטואַר פון אָט־דעם טעאַטער איז געווען גאַנץ פאַרשיידענאַרטיג, און האָט איינגעשלאָסען אין זיך, אויסער דייטשע דראַמען, ווי למשל, „סציפּיאָן דער אַפריקאַנער", „דאָן זשואַן", „דאָן פּעדראָ" א. אז. וו., אויך פרייע איבערזעצונגען פון מאָליער און אויך דייטשע פאַרסען פון א זעהר גראָבען כאַראַקטער. א חוץ דעם, זיינען אין דעם רעפּערטואַר אַריינגעגאַנגען עטליכע אָריגינעלע רוסישע דראַמען (טיילווייז צוזאַמענגעשטעלט, וואַרשיינליך, דורך דער פּרינצעסין נאַטאַליאַ), דראַמאַטיזירונגען פון דעם לעבען פון די הייליגע, און פון די פּוילישע ראָמאַנען, וועלכע זיינען אין יענער צייט פיל געלייענט געוואָרען אין געשריבענע איבערזעצונגען.

פון אָט־די עלעמענטען און פון די מערב־אייראָפּעאישע מוסטערן האָט זיך אַנטוויקעלט די רוסישע דראַמע, בעת דער טעאַטער איז אין מיטען פון דעם אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט געוואָרען א שטענדיגע אינסטיטוציע. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אז דער ערשטער שטענדיגער רוסישער טעאַטער איז געגרינדעט געוואָרען, אינ'ם יאָהר 1750, ניט אין איינער פון די צוויי הויפּט־שטעדט, נאָר אין א פּראָווינציעלער שטאָדט, אין יאַראָסלאַוו, מיט דער שטיצע פון לאָקאַלע סוחרים, און אַרויסגעקומען איז דאָס לויט דער פּריוואַטער איניציאַטיווע פון עטליכע אַקטיאָרען: די צוויי ברידער וואָלקאָוו, דמיטריעווסקי און עטליכע אַנדערע. די קייזערין יעליזאַוועטא האָט באַפוילען — קאָן זיין, לויט'ן ראַט פון סומאַראָקאָוו'ן, וועלכער האָט אַרום יענער צייט אַליין אָנגעפאַנגען צו שרייבען דראַמעס — אָט־די אַקטיאָרען אַריבערציהען קיין פּעטערבורג, וואו זיי זיינען געוואָרען „אַרטיסטען פון דעם קייזערליכען טעאַטער", אין דינסט פון דער קרוין. אָט אַזוי איז דער רוסישער טעאַטער געוואָרען, אינ'ם יאָהר 1756, א רעגירונגס אינסטיטוציע.

סומאַראָקאָוו (1718—1777), וואָס האָט געשריבען, אויסער פּערזען און פאַבעלס, — די לעצטע האָבען געהאַט אַן אמת ליטערארישען ווערט, — א באַדייטענדע צאָהל טראַגעדיעס און קאָמעדיעס, האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג

פון דער רוסישער דראמע. אין זיינע טראגעדיעס האט ער אימי־טירט ראסינ׳ען און וואלטער׳ן. ער האט שטרענג נאכגעפאלגט זייערע כללים וועגען „איינינקייט", און האט נאך אפילו וועניגער פון זיי געזארגט פאר דעם היסטארישען אמת; אבער אזוי ווי ער האט ניט באזעסען דעם גרויסען טאלאנט פון זיינע פראנצוי־זישע לערערס, זיינען די העלדען זיינע פשוט׳ע פערזאניפיקאציעס פון געוויסע טוגענדען און זינד, — פיגורען אהן געזונט און אהן לעבען, וואס האלטען אין איין שיטען מיט מאנאלאגען אנגעפיקע־וועט מיט קלינגענדיגע פראזען. עטליכע פון זיינע טראגעדיעס („חורב", אנגעשריבען אינ׳ם יאהר 1747, „סינאוו און טרואוואר", „יאראפאלק און דיליצא", „דמיטרי דער פרעטענדענט") זיינען גע־נומען געווארן פון דער רוסישער געשיכטע; אבער נאך אלעמען, זיינען די העלדען זיינע געווען אזוי ווינציג סלאוויש, ווי די העלדען פון ראסינ׳ען — גריכיש אדער רוימיש. מען מוז אבער, פונדעסטוועגען, זאגען, אז סומאראקאוו האט שטענדיג דורכגעפירט אין זיינע טראגעדיעס די פארגעשריטענסטע הומאניטערע אידעען פון יענער צייט—אמאל מיט אמת׳ן געפיהל, וואס האט זיך דורכגע־שלאגען אפילו דורך די קאנווענציאנעלע פארמען פון די רעדעס פון זיינע העלדען. וואס ס׳איז אבער שייך צו זיינע קאמעדיעס, הגם זיי האבען ניט געהאט אזא ערפאלג, ווי זיינע טראגעדיעס, זיינען זיי אבער דערפאר פיל נעהענטער צום לעבען. אין זיי געפינט מען ניט ווינציג שטריכען פון דעם ווירקליכען רוסישען לעבען, ספעציעל פון דעם לעבען פון מאסקווער אדעל, און דער סאטירישער כאראק־טער פון אט־די קאמעדיעס האט, אהן ספק, געהאט אן איינפלוס אויף די שריפטשטעלער, וואס זיינען געקומען נאך סומאראקאוו׳ן.

קניאזשנין (1742—1791) איז אויך אוועק אין אט־דער ריכ־טונג. ווי סומאראקאוו, האט ער אויך איבערזעצט טראגעדיעס פון פראנצויזיש, און האט געשריבען אימיטאציעס פון פראנצויזישע טראגעדיעס; דערביי זיינען די סיוזשעטען פון איניגע פון זיי גענומען געווארן פון דער רוסישער געשיכטע („ראסלאוו", 1784; „וואדים דער נאווגאראדער", וואס איז אפגעדרוקט געווארן נאך זיין טויט און טאקע באלד פארניכטעט געווארן אויפ׳ן באפעל פון דער רעגירונג, צוליב די פרייהייטליכע טענדענצען, וועלכע זיינען דארט אויסגעדריקט געווארן).

**אזערָאוו** (1769—1816) האָט פאָרטגעזעצט די אַרבייט פון קניאַזשנינ׳ען, נאָר האָט אין זיינע פסעוודאָ־קלאַסישע טראַגעדיעס אריינגעבראַכט די סענטימענטאַלע און ראָמאַנטישע עלעמענטען („עדיפוס אין אַטען״, „דער טויט פון אָלעג׳ן״). ניט קוקענדיג אויף אַלע זייערע חסרונות, האָבען זיינע טראַגעדיעס געהאַט אַ דויערענדען ערפאָלג און האָבען געוואַלטיג מיטגעהאָלפען דער אנטוויקלונג סיי פון דער ביהנע, סיי פון אַן ערנסטען געשמאַק צווישען די טעאַטער־געהער.

גלייכצייטיג מיט די טראַגעדיעס האָבען די זעלביגע פאַרפאַסערס אָנגעשריבען אַ גאַנצע רייהע קאָמעדיעס („דער באַרימער״, „מאָדנע מענשען״ פון קניאַזשנין), און, הגם, אין די מערסטע פאַלען זיינען דאָס געווען איינפאַכע אימיטאַציעס פון פראַנצויזישע מוסטערן, פונדעסטוועגען האָבען אויף דער בינע אָנגעפאַנגען אריינצודרינגען סיוזשעטען, גענומען פון דעם אַלטעגליכען רוסישען לעבען. סומאַראָקאָוו האָט שוין געוואָס אויפגעטאָן אין אָט־דער ריכטונג, און נאָך איהם, יעקאַטערינע די צווייטע, וואָס האָט אָנגעשריבען אַ פּאָר סאַטירישע קאָמעדיעס, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס לעבען פון איהר סביבה (למשל, „די אימענינעס פון מאַדאַם וואָרטשאַלקינאַ״), און אַ קאָמישע אָפּערע פון דעם רוסישען פאָלקס־לעבען. זי איז פּילייכט געווען די ערשטע ארויפצופירן רוסישע פּויערים אויף דער בינע; און עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז דער געשמאַק פאַר׳ן פאָלקס־סטיל אויף דער בינע האָט זיך שנעל אַנטוויקעלט — די קאָמעדיעס „דער מילנער״ פון אַבלעסימאָוו׳ן, „זביטענשטשיק״ (פעדלער) פון קניאַזשנינ׳ען, זיינען אַ געוויסע צייט געווען באַליבטע פּיעסען און האָבען געהאַט אַן אומגעהייערן ערפאָלג.

**פאָן־וויזין** איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין איינעם פון די פריערדיגע קאַפּיטלאַך, און עס וועט דאָ גענוג זיין צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דורך זיינע צוויי קאָמעדיעס, „דער בריגאַדיער״ (1768) און „ניעדאָראָסל״ (1782), וועלכע מען האָט פאָרטגעזעצט צו שפּילען ביז אין מיטען פון דעם נייינצענטען יאָרהונדערט, איז ער געוואָרן דער פאָטער פון דער רעאַליסטישער, סאַטירישער קאָמעדיע אין רוסלאַנד. „יאַבעדאַ״ פון קאַפּניסט׳ן און עטליכע

קאָמעדיעס פון דעם גרויסען פאבעל־שרייבער קרילאָוו'ן געהערען צו דער זעלביגער קאטעגאָריע.

## די ערשטע יאָרען פון דעם נייצענטען יאָרהונדערט.

אינ'ם משך פון די ערשטע דרייסיג יאָר פון דעם נייצענטען יאָרהונדערט האָט דער רוסישער טעאטער זיך וואונדערבאר אנט־וויקעלט. די בינע האָט ארויסגערוקט אין מאָסקווע און אין פּעטערבורג א רייע באַגאבטע און אָריגינעלע אקטיאָרען און אקטרי־סעס, סיי אין טראגעדיע, סיי אין קאָמעדיע. די צאָל שרייבער פאר דער בינע איז געוואָרען אזוי באדייטענד, אז אלע פאָרמען פון דער דראמאטישער קונסט האָבען זיך גענקאָנט אנטוויקלען גלייכצייטיג. אין דער צייט פון די נאפּאָלעאָנישע מלחמות איז דער טעאטער פארפלייצט געוואָרען מיט פּאטריאָטישע טראגעדיעס, וואָס האָבען געהאט א סך אנדייטונגען אויף די דאמאָלסטיגע גע־שעהענישען, ווי, למשל, „דמיטרי דאָנסקאָי" (1807) פון אָזעראָוו'ן. פונדעסטוועגען האָט די פּסעוודאָ־קלאסישע טראגעדיע זיך נאָך אלץ שטארק געהאלטען אויף דער בינע. עס האָבען זיך באוויזען בעסערע איבערזעצונגען און אימיטאציעס פון ראסינ'ען (פון קאָ־רנעליג'ען און קאָקאָשקינ'ען), און זיי האָבען געהאט א געוויסען ערפאָלג, ספּעציעל אין פּעטערבורג, הויפּטזעכליך א דאנק די גוטע טראגישע אקטיאָרען פון דער דעקלאמאטאָרישער שול. אין דער זעלביגער צייט האָבען די איבערזעצונגען פון קאָצעבו געהאט א געוואלטיגען ערפאָלג, ווי אויך די רוסישע ווערק פון זיינע סענ־טימענטאלע אימיטאטאָרס.

דער ראָמאנטיזם און דער פּסעוודאָ־קלאסיציזם האָבען, פאר־שטעהט זיך, געפירט צווישען זיך פּונקט אזא קאמף פאר'ן באזיץ פון דער בינע, ווי זיי האָבען געפירט אויף דעם געביט פון פּאָעזיע און אויפ'ן געביט פון דער נאָוועלע; נאָר צוליב דעם גייסט פון דער צייט, און אויך אונטער דער ווירקונג פון קאראמזינ'ען און זשוקאָווסקי'ן, איז דער נצחון געבליבען אויף דער זייט פון דעם ראָמאנטיזם. אָט־דעם נצחון האָבען פיל מיטגעהאָלפען די ענער־גישע אָנשטרענגונגען פון פירשט שאכאָווסקאָי, וועלכער האָט אויס־געצייכענט געוואוסט די באדינגונגען פון דער בינע און האָט אליין אָנגעשריבען אריבער הונדערט דראמאטישע ווערק — **טראגעדיעס,**

קאָמעדיעס, אָפּערעס, וואָדעווילס און באַלעטען; די סיוזשעטען פאַר זיינע דראַמעס האָט ער אַנטנומען פון וואַלטער סקאָט'ן, שעקספּיר'ן און פּושקינ'ען. אין דער זעלביגער צייט איז די קאָמעדיע, ספּעציעל — די סאַטירישע קאָמעדיע און דער וואָדעוויל (וואָס האָט זיך דערנעהענטערט צו דער קאָמעדיע דורך אַ מער פאַרזיכטיגער שילדערונג פון די כאַראַקטערן, אין פאַרגלייך מיט די ווערק פון דעם זעלביגען מין אויף דער פראַנצויזישער בינע) פאַרגעשטעלט געוואָרן דורך אַ גרויסער צאָל פון מער אָדער ווייניגער אָריגינעלע ווערק. אויסער כמעלניצקי'ס אויסגעצייכענטע איבערזעצונגען פון מאָליער, האָט דאָס פּובליקום זיך אויך געקוויקט מיט זאַגאָסקינ'ס קאָמעדיעס, וואָס זיינען פול מיט גוטמוטיגער פרייליכקייט, אַמאָל מיט די גלענצענדיגע און שטענדיג לעבעדיגע קאָמעדיעס און וואָדעווילס פון שאַכאָווסקאָי'ען, מיט די וואָדעווילס פון א. י. פּיסאַרעוו א. אז. וו. אמת, אָט־די אַלע קאָמעדיעס זיינען געווען אָדער די דירעקטע השפּעה פון מאָליער'ן, אָדער באַאַרבייטונגען פון פראַנצויזיש, אין וועלכע מען האָט אַריינגעבראַכט רוסישע כאַראַקטערן און רוסישע מאַנירן. אָבער שוין אין אָט־די באַאַרבייטונגען איז געלעגען אַ זעלבסטשטענדיגער שאַפענדיגער אָנפאַנג, וועלכער איז אַלץ מער אויסגעברייטערט געוואָרן אויף דער בינע אַ דאַנק דער הילף פון די באַגאַבטע אַקטיאָרן. אָט־דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער אמת־רוסישער קאָמעדיע, וואָס האָט געפונען איר פאַרקערפּערונג אין גריבאָיעדאָוו'ן, גאָגאָל'ן און אָסטראָווסקי'ן.

## גריבאָיעדאָוו.

גריבאָיעדאָוו (1795—1829) איז געשטאָרבען זעהר יונג, און ער האָט סך־הכל איבערגעלאָזט איין קאָמעדיע, „די צרה פון צופיל שכל" („גאָריע אָט אומאַ"), און אַ פּאָר סצענעס פון אַ ניט־פאַרענדיגטער טראַגעדיע אין דעם שעקספּיר־סטיל. אָבער זיין קאָמעדיע איז אַ געניאַל ווערק, און אַ דאַנק איר אַליין קאָן מען זאָגען, אַז גריבאָיעדאָוו האָט געטאָן פאַר דער רוסישער בינע, וואָס פּושקין האָט געטאָן פאַר דער רוסישער פּאָעזיע.

גריבאָיעדאָוו איז געבאָרן געוואָרן אין מאָסקווע, און האָט באַקומען אַ גוטע ערציהונג אין דער היים, איידער ער איז אַנגעקומען אין מאָסקווער אוניווערזיטעט, אינ'ם עלטער פון פופצען

יאָר. דאָ איז ער, צום גליק, געווען אונטער דער ווירקונג פון דעם היסטאָריקער שלעטצער און פּראָפעסאָר בוהלע, וועלכע האָבען אין איהם אַנטוויקעלט דעם פאַרלאַנג גרינטליך צו באַקענען זיך מיט דער וועלט־ליטעראַטור און די געוואוינהייט צו טאָן ערנסטע אַרבייט. אַ דאַנק אָט־די אויבענדערמאָנטע אומשטענדען, האָט גריבאָיעדאָוו אָנגעוואָרפען די סכעמע פון זיין קאָמעדיע בעת ער איז נאָך געווען אין אוניווערזיטעט (אין די יאָרען 1810—1812), אויף וועלכער ער האָט געאַרבייט אין אַ משך פון צוועלף יאָר.

אין'ם יאָר 1812, בעת נאַפּאָלעאָן איז אַריינגעדרונגען קיין רוסלאַנד, איז גריבאָיעדאָוו אַריין אין דער מיליטער־דינסט און איז פיר יאָהר געווען אַן אָפיצער אין אַ הוסאַרן־פּאָלק, וואָס איז במעט די גאַנצע צייט געשטאַנען אין מערב־רוסלאַנד. דער גייסט פון דער אַרמיי איז ניט געווען אַזוי, ווי ער איז געוואָרן אונטער ניקאָלאַי דעם ערשטען; די פּראָפּאַגאַנדע פון די דעקאַבריסטען איז הויפּט־זעכליך אָנגעפירט געוואָרן אין דער אַרמיי, און צווישען זיינע חברים האָט גריבאָיעדאָוו באַגעגענט מענשען, וואָס זיינען געווען דורכגע־דרונגען מיט הויכע הומאַניטארישע טענדענצען. אין'ם יאָר 1816 האָט ער פאַרלאָזט די מיליטערישע דינסט און איז, לויט דעם פאַר־לאַנג פון זיין מוטער, אַריינגעטראָטען אין דער דיפּלאָמאַטישער דינסט אין פּעטערבורג, וואו ער איז באַפריינדעט געוואָרן מיט די דעקאַבריסטען טשאַאַדיעוו (ז. קאַפּ. 8), רילעיעוו און אָדאָיעווסקי (ז. קאַפּ. 1 און 2).

צוליב אַ דועל, אין וועלכען גריבאָיעדאָוו האָט אַן אַנטייל גענומען אַלס סעקונדאַנט, איז דער צוקונפטיגער דראַמאַטורג דער־ווייטערט געוואָרן פון פּעטערבורג. זיין מוטער האָט עקשנות'דיג געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם אַוועקשיקען פון דער הויפּט־שטאָט אַזוי ווייט, ווי מעגליך, און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט קיין טעהעראַן. ער האָט פיל אַרומגערייזט אין פּערסיע, און צוליב זיין וואונדערבאַר־טעטיגער און לעבעדיגער נאַטור, האָט ער געשעפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער דיפּלאָמאַטישער אַרבייט פון דער רוסי־שער אַמבאַסאַדע. שפּעטער, זייענדיג אין טיפליס, אַלס סעקרע־טאַר פון דעם קאַווקאַזער „נאַמעסטניק", האָט ער זיך פיל באַשעפ־טיגט מיט דיפּלאָמאַטישער אַרבייט, אָבער אין דער זעלביגער צייט האָט ער אויך געאַרבייט איבער זיין קאָמעדיע, און אין'ם יאָר

1824 האָט ער זי פאַרענדיגט, אינ'ם משך פון די עטליכע אורלויב־חדשים, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין צענטראַל־רוסלאַנד. צוליב אַ צופאַל איז דער מאַנוסקריפּט פון „די צרה פון צופיל שכל" באַקאַנט געוואָרען צו עטליכע פון זיינע פריינט, און די קאָמעדיע האָט צווישען זיי געמאַכט אַ גוואַלטיגע סענסאַציע. אין עטליכע חדשים אַרום איז די דראַמע ווייט און ברייט באַקאַנט געוואָרען דורך געשריבענע קאָפּיעס און האָט אַרויסגערופען אַ שטורם פון אַנטריסטונג צווישען דעם אַלטען דור, און די גרעסטע באַוואונדערונג צווישען דעם יונגען דור. אַלע אָנשטרענגונגען צו שטעלען זי אויף דער בינע, אָדער אפילו שפּילען זי פּריוואַט, האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנים, צוליב דער צענזור. גריבאָיעדאָוו האָט זיך צוריק אומגעקערט קיין קאַווקאַז און האָט זיין דראַמע ניט געזעהן שפּילען אין קיין טעאַטער.

אין טיפליס האָט מען איהם אַרעסטירט, אין עטליכע טעג אַרום נאָך דעם פּערצענטען דעצעמבער, 1825 (ז. קאַפּ. 1) און שנעל אָפּגעשיקט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, וואו עס האָבען זיך שוין געפונען זיינע בעסטע פריינט. איינער פון די דעקאַבריסטען דערצעהלט אין זיינע מעמוארען, אַז אפילו אין דער טרויעריגער סביבה פון דער פעסטונג האָט גריבאָיעדאָוו ניט פאַרלאָרען זיין געוואוינליכע מונטערקייט. ער פלעגט דורך קלעפּ אין די ווענט דערצעהלען זיינע אומגליקליכע פריינט אַזעלכע לוסטיגע מעשיות, אַז זיי פלעגען זיך האַלטען ביי די זייטען און זיך קאַטשען אויף די בעטלאָך פון געלעכטער.

אין יוני, 1826, האָט מען איהם באַפריייט און צוריקגעשיקט קיין טיפליס. אָבער נאָך דער הינריכטונג פון פינף דעקאַבריסטען — רילעיעוו איז געווען איינער פון זיי — און נאָך דעם ווי אַלע איבעריגע זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו קאַטאָרגע אויף זייער גאַנצען לעבען, האָט זיך פון גריבאָיעדאָוו'ן אויף שטענדיג אָפּגעטאָן זיין אַלטע פרעהליכקייט. אין טיפליס האָט ער זעהר אָנגעשטרענגט געאַרבייט צו פאַרשפּרייטען די זאָמען פון אַ בעסערער ציוויליזאַציע אין דער ניי־באַזיגטער טעריטאָריע; אָבער אין דעם קומענדיגען יאָר האָט ער געמוזט נעמען אַן אַנטייל אין דעם קריג פון 1827—1828 קעגען פּערסיע. ער האָט באַגלייט די אַרמיי אַלס דיפּלאָמאַטישער אַגענט, און נאָך דער גוואַלדיגער מפּלה פון דעם שאַך,

אבאַס־מורזאַ, איז אויף גריבאָיעדאָוו׳ס גורל אויסגעפאַלען צו שליסען דעם באַוואוסטען טורקמאַנטשאַיער שלום־אָפּמאַך, לויט וועלכען רוסלאַנד האָט אַריינגעקראָגען רייכע פּראָווינצען פון פּער־סיע און געוואונען אַן אומגעהייערן איינפלוס אויף איהרע אינער־ליכע אַנגעלעגענהייטען. נאָך אַ קורצען וויזיט אין פּעטערבורג, האָט מען גריבאָיעדאָוו׳ן ווידער אַוועקגעשיקט קיין טעהעראַן — דאָס איצטיגע מאָל שוין ווי אַן אַמבאַסאַדאָר. איידער ער איז אָפּגעפאָרן, האָט ער אין טיפליס חתונה געהאַט מיט אַ גרוזינישער פּרינצעסין, אַ מערקווירדיגע שעהנהייט, אָבער, נאָך איידער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג קיין פּערסיע, האָט ער געפילט, אַז צוריק קיין לעבעדיגער וועט ער שוין ניט קומען: „אבאַס־מירזאַ״, האָט ער געשריבען, „וועט מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין דעם טורקמאַנט־טשאַיער שלום־אָפּמאַך״ — און אַזוי איז טאַקע געשעהן. עטליכע חדשים נאָכדעם ווי גריבאָיעדאָוו איז געקומען קיין טעהעראַן, איז אַ המון פּערסען אָנגעפאַלען אויף דער רוסישער אַמבאַסאַדע, און גריבאָיעדאָוו איז גע׳הרג׳עט געוואָרן.

די לעצטע עטליכע יאָר פון זיין לעבען האָט גריבאָיעדאָוו ניט געהאַט קיין צייט און אויך קיין חשק ניט צו טאָן לי־טעראַרישע ארבייט. ער האָט געוואוסט, אַז די צענזור וועט איהם סיי ווי שטערן אויף יעדען טריט און שריט. אפילו „די צרה פון צופיל שכל״ איז אַזוי פאַרדאַרבען געוואָרן פון דער צענ־זור, אַז אַ סך פון די בעסטע פּלעצער פון דער קאָמעדיע האָבען פאַרלאָרן יעדען זין. פונדעסטוועגען האָט ער אָנגעשריבען אַ טראַגעדיע אין דעם ראָמאַנטישען סטיל, „אַ גרוזינישע נאַכט״, און די פון זיינע פריינט, וואָס האָבען זי אינגאַנצען איבערגעלייענט, קאָנען זיך גאָרניט אָפּלויבען פון איהרע פּאָעטישע און דראַמאַטישע מעלות; אָבער צו אונז זיינען דערגאַנגען נאָר צוויי סצענעס פון אָט־דער טראַגעדיע און איהר אַלגעמיינער פּלאַן. דער מאַנוסקריפּט פון דער „גרוזינישער נאַכט״ איז, וואַרשיינליך, פאַרלאָרן געוואָרן אין טעהעראַן.

„די צרה פון צופיל שכל״ איז אַן אומגעהייער שאַרפטיגע סאַטירע, געריכטעט קעגען דער הויכער געזעלשאַפט פון מאָסקווע, ווי זי איז געווען אין די יאָהרען 1820—1830. גריבאָיעדאָוו האָט אויסגעצייכענט געקענט אָט־די געזעלשאַפט, און ער האָט קיין

טיפּען פאַר איהר ניט געדאַרפט אויסטראַכטען. לעבעדיגע מענשען האָבען איהם געדינט אַלס יסוד פאַר אַזעלכע אומשטערבליכע טיפּען, ווי פאַמוסאָוו, דער אַלטער פּריץ, און סקאַלאָזוב, דער פאַנאַטיקער פון מיליטאַריזם, ווי אויך אַלע אַנדערע מינדער־וויכטיגע פּער־זאָנען. וואָס ס'איז שייך צו דער שפּראַך, אויף וועלכער גריבאָ־יעדאָוו'ס פּערזאָנען ריידען, איז שוין ניט איין מאָל באַמערקט געוואָרן, אַז ביז יענער צייט זיינען נאָר דריי שריפטשטעלער געווען אַזעלכע קינסטלער פון דער אמת־רוסישער רעדענס־שפּראַך: פּוש־קין, קרילאָוו און גריבאָיעדאָוו. שפּעטער האָט מען צו אָט־די דריי געקאָנט צושטעלען אויך אָסטראָווסקי'ן. דאָס איז די אמת'ע מאָסקווער שפּראַך. אויסער דעם, איז די קאָמעדיע אָנגעפּיקעוועט מיט אַזעלכע מערקווירדיגע סאַטירישע פּערזען, אַז אַ סך פון זיי זיינען געוואָרן שפּריכווערטער, באַוואוסט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

צו דער אידעע פון דער קאָמעדיע האָט ער געמוזט קומען דורך מאָליער'ס „דער מיזאַנטראָפּ", און דער העלד, טשאַצקי, האָט זיכער אַ סך אַלגעמיינעס מיט אַלצעסטע'ן. אָבער טשאַצקי איז אין דער זעלביגער צייט אַן אָפּשפּיגלונג פון גריבאָיעדאָוו'ן גופא, און זיינע שניידענדיגע סאַרקאַזמען, זיינען די סאַרקאַזמען, וואָס גריבאָיעדאָוו האָט געשליידערט אין פּנים זיינע מאָסקווער באַ־קאַנטע. אין דעם זין איז „די צרה פון צופיל שכל" אַ טיף־רוסיש ווערק. אויסער דעם, זיינען אַלע פּערזאָנען אַזוי ריכטיג געשילדערט, זיי שטעלען אַזוי גוט פאָר דעם מאָסקווער אַדעל, אַז אַ חוץ דעם לייטענדען מאָטיוו איז די קאָמעדיע פולשטענדיג אַן אָריגינעלע און דורכאויס אַ רוסישע שאַפונג.

טשאַצקי איז אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך ניט לאַנג צוריק אומגעקערט פון אַ לאַנגער רייזע קיין אויסלאַנד, און איילט זיך צו באַזוכען דאָס הויז פון אַן אַלטען העה, פאַמוסאָוו, וועמענס טאָכטער, סאָפיע, איז געווען טשאַצקי'ס חבר'טע אין זיינע קינדער יאָהרען, און איז איצט אין איהר פאַרליבט. אָבער סאָפיע, דער אָביעקט פון זיין פאַרגעטערונג, האָט זיך פאַר דער צייט פון זיין אָפּוועזענהייט דערוויייל באַקאַנט מיט איהר פאָטער'ס סעק־רעטאַר — מיט דעם נישטיגען און אומסימפּאַטישען יונגענמאַן, מאָלטשאַלינ'ען, וועמענס לעבענס כללים עס זיינען: ראשית, „מעסיגקייט און פּינקטליכקייט", און צווייטענס, צופרידענשטעלען

אלעמען אין הויז, אפילו דעם וועכטער און זיין הונט, — „זאל ער אויך זיין צו מיר גוט". לויט אט־די כללים, חנפה'ט מאלטשאלין אין דער זעלביגער צייט אי די טאכטער פון דעם באלעבאס, אי די דינסט: די ערשטע, כדי צו געפינען חן אן זיין באלעבאס' הויז, און די צווייטע — ווייל זי שטעלט איהם צופרידען. טשאצקי ווערט אויפגענומען זעהר קאלט. סאפיע האט מורא פאר זיין אינטעליגענץ און פאר זיינע סארקאזמען, און איהר פאטער האט שוין פאר איהר געפונען א חתן, דעם פאלקאווניק סקאלאזוב — א הויכער און געזונטער מאן, וואס רעדט מיט א באסאווער שטים אויסשליסליך וועגען מיליטערישע ענינים, אבער ער האט א גרויס פארמעגען און וועט אין גיכען ווערן א גענעראל.

טשאצקי פיהרט זיך אויף אזוי ווי מען קאן געוועהנליך ער־ווארטען פון א פארליבטען יונגען מענשען. ער זעהט גארניט אויסער סאפיע'ן, וועמען ער פארפאלגט מיט זיין פארגעטערונג און מאכט אין איהר אנוועזענהייט גיפטיגע באמערקונגען אויפ'ן חשבון פון מאלטשאלינ'ען, און טרייבט איהר פאטער פשוט צו פארצווייפלונג מיט זיין פרייער קריטיק פון די מאסקווער מאנערן, — די גרויזאמקייט פון די אלטע פריצים, די פוסטע פראזען פון די אלטע הויף־לייט, און דערגלייכען, און אלס צו־גאב צו דעם אלעמען, צולאזט ער זיך, אויף א באל, וואס פאמוסאוו גיט דעם זעלביגען אווענט, מיט לאנגע מאנאלאגען קעגען דער פארגעטערונג, וואס די מאסקווער פרויען פילען פאר אלץ, וואס שמעקט פראנצויזיש. סאפיע, וואס פיהלט זיך באַ־לייריגט פון זיינע באמערקונגען וועגען מאלטשאלינ'ען, צאלט איהם אפ דערמיט, וואס זי צושפרייט א קלאנג, אז טשאצקי איז ניט ביים פולען זינען. א קלאנג, וואס ווערט גערן אויפגעכאפט פון דער נעזעלשאפט אויפ'ן באל, און ווערט פארשפרייט מיט דער שנעלינקייט פון א בליץ.

אין רוסלאנד האט מען אפט געזאגט, אז די סאטירישע באמער־קונגען פון טשאצקי'ן אויפ'ן באל קעגען אזעלכע קלייניגקייטען, ווי די פארגעטערונג פון אויסלענדער, זיינען זעהר איבערפלעסיג און קערן זיך כלל ניט אן צום ענין, אבער עס איז מער ווי ווארשיינליך, אז גריבאיעדאוו האט זיך באגרעניצט מיט אזעלכע אומשולדיגע באמערקונגען, ווייל ער האט געוואוסט, אז די צענזור וועט קיין

אַנדערע ניט דורכלאָזען; ער האָט געהאָפט, לכל הפחות, אַז אַט־די באַמערקונגען וועלען ניט אויסגעמעקט ווערן פון דעם צע.זאַר'ס רויטען טינט. דערפון, וואָס טשאַצקי האָט גערעדט אויפ'ן פרימאָר־גען־באַזוך ביי פאַמוסאָוו'ן און פון די געשפּרעכען פון די אַנדערע פּערזאָנען, קאָן מען זעהן, אַז גריבאָיעדאָוו האָט געוועזן געקאָנט אַריינלעגען אין מויל פון זיין העלד אַ סך ערנסטערע קריטישע באַמערקונגען, ווען די צענזור וואָלט איהם נאָר ניט געשטערט.

בכלל איז די לאַגע פון אַ רוסישען סאַטירישען שריפטשטע־לער, אין פאַרגלייך מיט אַן אויסלענדישען, ניט אַזאַ געהויבענע. ווען מאָליער גיט אַ סאַטירישע באַשרייבונג פון דער פאַריזער גע־זעלשאַפט, איז די סאַטירע ניט פרעמד צו די לעזער פון אַנדערע פעלקער: אַלע ווייסען מיר עטוואָס וועגען דעם פאַריזער לעבען; אָבער ווען גריבאָיעדאָוו באַשרייבט די מאָסקווער גע־זעלשאַפט אין דעם זעלביגען סאַטירישען גייסט און רעפּראָדוצירט אַזוי גוט ניט נאָר אַלגעמיין רוסישע, נאָר ריין־מאָסקווער טיפּען („אויף אַלע מאָסקווער ליגט עפּעס אַ באַזונדער שטעמפּעל", זאָגט ער) — זיינען זיי פאַר דעם מערב־אייראָפּעער אַזוי פרעמד, אַז דער איבערזעצער מוז אַליין זיין אַ האַלבער רוס און אַ דיכטער, כדי צו איבערזעצען גריבאָיעדאָוו'ס קאָמעדיע אין אַן אַנדער שפּראַך. ווען אַזאַ איבערזעצונג וואָלט געמאַכט געוואָרן, בין איך זיכער, אַז אַט־די קאָמעדיע וואָלט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג אויף דער מערב־אייראָפּעאישער בינע. אין רוסלאַנד האָט מען זי גע־האַלטען אין איין שפּילען ביז דעם היינטיגען טאָג, און ניט גע־קוקט דאַרויף, וואָס עס איז שוין אַריבער זיבעציג יאָר זינט זי איז ערשינען, האָט זי נאָך ניט אָנגעוואָרן איהר אינטערעס און איהר צוציהונגס־קראַפט.

## די מאָסקווער בינע.

אין די פערציגער יאָרן פון דעם נייצענטען יאָרהונדערט, פלעגט מען זיך צום טעאַטער אומעטום באַציהען מיט גרויס דרך־ארץ, און אין רוסלאַנד — נאָך מער, ווי אין אַנדערע לענדער. די איטאַליענישע אָפּערע האָט נאָך דעמאָלט אין פּעטערבורג ניט דערגרייכט איהר אַנטוויקלונג, צו וועלכער זי איז געקומען מיט

צוואַנציג יאָר שפּעטער, און די רוסישע אָפּערע, צו וועלכער די דירעקטאָרען פון די קייזערליכע טעאַטערן פלעגען זיך באַציהען, ווי צו אַ שטיף־טאָכטער, האָט ניט באַזעסען קיין צוציהונגס־קראַפט. אָבער די דראַמע, און צייטענווייז דער באַלעט, ווען אויף דעם טעאַטראַלישען האָריזאָנט פלעגט זיך באַווייזען אַזאַ שטערן, ווי פעני עלסלער, האָבען צוגעצויגען די בעסטע עלעמענטען פון דער געבילדעטער געזעלשאַפט און ארויסגערופען אַנטציקונג ביי דער יוגענט פון אַלע קלאַסען, איינשליסענדיג די סטודענטען פון דעם אוניווערזיטעט. אויף דער דראַמאַטישער בינע האָט מען געקוקט — ריידענדיג אין דעם סטיל פון יענע יאָרען — ווי אויף אַ „טעמפּעל פון קונסט", ווי אויף אַ צענטער פון אַ ווייט־גרייכענדיגען איינפלוס. וואָס ס'איז שייך צו די אַקטיאָרן און צו די אַקטריסעס, האָבען זיי אַליין אין יענע יאָהרען מיט אַלע כחות גע־זוכט ניט נאָר ארויסצוברענגען די כאַראַקטערן, וואָס די דראַמאַ־טורגען האָבען געשאַפען, נאָר, אויך מיטשאַפען און ארויסברענגען די אמת'דיגע פערזאָניפיקאַציע פון דעם כאַראַקטער, ווי, למשל, קרוקשאַנק, אין זיינע אילוסטראַציעס צו דיקענס'עס ראָמאַנען.

אָט־די קעגענזייטיגע אינטעלעקטועלע ווירקונג צווישען דער בינע און דער געזעלשאַפט האָט זיך ספּעציעל באַמערקט אין מאָסקווע, און דאָ האָט זיך טאַקע צוליב דעם אַנטוויקעלט אַ העכערער באַגריף פון דער דראַמאַטישער קונסט. די פאַרבינדונג, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישען גאָגאָל'ן און די אַקטיאָרן, וועלכע האָבען געשפּילט זיין „רעוויזאָר" און ספּעציעל צווישען איהם און שטשעפּקינ'ען. דער איינפלוס פון די ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע קרייזלאַך, וואָס האָבען זיך דעמאָלט גרופּירט אין מאָסקווע; די אינטעליגענטע קריטישע אָפּשאַצונג פון זייער ארבייט, וואָס די אַקטיאָרן האָבען געפונען אין דער פרעסע — אָט־די אַלע אומשטענדען האָבען מיטגעהאָלפען צו שאַפען פון דעם מאָסקווער קליינעם טעאַטער דאָס וויגעלע פון דער העכערער דראַמאַטישער קונסט. בעת פּעטערבורג האָט געשטיצט די אַזוי־גערופענע „פראַנצויזישע שול" פון טעאַטער־שפּיל — די דעקלאַמאַטאָרישע און אומנאַטירליך־ראַפינירטע — האָט די מאָסקווער בינע דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון פאָלקאָמענהייט אין דער אַנטוויקלונג פון דער נאַטוראַליסטישער שול. איך האָב דאָ אין

זין יענע שול, פון וועלכער דוזע איז איצט די גרויסע פארשטעהערין, און א דאנק וועלכער לענא אשוועל האט געמאכט אזא גרויסען ערפאלג אין „תחית המתים״; דאס איז די שול, אין וועלכער דער אקטיאר צושיידט זיך מיט דער רוטינע פון דער קאנווענציאנעלער בינע־טראדיציע און רופט ארויס אין זיינע צושויער די טיפסטע עמאציעס דורך דער טיפעניש פון זיין אייגענעם געפיל און דורך דעם נאטירליכען אמת און איינפאכקייט פון אויסדרוק — די שול, וואס פארנעמט דעם זעלביגען פלאץ אויף דער בינע, וואס טורגעניעוו׳ס און טאלסטאי׳ס רעאליזם פארנעמט אין דער ליטעראטור.

אין די פערציגער און אין דעם אנפאנג פון די פופציגער יארן האט אט־די שול דערגרייכט איהר העכסטע פולקאמענהייט אין מאסקווע און האט פארמאגט צווישען איהרע רייען אזעלכע ערשטקלאסיגע אקטיארן און אקטריסעס, ווי טשעפקין, — דער געניאלער אקטיאר, די אמת׳ע נשמה פון דער בינע, — מאטשאלאוו, סאדאווסקי, ס. וואסיליעוו און מאדאם ניקולינא־קאסיצקאיא, ארומגערינגעלט פון א גאנצער פלעדע פון אויסגעצייכענטע צווייטקלאסיגע מיטהעלפער. זייער רעפערטואר איז ניט געווען זעהר רייך; אבער גאגאל׳ס צוויי קאמעדיעס („רעוויזאר״ און „די הייראט״), צייטענווייז גריבאיעדאוו׳ס גרויסע סאטירע; א קאמעדיע פון סוכאווא־קאבילין, „די חתונה פון קרעסטשינסקי׳ן״, וואס האט געגעבען זעלטענע מעגליכקייטען צו ארויסצייגען די בעסטע מעלות פון די אויבענדערמאנטע קינסטלער; אפטמאל שעקספיר׳ס א דראמע*), גענוג מעלאדראמעס, באארבייט פון פראנצויזישען, און וואדעווילען, וועלכע זיינען גיכער ענליך געווען צו לייכטע קאמעדיע, ווי צו א פארס, — דאס איז געווען די שטענדיגע פארשידענארטיגקייט אין דעם רעפערטואר פון דעם קליינעם טעאטער. אייניגע פיעסען זיינען אויפגעפיהרט געווארן מיט דעם העכסטען גראד פון פולקאמענהייט — פאראייניגענדיג דעם אנסאמבל און די באגייסטערונג, וואס כאראקטעריזירן דעם אדעאן מיט יענער

*) שעקספיר איז אלעמאל געוועזן זעהר באליבט אין רוסלאנד; זיינע דראמעס פאדערן אבער א געוויסע רייכע סצענען־אויסשטאטונג, און דאס האט דער קליינער טעאטער ניט אלעמאל געקאנט באהויפטען.

איינפאכקייט און נאטירליכקייט, וועגן וועלכער מיר האָבען שוין אויבען גערעדט.

די געגענזייטיגע ווירקונג, וואָס די בינע און די דראמאַ־טורגען האָבען אויסגעאיבט איינס אויפ׳ן אנדערן האָט מען אמבעס־טען געקאָנט זעהן אין מאָסקווע. אייניגע דראמאטורגען האָבען ספּע־ציעל געשריבען פאר אַט־דער בינע — ניט כדי די אָדער יענע אקטריסע זאָל מיט איהר ראָלע פארטונקלען אלע איבעריגע, ווי עס פּאַסירט היינטיגע צייטען אין יענע טעאַטערן, וואו מען שפּילט איינע און די זעלבינע פּיעסע גאנצע חדשים, נאָר פאר אַ ט ־ ד ע ר בינע און פאר אלע איהרע אקטיאָרן.

אָסטראָווסקי (1823—1886) איז געווען איינער פון די דראמאַ־טורגען, וואָס האָט אם בעסטען באגריפען אַט־די געגענזייטיגע שייכות צווישען דעם דראמען־שרייבער און דער בינע, און צוליב דעם האָט ער פארנומען אויף דעם געביט פון דראמע דאָס זעלביגע פּלאַץ וואָס טורגעניעוו און טאָלסטאָי פארנעמען אויף דעם געביט פון דער רוסישער נאָוועלע.

## אָסטראָווסקי: „ארעמקייט איז ניט קיין פארברעך“.

אָסטראָווסקי איז געבאָרן געוואָרן אין מאָסקווע אין דער פאמיליע פון אן אָרימען גלח, און, ווי די מערסטע יונגע לייט פון זיין דור, איז ער צו זיבעצען יאָר געוואָרן אן ענטוזיאסטישער באַ־זוכער פון דעם מאָסקווער טעאטער. שוין אין אַט־דעם עלטער, דערצעהלען אונז זיינע ביאָגראפען, זיינען די באליבטעסטע גע־שפּרעכען זיינע מיט די חברים געווען וועגען דעם טעאטער. ער איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט, אָבער שוין אויפ׳ן צווייטען יאָר איז ער געצוואונגען געוואָרן איהם צו פארלאָזען, צוליב אַ קריג מיט איינעם פון די פּראָפעסאָרן, און ער איז געוואָרן אַ שרייבער אין אַ קאַנצעליאַריע פון דעם מאָסקווער קאָמערציעלען געריכט־הויז. דאָ האָט ער געהאַט די בעסטע געלעגענהייטען זיך צו באקענען מיט דער וועלט פון די מאָסקווער סוחרים, — אַ גאנץ אָפּגעזונדערטער קלאַס, וואָס איז פארבליבען אין זיין אָפּגעזונדערטקייט דער טרעגער פון די טראַדיציעס פון דעם אלטען רוסלאַנד. פון אַט־דעם קלאַס טאַקע האָט אָסטראָווסקי גענומען

כמעט אַלע זיינע טיפּען פון זיינע ערשטע און בעסטע דראַמעס. ערשט שפּעטער האָט ער אויסגעברייטערט דעם קרייז פון זיינע באַאָבאַכטונגען און אריינגענומען פאַרשידענע קלאַסען פון דער געבילדעטער געזעלשאַפט.

זיין ערשטע קאָמעדיע, „אַ בילד פון פאַמיליען־גליק", איז אָנגעשריבען געוואָרן אין דעם יאָר 1847, און דריי יאָר שפּעטער איז ערשינען זיין ערשטע דראַמע „אייגענע מענשען — וועלען מיר שוין אַליין דורכקומען", אָדער „דער באַנקראָט", וואָס האָט איהם גלייך געשאַפען די רעפּוטאַציע פון אַ גרויסען דראַמאַטישען שריפטשטעלער. זי איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ זשורנאַל און איז שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד (דער אַקטיאָר סאַדאָווסקי און טאַקע דער פאַרפאַסער גופא — אַן אויסגעצייכענ־טער פאָרלעזער און אַקטיאָר — האָבען זי ניט איין מאָל פאָרגע־לייענט אין פאַרשידענע מאָסקווער הייזער), מען האָט זי אָבער ניט ערלויבט צו שפּילען אויף דער בינע. די מאָסקווער סוחרים האָבען זיך געפילט באַליידיגט דורך אָט־דער פּיעסע און האָבען זיך באַ־קלאַגט פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטען אויף איהר פאַרפאַסער, און אָסטראָווסקי'ן האָט מען אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע און געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט אַלס פּאָליטיש־„פאַרדעכטיגטען". ערשט מיט יאָרן שפּעטער, פיר יאָר נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז ארויף אויף'ן פאָטער'ס טראָן, ד. ה. אינ'ם יאָר 1860, האָט מען ערלויבט צו שפּילען אָט־די דראַמע אויף דער מאָסקווער בינע, און אפילו דעמאָלט האָט די צענזור געפאָדערט אריינצופיהרן צום סוף פון דער דראַמע אַ פּאָליציי־באַאַמטען פאַרצושטעלען דעם נצחון פון גערעכטיגקייט איבער דער פאַרדאָרבענהייט פון דעם באַנקראָטירטען.

אין די יאָהרן 1853 און 1854 האָט אָסטראָווסקי געשאַפען צוויי אויסגעצייכענטע דראַמעס: „זעץ דיך ניט אין אַ פרעמ־דען שליטען" און „אָרעמקייט איז ניט קיין פאַרברעך". דער סיוזשעט פון דער ערשטער איז ניט געווען קיין נייער: אַ מיידעל פון אַ סוחר'ישער פאַמיליע אַנטלויפט מיט אַן אדעלמאַן, וועלכער פאַרלאָזט איהר און באַליידיגט זי, ווען ער ווערט געוואָר, אַז זי וועט ביים פאָטער ניט אויסבעטען קיין מחילה און ניט קיין געלט. אָבער אָט־דער פאַרעלטערטער סיוזשעט איז באַהאַנדעלט געוואָרן

מיט אַזאַ פרישקייט, און די כאַראַקטערן זיינען געשילדערט געוואָרן אין אַזעלכע גוט צוגעקליבענע פּאָזיציעס, אַז לויט איהרע ליטעראַרישע און טעאַטראַלישע מעלות איז די דראַמע איינע פון די בעסטע, וואָס אָסטראָווסקי האָט געשריבען. וואָס ס'איז שייך צו „אָרעמקייט איז ניט קיין פארברעך", האָט זי געמאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק איבער גאַנץ רוסלאַנד. מיר זעהען דאָרט פאַר זיך אַ פאַמיליע פון דעם אַלטען טיפּ, וואָס איהר הויפּט איז אַ רייכער סוחר, — אַ מאַן, וואָס וויל אויף יעדען ארויפצווינגען זיין ווילען און ווייסט ניט פון קיין אַנדער באַגריף אין לעבען. אויסערליך אָבער האַלט ער פון „ציוויליזאַציע", — דאָס הייסט, פון דער רעסטאָראַן-ציוויליזאַציע: ער קליידט זיך לויט דער מאָדע פון מערב-איירופּא און ביי זיך אין הויז פיהרט ער זיך אויף דעם מערב-אייראָפּעאישען מאַניר—וועניגסטענס אין דער אַנוועזענהייט פון זיינע באַקאַנטע, וואָס ער קריגט אין די עלעגאַנטע רעסטאָראַנען. פונדעסטוועגען באַהאַנדעלט ער זיין ווייב ווי אַ שקלאַף, און זיין הויז-געזינד ציטערט פאַר זיין קול. ער האָט אַ טאָכטער, וואָס איז פארליבט אין איינעם פון איהר פאָטער'ס אָנגעשטעלטע, אין מיטיאַ'ן, וועלכער האָט זי אויך ליב. מיטיאַ איז זעהר אַ שטילער און אָרענטליכער יונגערמאַן, און די מוטער איז זעהר גערן, איהר טאָכטער זאָל מיט איהם חתונה האָבען; איהר פאָטער אָבער האָט זיך באַקענט מיט אַ גאַנץ רייכען, נאָר באַיאָהרענטען מאַן, מיט דעם פאַבריקאַנט קאָרשונאָוו, וועלכער קליידט זיך לויט דער לעצטער מאָדע, טרינקט שאַמפּאַניער אָנשטאָט בראַנפען, און שפּילט צווישען די מאָסקווער סוחרים די ראָלע פון אַן אויטאָריטעט אין פראַגען פון מאָדע און „איידעלער אויפפיהרונג". מיט אָט-דעם מאַן מוז דאָס מיידעל חתונה האָבען. זי ווערט אָבער געראַטעוועט דורך דער אריינמישונג פון איהר פעטער, לובים טאָרצאָוו. לובים איז אַמאָל אַזוי רייך געווען ווי זיין ברודער, ער איז אָבער ניט געווען צופרידען מיט דעם אומעטיגען פיליסטערישען לעבען פון זיין סביבה, און אַזוי ווי קיין אויסוועג דערפון האָט ער ניט געפונען, האָט ער אָנגעפאַנגען שיכור'ן, און טאַקע אָהן אַ מאָס, ווי מענשען פּלעגען אַמאָליגע צייטען שיכור'ן אין מאָסקווע. זיין רייכער ברודער און קאָרשונאָוו האָבען איהם געהאָלפען זיך צו באַפרייען פון זיין פאַרמעגען, און איצטער, אין אַ צוריסענעם מאַנ-

טעל, בלאָנקעט לובים אַרום צווישען די שענקלאַך פון דעם נידע־ריגסטען סאָרט און מאַכט זיך צום נאַר פאַר א גלאָז בראַנפען. אָהן א גראָשען ביי דער נשמה, אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, איבער־געפרוירן און הונגעריג, קומט ער אריין צום יונגען אָנגעשטעלטען, צו מיטיא׳ן, אין צימער און בעט ביי איהם די דער״לויבניש דאָרטען איבערצונעכטיגען.

די האַנדלונג פון דער דראַמע קומט פאָר אַרום ווייַנאַכטען, און דאָס גיט אָסטראָווסקי׳ן א געלעגענהייט אַריינצופיהרן אַלערליי לידער און ווייַנאַכטען-מאַסקאַראַדען לויט דעם אמת־רוסישען סטיל. אין סאַמע ברען פון אָט־דער פרעהליכקייט, וואָס קומט פאָר אין טאָרצאָוו׳ס אָפּוועזענהייט פון זיין הויז, קומט ער אריין מיט דעם חתן, מיט קאָרשונאָוו׳ן. אָט־די אַלע „וואולגאַרע" פאַר־געניגענס מוזען, פאַרשטעהט זיך, גלייך אויפהערן, און דער פאָ־טער, פול מיט אכטונג צו זיין „ציוויליזירטען" פריינד, באַפעהלט דער טאָכטער צו חתונה האָבען מיט דעם חתן, וועלכען איהר פאָ־טער האָט פאַר איהר אויסגעקליבען. די טרערען פון דער מיידעל און פון איהר מוטער העלפען ניט: דער באַפעהל פון דעם פאָטער מוז אויסגעפיהרט ווערן. נאָר אין אָט־דער צייט קומט אריין לובים טאָרצאָוו אין זיינע שמאַטעס און מיט זיין געוועהנליכער לוסטיגקייט — שוידערליך אין זיין געזונקענהייט, אָבער דאָך א מענש. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען דעם שרעק פון זיין ברו־דער, און לובים טאָרצאָוו, וואָס האָט זיך אויף זיינע וואַנדערונגען באַקאַנט מיט קאָרשונאָוו׳ס פאַרגאַנגענהייט און ווייסט אויך וועגען זיין ברודער׳ס אַבזיכט, פאַנגט אָן פאָרצושטעלען פאַר דעם גאַנצען עולם מיט געסט דעם צוקונפטיגען חתן. ער דעקט פאַר אַלעמען אויף, וואָס פאַר א שווינדלער ער איז, און ווי ער האָט צום טויט פאַרמוטשעט זיין ערשטע פרוי... קאָרשונאָוו באַליידיגט זיך און פאַרלאָזט א ברוגז׳ער דאָס הויז, און לובים ווייזט אָן דעם ברודער, וואָס פאַר א פאַרברעך ער וואָלט באַגאַנגען, ווען ער מאַכט חתונה זיין טאָכטער מיט אַזא שווינדלער. מען טרייבט איהם אַרויס פון צימער, נאָר ער שטעלט זיך צוועק אויף די קני פאַר׳ן ברודער און בעט איהם: „ברודער, מאַך חתונה דיין טאָכטער מיט מיטיא׳ן — ער וועט מיר כאָטש געבען א ווינקעלע אין זיין הויז. איך האָב שוין גענוג געליטען הונגער און קעלט. מיינע יאָהרן געהען אוועק,

און עס ווערט פאַר מיר שווערער פון טאָג צו טאָג צו פאַיאַצעווען אויפ׳ן פּראָסט צוליב אַ שטיקעל ברויט. מיטיא וועט מיר לאָזען אָרענטליך אויסלעבען מיינע יאָהרן". די מוטער און די טאָכטער שטעהען צו צום געבעט פונ׳ם פעטער, און דער פאָטער, באַליידיגט פון קאָרשונאָוו׳ס פּרעכהייט, שטימט איין, אַז מיטיא זאָל חתונה האָבען מיט זיין טאָכטער, און זאָגט: „נו, ברודער, אַ דאַנק, וואָס דו האָסט מיך צום זין געבראַכט, אַ־ניט וואָלט איך זיך גאָר געווען אויסגעגליטשט. איך ווייס גאָר ניט, ווי עס איז מיר איינגעפאַלען אַזאַ נאַרישע פאַנטאַזיע. נו, קינדער, דאַנקט דעם פעטער לובים קאַרפּיטש, און לעבט גליקליך".

די דראַמע פאַרענדיגט זיך גוט, אָבער די צושויער פיהלען, אַז זי וואָלט זיך פונקט אַזוי געקאָנט ענדיגען שלעכט. דעם פאָטער׳ס קאַפּריז וואָלט זיך געקאָנט ענדיגען מיט אַ לעבענס-לאַנגען אומגליק פאַר דער טאָכטער, ווי עס פּאַסירט טאַקע מעהרסטענס אין עהנליכע פאַלען.

ווי גריבאָיעדאָוו׳ס קאָמעדיע, ווי גאָנטשאַראָוו׳ס „אָבלאָמאָוו" און ווי אַ סך אַנדערע גוטע ווערק אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט אָט־די דראַמע אַזאַ טיפּיש־רוסישען אונטערשלאַק, אַז מען קאָן פאַרזעהן איהר ברייטע אַלגעמיין־מענשליכע באַדייטונג. די קאָמעדיע, דוכט זיך, איז אַ טיפּיש-מאָסקווער, אָבער ענדערט די נעמען און די מאַנירען, ענדערט עטליכע דעטאַלען, טראָגט איבער די האַנדלונג אין אַ העכערן אָדער נידעריגען קלאַס פון דער געזעלשאַפט, שטעלט אַוועק אַנשטאָט דעם שיכור לובים טאָרצאָוו, אַן אָרימען קרוב אָדער אַן אָרענטליכען פריינט, וואָס האָט נאָך אויפגעהיט זיין געזונטען פאַרשטאַנד — און אָט־די דראַמע קאָן אָנגעווענדעט ווערן צו יעדען פאָלק, צו יעדען קלאַס פון דער געזעלשאַפט. זי איז טיף־מענשליך. אָט דערפאַר טאַקע האָט זי געהאַט אַזאַ אומגעהייערן ערפאָלג און איז אַזוי באַליבט געווען אויף דער רוסישער ביהנע אין דעם משך פון די לעצטע פופציג יאָהר. איך רעד, פאַרשטעהט זיך, ניט פון דער נאַריש-איבערטריבענער באַגייסטערונג, מיט וועלכער זי איז אויפגענומען געוואָרן פון די אַזוי־גערופענע נאַציאָנאַליסטען און ספּעציעל פון די סלאַוויאַנאָפילען, וואָס האָבען אין לובים טאָרצאָוו׳ן געזעהן די פּערזאָניפיקאַציע פון דער אמת־רוסישער נשמה, וואָס אפילו אין איהר געזונקענהייט

שיינט זי מיט טוגענדען, צו וועלכע דער צופוילטער „מערב" וועט קיינמאָל ניט גרייכען. די מעהר פאַרשטענדיגע רוסען זיינען אַזוי ווייט ניט פאַרגאַנגען; אָבער זיי האָבען פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ מאַסע וואונדערבאַרע באָאָבאַכטונגען, געשעפּט פון דעם ווירקליכען לעבען, אַט־די דראַמע און די אַנדערע ווערק פון אָסטראָווסקי'ן האָבען פאָרגעשטעלט. דער לייטענדער זשורנאַל פון יענער צייט איז געווען דער „סאָוורעמעניק", און דער הויפּט-קריטיקער פון אַט־דעם זשורנאַל, דאָבראָליובאָוו, האָט דאָרטען געווידמעט צוויי לאַנגע אַרטיקלען צום אַנאַליז פון אָסטראָווסקי'ס ווערק, אונטער דעם באַדייטענדיגען קעפּעל: „די קעניגרייך פון פינסטערניש"; דאָבראָליובאָוו'ס איבערבליק אויף דער גאַנצער פינסטערניש, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דעם רוסישען לעבען, ווי זי ווערט געשילדערט דורך אָסטראָווסקי'ן, איז געווען אַ מעכטיגער שטויס פאָרווערטס צו דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער יוגענט.

## „דער שטורם".

איינע פון אָסטראָווסקי'ס בעסטע דראַמעס איז „דער שטורם" (איבערזעצט אין ענגליש פון מאַדאַם קאָנסטאַנץ גאַרנעט). די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ קליין פּראָווינציעל שטעדטעל, ערגעץ אַרום דעם העכערן טייל פון דער וואָלגאַ, וואו די מאַנירען פון דעם אָרטיגען סוחרים-קלאַס האָבען נאָך אויפגעהיט דעם שטעמפּעל פון פּרימיטיווער ווילדקייט. דאָרטען וואוינט, למשל, אַן אַלטער סוחר דיקאָי, זעהר געאַכטעט פון די איינוואוינער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ספּעציעלען טיפּ פון טיראַנען, וועלכע אָסטראָווסקי האָט אַזוי אויסגעצייכענט געשילדערט. ווען דיקאָי דאַרף באַצאָהלען עפּעס אַ חוב, פאַרפיהרט ער צוערשט אַ קריג מיט דעם בעל-חוב, הגם ער ווייסט גוט, אַז דעם חוב מוז ער אָפּצאָהלען. ער האָט אַן אַלטע פריינדין, מאַדאַם קאַבאַנאָוואַ, און ווען ער שיכור'ט זיך רעכט אָן און איז שטאַרק בייז, לאָזט ער זיך אַוועק צו איהר מיט אַ באַזוך: „איך האָב מיט דיר ניט קיין געשעפטען", זאָגט ער, „אַ־נאַר, איך בין שיכור". אַט איז אַ סצענע, וואָס עס קומט פאָר צווישען זיי:

קאבאנאווא: איך האלט זיך אין איין חידוש'ן: אזוי פיל מענשען ביי דיר אין הויז, און קיין איינער קאן דיר ניט צוטרעפען.

דיקאי: דאס איז אמת!

קאבאנאווא: נו, וואס־זשע ווילסטו פון מיר?

דיקאי: אט־וואס: רעד מיר אראפ דעם כעס פון מיין הארצען. אין דער גאנצער שטאדט ווייסטו נאר אליין ווי מיט מיר צו רעדען.

קאבאנאווא: מיט וואס־זשע האבען זיי דיך אזוי דער־צארענט?

דיקאי: נאך פון אין־דער־פריה אן.

קאבאנאווא: ווייזט אויס, זיי האבען געבעטען געלט.

דיקאי: ווי זיי וואלטען זיך אלע צוזאמענגערעדט, די פאר־שאלטענע; אט איינער, אט א צווייטער; א גאנצען טאג האל־טען זיי אין איין צושטעהן צו מיר.

קאבאנאווא: ווייזט אויס, מען דארף, אויב זיי שטעהען אזוי צו.

דיקאי: דאס פארשטעה איך; אבער וואס־זשע ווילסטו זאל איך מיט זיך טאן, אז איך האב אזא הארץ! איך וויים אליין, אז אפגעבען דארף מען, אבער מיט גוטען קאן איך דאס ניט טאן. דו ביסט מיין פריינט, און איך דארף דיר באצאהלען א חוב, און אז דו וועסט מיר קומען מאנען — וועל איך דיר גוט אפזידלען. איך וועל אפגעבען, געוויס אפגעבען, אבער איך וועל אפזידלען. דערמאנט מען מיר נאר געלט, צינדט זיך ביי מיר אן אינווענינ א פייער, און עס ברענט און עס בראט; דעמאלט, פארשטעהט זיך, זידעל איך א מענשען אומזיסט און אומנישט.

קאבאנאווא: ניטא קיין עלטערער איבער דיר מיינסטו, אז דו קאנסט טאן, וואס דו ווילסט?

דיקאי: ניין, שווייג! הער בעסער מיך אויס. אט ס'ארא זאכען עס טרעפען מיט מיר. איך האב אין דער צייט פון „פאסט" געפאסט און בין שוין געווען גרייט צו דער „פאראייינבארונג", טראגט דער רוח אן עפעס א פויערל. ער איז געקומען נאך געלט, ער האט האלץ געפיהרט. דארף דאס איהם אנטראגען אט אין אזא צייט! איך בין טאקע געקומען צו א זינד: איך האב איהם אזוי אויסגעזידעלט, אז בעסער דארף מען גאר ניט,

שיער איהם ניט געשלאָגען. אָט ס'ארא הארץ איך האָב! נאָכדעם האָב איך איהם געבעטען, ער זאָל מיר מוחל זיין, איך בין איהם געפאַלען צו די פיס. בנאמנות, איך בין איהם געפאַלען צו די פיס. אָט צו וואָס דאָס הארץ מיינס ברענגט מיך; אָט־דאָ אויפ'ן הויף, אין בלאָטע, בין איך איהם געפאַלען צו די פיס; פאַר אַלעמען אין די אויגען בין איך איהם געפאַלען צו די פיס.

קאבאנאָווא איז פונקט אַ פּאָר פאַר דיקאָי'ען. זי, קאָן זיין, איז אַ ביסעל וויינציגער פרימיטיוו, ווי איהר פריינט, אָבער איז אַ פיל מעהר טיראַנישע אונטערדריקערין. איהר זון איז פארהייראַט און האָט, מעהר אָדער וויינציגער, ליב זיין יונגע פרוי; אָבער זיין מוטער הערשעוועט אויף איהם פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ אינגעלע. די מוטער האסט, פארשטעהט זיך, דאָס יונגע ווייב, קאטערינע'ן, און אונטערדריקט זי, ווי ווייט נאָר זי קאָן, און דער מאַן באַזיצט ניט גענוג ענערגיע פאַר איהר זיך איינצושטעלען, איהר ארויסהעלפען. גליקליך פלעגט ער זיך נאָר פיהלען, ווען ער האָט זיך ארויסגעריסען פון הויז. ער וואָלט פיל־ייכט ארויסגעצייגט מעהר ליבע צו זיין ווייב, ווען זיי וואָלטען געוואוינט באַזונדער, ניט צוזאַמען מיט זיין מוטער; אָבער וואוינענדיג אין זיין מוטער'ס הויז, אונטער דער שטענדיגער טיראַנישער אויפזיכט, קוקט ער אויף זיין ווייב, ווי אויף איינע פון די אורזאכען פון זיין אונטערדריקונג. פארקערט, קאטערינא איז אַ פּאָעטיש וועזען. זי איז ערצויגען געוואָרן אין אַ זעהר גוטער פאמיליע, וואו זי האָט גענאָסען פולע פרייהייט, איידער זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם יונגען קאבאנאָוו, און איצטער פיהלט זי זיך אומגליקליך אונטער דעם יאָך פון איהר שרעקליכער שוויגער, און האָט קיינעם ניט אַ חוץ איהר מאַן, דעם שוואַכלינג, צו זאָגען אַמאָל פאַר איהר אַ גוט וואָרט. אין איהר כאַראַקטער איז פאראַן נאָך איין קליינינקער שטריך — זי האָט שרעקליך מורא פאַר אַ שטורם. אָט־דער שטריך איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די קליינע שטעדטלאַך ארום דעם אויבערשטען טייל פון דער וואָלגאַ. איך אַליין האָב געקענט גוט־געבילדעטע פרויען, וועלכע האָבען זיך איין מאָל איבערגעשראָקען פון אַזאַ פלוצים'דיגען שטורם — די דאָרטיגע שטורמס זיינען טאַקע אומגעהויער שרעקליך — און דער שרעק פאַר אַ דונער איז ביי זיי געבליבען אויפ'ן גאַנצען לעבען.

טרעפט אמאָל, אז קאטערינאַ׳ס מאַן דאַרף אָפּפאָהרן פון שטאָדט אויף צוויי וואָכען. קאטערינאַ, וועלכע פלעגט אמאָל אויפ׳ן שפּאַציר זיך טרעפען מיט א יונגען מאַן, איינעם א באָרים, דיקאָי׳ס א פּלעמעניק, און האָט באמערקט, ווי ער איז אויפמערקזאם צו איהר, האָט זיך טיילוויז אונטער דער ווירקונג פון איהר מאַנ׳ס שוועסטער — א זעהר צולאָזענע מיידעל, וועלכע פלעגט זיך ארויס׳גנב׳ענען דורכ׳ן הינטערשטען גאָרטען צו טרעפען זיך מיט איהרע געליבטע — עטליכע מאָל, אין דעם משך פון אָט־די פּאָר וואָכען, באגעגענט מיט באָרים׳ען און זיך אין איהם פארליבט. באָרים איז דער ערשטער מאנספּארשוין, נאָך איהר חתונה, וואָס באהאַנדעלט זי מיט רעספּעקט; ער אליין ליידט פון דיקאָי׳ס פארפאָלגונגען, און קאטערינאַ פיהלט צו איהם עפּעס א מין רחמנות, וואָס געהט איבער אין ליבע. אָבער באָרים איז בטבע אויך שוואַך און אומאנטשלאָסען, און ווי נאָר זיין פעטער דיקאָי באפעהלט איהם צו פארלאָזען די שטאָדט, פאָלגט ער איהם און באקלאָגט זיך אויף די „אומשטענדען", וואָס צושיידען איהם מיט קאטערינאַ׳ן. קאטערינאַ׳ס מאַן קומט צוריק אהיים, און ווען איהם, זיין ווייב און דער אלטער קאבאנאָווא פארכאַפּט א פּלוצים׳דיגער שרעקליכער שטורם אויפ׳ן שפּאַציר ביים ברעג פון וואָלגאַ, דערשרעקט זיך קאטערינאַ פאַר דעם דראָהענדיגען פּלוצים׳דיגען טויט און דערצעהלט, אין דער אנוועזענהייט פון אַן עולם, וואָס זוכט שוץ פונ׳ם שטורם אין עפּעס א ביידעל, אלץ וואָס עס האָט פּאַסירט אין דעם מאַנ׳ס אפּוועזענהייט. וואָס נאָכדעם האָט פּאַסירט, וועלען די לעזער אָט־בעסטען באגרייפען פון דער פאָלגענדיגער סצענע, וועלכע איך ציטיר דאָ. די האנדלונג פון אָט־דער סצענע קומט אויך פאָר אויף דעם הויכען ברעג פון דער וואָלגאַ. נאָכדעם ווי קאטערינאַ האָט א שטיקעל צייט ארומגעוואַנדערט אין דער פינסטערניש אויף דעם איינזאַמען ברעג, באַמערקט זי, ענדליך, באָרים׳ען און לויפט צו איהם ארויף.

**קאַטערינאַ**: ענדליך זעה איך דיך ווידער! (וויינט ביי איהם אויף דער ברוסט. פּאוזע).

**באָרים**: נו, אָט האָט אונז גאָט באשערט צוזאַמען זיך אויסוויינען.

קאטערינא: האסט מיך ניט פארגעסען?

באריס: ווי הייסט פארגעסען, וואס רעדסטו!

קאטערינא: אך, ניין, ניט דאס, ניט דאס! ביזט ניט ברוגז?

באריס: פארוואס זאל איך זיין ברוגז?

קאטערינא: נו, פארגיב מיר! אין' האב קיין בייז דיר ניט געוואלט טאן. אבער איך אליין בין ניט פריי געווען. איך האב ניט געוואוסט, וואס איך האב געזאגט, וואס איך האב גע־טאן.

באריס: גענוג. וואס דיר פאלט איין! וואס דיר פאלט איין!

קאטערינא: נו, וואס־זשע טוסטו, וואס טוסטו איצטער?

באריס: איך פאהר.

קאטערינא: וואוהין פאהרסטו?

באריס: ווייט, קאטיא, קיין סיביר.

קאטערינא: נעהם מיך מיט זיך, נעהם מיך צו פון דאנען.

באריס: איך קען ניט, קאטיא. איך פאהר ניט מיט מיין גוטען ווילען: מיין פעטער שיקט מיך, און די פערד זיינען שוין גרייט; איך האב זיך ביים פעטער אפגעבעטען נאר אויף א מינוטקעלע, כ'האב כאטש געוואלט זיך געזעגענען מיט'ן פלאץ, וואו מיר פלעגען זיך זעהן.

קאטערינא: פאהר געזונטערהייט! זארג זיך ניט פאר מיר. אין אנפאנג וועט דיר פיליכט, ארעמינקער, זיין אומע־טיג, אבער נאכדעם וועסטו פארגעסען.

באריס: וואס איז דא פאראן וועגען מיר צו ריידען! איך בין א פריי פויגעלע. וואס איז מיט דיר? און ווי איז דיין שוויגער?

קאטערינא: זי פייניגט מיך, פארשפארט מיך. אלעמען זאגט זי, אפילו מיין מאן זאגט זי: „גלויבט איהר ניט, זי איז כיטרע און פאלש". אלע געהען מיר נאך דעם גאנצען טאג און מען לאכט מיר אריין אין די אויגען. דיך ווארפט מען מיר אויף ביי יעדען ווארט.

באריס: און דיין מאן?

קאטערינא: אט איז ער צערטליך, אט איז ער אין כעס,

און שיכור'ט שטענדיג. נמאס איז ער מיר, נמאס. דאס צערט־לען זיינס איז מיר נאך ערגער פון קלעפ.

באָרים: ס'איז דיר שלעכט, קאטיא?

קאַטערינאַ: אזוי שלעכט, אזוי שלעכט, אז בעסער וואָלט שוין געווען שטארבען!

באָרים: ווער־זשע האט דאס געוואוסט, אז איבער אונ־זער ליבע וועלען מיר זיך אזוי מאטערן! עס וואָלט שוין בעסער געווען, ווען איך אנטלויף דעמאָלט!

קאַטערינאַ: אין א בייזער שעה האב איך דיך דערזעהן. כ'האב ווינציג פרייד געזעהן, אָבער צרות, וויפיל צרות! און וויפיל צרות שטעהען מיר נאך פאר! אָבער נאָכוואָס טראַכטען, וועגען דעם, וואָס עס וועט זיין! אָט האב איך דיך א־צמעו־געזעהן, דאס קענען זיי ביי מיר ניט צונעהמען; און מעהר דארף איך גאָרניט האָבען. וואָס איך האב געדארפט, איז דיך צו זעהן. איצט איז מיר פיל גרינגער געוואָרן; ווי עפּעס א בארג וואָלט פון די פּלייצעס אראָפּ. און איך האב אלץ גע־טראַכט, אז דו ביזט ברוגז אויף מיר, שעלטסט מיך...

באָרים: וואָס רעדסטו, וואָס רעדסטו!

קאַטערינאַ: ניין, איך זאָג אלץ ניט דאס, ניט דאס וואָס איך וויל זאָגען! איך האב געבענקט נאך דיר, אָט־וואָס; נו, און איצטער האב איך דיך געזעהן...

באָרים: זיי זאָלען אונז כאָטש דאָ ניט טרעפען!

קאַטערינאַ: ווארט א מינוט, ווארט! וואָס האב איך דיר געוואָלט זאָגען?! פארגעסען ווי אין טויט! איך האב עפּעס געדארפט זאָגען! אלעס פּלאָנטערט זיך מיר אין קאָפּ, קיין זאך קען איך זיך ניט דערמאָנען.

באָרים: שוין צייט פאר מיר צו געהן, קאטיא!

קאַטערינאַ: ווארט א מינוט, ווארט.

באָרים: נו, וואָס־זשע האסטו געוואָלט זאָגען?

קאַטערינאַ: אָט שוין זאָג איך דיר. (טראַכט א רגע). יאָ! פאָהרסט ארוים אויפ'ן וועג, זאָלסטו קיין בעטלער ניט דורכלאָזען, גיב יעדערן און באפויל זיי צו מתפלל זיין פאר מיין זינדיגער נשמה.

באָרים: אך, ווען אָט־די מענשען וואָלטען געוואוסט, ווי

שווער מיר איז מיט דיר זיך צו שיידען! גאָט מיינער! גאָ־טעניו, זאָל זיי אויך אמאָל אזוי זים זיין, ווי מיר איז איצטער! זיי געזונט, קאַטיא! (נעהמט זי ארום און וויל אוועקגעהן). רוצחים! אויסוואורפען! אך, וואו נעהמט מען כח!

קאַטערינאַ: ווארט, ווארט! לאָז מיך אויף דיר א קוק טאָן צום לעצטען מאָל (קוקט איהם אין די אויגען). נו, געזונג פאר מיר! איצטער, פאָהר געזונטערהייט. געה, געה גיכער!

באָרים (געהט אָפּ עטליכע טרים און שטעלט זיך אָפּ): קאַטיא, עפּעס איז דאָ ניט גוט! האָסטו גאָרנישט ניט צו־געקלערט? עס וועט מיך דעם גאנצען וועג פּייניגען, טראַכטענ־דיג וועגען דיר.

קאַטערינאַ: ניין, ניין! פאָר געזונטערהייט! (באָרים וויל צו איהר צוגעהן). מען דארף ניט, מען דארף ניט, גענוג!

באָרים (כליפּענדיג): גאָט זאָל זיין מיט דיר! איין זאך דארף מען נאָר בעטען ביי גאָט, אז זי זאָל גיכער שטארבען, זי זאָל זיך לאנג ניט מוטשען! זיי געזונט! (פארנויגט זיך).

קאַטערינאַ: פאָהר געזונט! (באָרים געהט אָפּ, קאַטערי־נאַ באַגלייט איהם מיט די אויגען און שטעהט א שטיקעל צייט פארטראַכט).

## פערטע סצענע.

קאַטערינאַ (אליין):

וואוהין זאָל איך איצטער געהן? אהיים? ניין, אהיים און אין קבר איז מיר אלץ איינס. יאָ, אהיים אָדער אין קבר!... אין קבר! אין קבר איז בעסער... א קבר'ל הינטער'ן בוים... ווי גוט!... די זון ווארעמט עס, דאָס רעגעלע באפייכט דאָס... אין פריהלינג וואקסט דארויף גראָז, גידעריג גראָז אזא... פויגעל קומען צופליהען אויפ'ן בוים, זינגען, פיהרן אוים יונגע פויגע־לאך, עס צובליהען זיך די בלימעלאך: געלינקע, רויטינקע, בלויאינקע... אלערליי (פארטראַכט זיך) אלערליי... אזוי שטיל, אזוי גוט! מיר איז עפּעס לייכטער! און וועגען לעבען גלוסט זיך אפילו ניט קלערן. ווידער לעבען? ניין, ניין, מען דארף ניט... עס איז ניט גוט! די מענשען זיינען מיר עקעלהאפט, דאָס הויז איז מיר עקעלהאפט, די ווענט זיינען עקעלהאפט!

כ׳וועל אהין ניט געהן! ניין, ניין, כ׳וועל ניט געהן! קומסט צו זיי, געהען זיי אום, ריידען, און צו וואָס דאַרף איך דאָס? אָך, ס׳איז שווער געוואָרן אויפ׳ן האַרצען! מען זינגט שוין ווידער ערגעץ! וואָס זינגט מען? שווער צו פאַרשטעהן... אָט איצטער שטאַרבען... וואָס זינגען זיי? אַלץ איינס, צי דער טויט וועט קומען, צי וועסט אַליין... אָבער לעבען קען איך ניט! ס׳איז אַ זינד! זיי וועלען קיין תפילות ניט זאָגען? ווער עס ליבט, וועט זאָגען תפילות... די הענט לעגט מען אַוועק ווי אַ צלם.. אין קבר! יאָ, אַזוי... איך האָב זיך דערמאָנט. און אַז זיי וועלען מיך כאַפּען און אַוועקפיהרען אהיים מיט גוואַלד... אָך, גיכער, גיכער! (געהט צו צום ברעג. הויך:) פריינט מיי־נער, פרייד מיינע! זיי געזונט! (געהט אָפּ).

(עס קומען אַריין מאַדאַם קאַבאַנאָווא, קאַבאַנאָוו, קוליגין און אַן אַרבייטער מיט אַ לאַמטערן).״

„דער שטורם״ איז איינע פון די בעסטע דראַמעס אין דעם רע־פּערטואַר פון דער רוסישער ביהנע. פון טעאַטראַלישען שטאַנד־פּונקט איז זי פשוט וואונדערבאַר. יעדע סצענע איז איינדרוקס־פול, די דראַמע אַנטוויקעלט זיך שנעל, און יעדער כאַראַקטער איז באמת אַ פרייד פאַר דעם דראַמאַטישען אַרטיסט. די ראָלען פון דיקאָי, וואַרוואַראַ (די צולאַזענע שוועסטער), קאַבאַנאָווא, קודריאַש (וואַרוואַראַ׳ס געליבטער), דער אַלטער זעלבסט־אויסגעבילדעטער מעכאַניק, אפילו די אַלטע פריצטע מיט די צוויי לאַקייען, וואָס ער־שיינען נאָר אויף עטליכע מינוט בעת׳ן שטורם — יעדע פון אָט־די ראָלען איז באמת אַ קוואַל פון הויכען קינסטלערישען פאַרגע־ניגען פאַר דעם אַקטיאָר אָדער אַקטריסע, וואָס פיהרט זי אויס; וואָס ס׳איז שייך צו די ראָלען פון קאַטערינאַ׳ן און פון קאַבאַנאָ־וואַ׳ן — וועט קיין איין גרויסע אַקטריסע זיי ניט נעגליזשירן.

אַריבערגעהענדיג צו דער הויפּט־אידעע פון דער דראַמע, בין איך דאָ ווידער געצוואונגען צו איבער׳חזר׳ן, וואָס איך האָב שוין אַ פּאָר מאָל געזאָגט מכח אַנדערע ווערק פון דער רוסישער ליטע־ראַטור. אויפ׳ן ערשטען קוק קען זיך אויסצייגען, אַז מאַדאַם קאַ־באַנאָווא און איהר זוהן זיינען אויסשליסליך רוסישע טיפּען — טיפּען, וואָס עקזיסטירן שוין ניט אין מערב־איירָאָפּע. אַזוי, לכל

הפּחות, האָבען געזאָגט איינינע ענגלישע קריטיקער; אָבער אַזאַ מיינונג שיינט צו זיין ווייט פון אמת. די געהאָרכזאַמע קאַבאַנאָווס מעגען טאַקע זיין אַ זעלטענהייט אין ענגלאַנד, אָדער, ווענינסטענס, זייער כיטרע געהאָרכזאַמקייט קען אין ענגלאַנד ניט אוועק אַזוי ווייט, ווי זי געהט אין „דעם שטורם". אָבער אפילו פאַר דער רוסישער געזעלשאַפט איז קאַבאַנאָווא ניט איבעריג טיפּיש. וואָס ס'איז שייך צו דער מוטער, האָט יעדער איינציגער פון אונז זי ניט איינמאָל באַגעגענט אין אַן ענגלישער סביבה. ווער קען ווירקליך ניט די אַלטע „ליידי", וועלכע בלויז צוליב דעם פאַרגעניגען ארויסצו־ווייזען איהר מאַכט, האַלט זי נעבען זיך איהרע טעכטער און שטערט זיי צו חתונה האָבען און הערשעוועט איבער זיי ביז אין גרויען צאָפּ? אָדער טיראַניזירט איהר הויזגעזינד אויף טויזענטער אַנדערע אופנים? דיקענס האָט גוט געקענט די דאָזיגע מאַדאַם קאַבאַנאָווא און זי לעבט נאָך עד היום אין ענגלאַנד ווי אין אַלע אַנדערע לענדער.

## אָסטראָווסקי'ס שפּעטערע דראַמען.

וואָס עלטער אָסטראָווסקי איז געוואָרן, אַלץ מעהר האָט ער אויסגעברייטערט דעם קרייז פון זיינע באָאָבאַכטונגען פון דעם רוסישען לעבען, און האָט אָנגעפאַנגען צו שילדערן טיפּען פון אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, אחוץ די טיפּען פון דעם סוחרים־קלאַס, און אין זיינע שפּעטערדיגע דראַמאַטישע ווערק האָט ער שוין ארויסגעבראַכט אַזעלכע שטאַרק־אָנציעענדע, פּראָגרעסיווע טיפּען, ווי „די אָרעמע כלה", פּאַראַשאַ (אין דער שעהנער קאָמעדיע „דאָס הייסע הארץ"), אַגניאַ אין „ניט אַלע טאָג איז יום־טוב", דער אַקטיאָר ניעשטשאַסטליווצעוו (אומגליקליכער) אין דער וואונדערבאַרער אידיליע „דער וואַלד", א. אז. וו. וואָס ס'איז שייך צו זיינע „נעגאַטיווע" טיפּען, גענומען פון דעם לעבען פון דער פּעטערבורגער ביוראָקראַטיע אָדער פון די קרייזען תון מיליאָנערן און גרינדער פון אונטערנעהמונגס־געזעלשאַפטען, האָט אָסטראָווסקי ארויסגעצייגט אַ טיפע פאַרשטענדניש אין דער שילדערונג פון אָט־די טיפּען; אין זיינע קאָמעדיעס זיינען אָט־די קאַלט־גרויזאַמע, הגם אויסערליך „בכבוד'יגע", טיפּען געשיל-

דערם אזוי ריכטיג, אז עס איז שווער צו געפינען נאך א דראמא־טורג, וואס זאל זיין אזוי ערפאלגרייך.

ארום און ארום האט אסטראָווסקי אנגעשריבען א פופציג דראמעס און קאָמעדיעס, און יעדע איינציגע פון זיי איז אויס נעצייכענט צוגעפאסט צו דער ביהנע. קיין אומוויכטיגע טיילען זיינען ניטא אין אַט־די ווערק. א באדייטענדער אקטיאָר אָדער אַקטריסע קענען אויף זיך נעהמען די דורכפיהרונג אפילו פון דער קלענסטער ראָלע, וואס באשטעהט פילייכט פון עטליכע ווער־טער, אין אַן אויפטריט, וועלכער געדויערט סך־הכל עטליכע מי־נוט — און דאך פיהלען, אז עס איז פאראן גענוג מאטעריאל צו שאפען א כאראקטער. וואס ס'איז שייך צו די הויפט־פערזאָנען, האט אסטראָווסקי גוט פארשטאנען, אז א באדייטענדען טייל אין דער שאפונג פונ'ם כאראקטער מוז איבערגעלאָזען ווערן צום אק־טיאָר. פאָלגליך, זיינען אין די דראמען זיינע פאראן ראָלען, וועלכע וואָלטען פארבליבען בלאס און אומפארענדיגט אָהן אָט־דער מיטארבייטערשאפט, אָבער אין די הענט פון אמת'ע קינסט־לער זיינען די זעלביגע ראָלען גענוג מאטעריאל פאר טיף־פסי־כאָלאָגישע און אמת־דראמאטישע פערזאָניפיקאציעס. אָט פאר־וואס א ליבהאָבער פון דער דראמאטישער קונסט האט אזא טי־פען עסטעטישען פארגעניגען בעת ער שפילט אסטראָווסקי'ס דרא־מעס, אָדער בעת ער לייענט זיי אויפ'ן קול.

דער רעאליזם, אין דעם זין, ווי ער איז עטליכע מאָל שוין אויסגעטייטשט געוואָרן אויף די זייטלאך פון אָט־דעם בוך — ד. ה. די רעאליסטישע שילדערונג פון כאראקטערן און געשעהע־נישען, וואס זיינען אונטערוואָרפען צו אידעאליסטישע צוועקען — איז דער כאראקטעריסטישער שטריך פון אלע אסטראָווסקי'ס דראמען. פונקט ווי אין טורגענעוו'ס נאָוועלען, אזוי אויך איז די איינפאכקייט פון זיינע סוזשעטען פשוט וואונדערבאר. איהר זעהט, ווי דאָס לעבען — דאָס אמת'דיגע לעבען מיט אלע זיינע קלייניג־קייטען — אנטוויקעלט זיך פאר אייך און פון אָט־די אלע קליי־ניגקייטען וואקסט ארויס אומבאמערקטערהייט די דראמאטישע פאנאנדערוויקלונג.

„איין סצענע פאָלגט נאָך דער צווייטער — אלע אזעלכע גע־וועהנליכע, פשוט'ע, וואָכעדיגע, און פלוצלונג, גאָר אומבאמערקט,

וואַקסט אויס פאַר אייך אַ שרעקליכע דראַמע. מען קאָן פּאָזיטיוו זאָגען, אַז דאָ שפּילען זיך ניט קיין אַקטען פון אַ פּיעסע, נאָר דאָס לעבען גופא פליסט אויף דער סצענע אין אַ לאַנגזאַמען אומבאַמערקליכען פלוס, אַקוראַט ווי דער פּראָפעסער וואָלט מעהר גאָרנישט ניט געטאָן ווי נאָר אויפגעבראָכען אַ וואַנט און אייך געצייגט, וואָס עס קומט פאָר ביי יענעם אין הויז". מיט אַזעל־כע ווערטער כאַראַקטעריזירט איינער פון אונזערע קריטיקער, סקאַבימשעווסקי, אָסטראָווסקי'ס ווערק.

אָסטראָווסקי האָט אין זיינע דראַמעס אַרויסגעפיהרט אַ אומגעהייערע צאָהל פאַרשידענע כאַראַקטערן, גענומען פון אַלע קלאַסען פון דעם רוסישען פאָלק; אָבער ער האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך צושיידט מיט דער אַלטער ראָמאַנטישער צו־טיילונג פון מענשליכע טיפּען אויף „גוטע" און „שלעכטע". אין ווירקליכען לעבען גיסען זיך צוזאַמען אָט־די צוויי טיילונגען, געהען אַריין איינע אין דער אַנדערער. און בעת אפילו איצטער קען נאָך קיין ענגלישער דראַמאַטורג זיך ניט פאָרשטעלען קיין דראַמע אָהן אַ „אויסוואורף", האָט אָסטראָווסקי קיין מאָל ניט געפיהלט די נויטיגקייט אַריינצופיהרן אַזאַ קאָנווענציאָ־נעלען כאַראַקטער. ער האָט אויך ניט געפיהלט די נויטיגקייט נאָכצופאָלגען די קאָנווענציאָנעלע כללים פון דעם „דראַמאַטישען קאָנפליקט". דער אויבענדערמאָנטער קריטיקער זאָגט:

„עס איז אוממעגליך צו ברענגען זיינע פּיעסען אונטער איין וועלכען עס איז אַלגעמיינעם פּרינציפּ, ווי, למשל, דעם קאַמף פון פליכט נעגען געפיהל, אָדער דעם צוזאַמענשטויס פון ליי־דענשאַפטען, וואָס רופט אַרויס פאַטאַלע רעזולטאַטען, אָדער דעם אַנטאַגאָניזם צווישען גוטס און שלעכטס, אָדער צווישען פּראָגרעס און אומוויסענהייט, און אַז. וו. דאָס זיינען פּיעסען פון די פאַרשיידענאַרטיגסטע לעבענס־באַציהונגען. אַקוראַט ווי אין לעבען, אַזוי שטעלען זיך אין זיי די מענשען צווישען זיך אין פאַרשיידענע געצוואונגענע באַציהונגען, וועלכע זיינען באַשאַ־פען געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט; און אַזוי ווי זייערע כאַ־ראַקטערן און אינטערעסען געפינען זיך אין אַנטאַגאָניזם, אַנט־שטעהען צווישען זיי פיינדליכע צוזאַמענשטויסען, וואָס זייער אויסגאַנג איז צופעליג און ניט פאָראויסגעזעהן, נאָר העננט אָפּ

פון פארשידענארטיגע אומשטענדען: די שטארקערע זייט איז אמאָל גובר און פיהרט צו אַלעמענס גליק אָדער פארקעהרט צו אַלעמענס אומגליק און אונטערגאנג. אָבער צי דען זעהען מיר ניט אין לעבען, אז אמאָל רייסט זיך פּלוצלונג אריין א וועלכער עס איז נייער, זייטיגער עלעמענט און קעהרט איבער די גאנצע זאך קאפויר? אָן אומבאדייטענדער צופאל, וואָס ברענגט אריין אָן אומבאדייטענדע ענדערונג אין דעם געמיט-צושטאנד פון די העל־דען פון דער דראמע, קאָן ברענגען מיט זיך אינגאנצען אומדער־וואַרטעטע פאָלגען".

פונקט ווי איבסען, געפינט אָסטראָווסקי אמאָל אפילו ניט פאר נויטיג צו זאָגען מיט וואָס די דראמע פארענדיגט זיך.

צולעצט איז נויטיג צו באמערקען, אז אָסטראָווסקי איז אין גע־גענזאַץ צו אַלע זיינע צייט-חברים—די שריפטשטעלער פון די פער־ציגער יאָרן—ניט געווען קיין פעסימיסט. אפילו צווישען די שרעק־ליכסטע צוזאמענשטויסען, וואָס ווערן געשילדערט אין זיינע דרא־מעס, פארלירט ער ניט דעם חוש פון לעבענס-פרייד און דאָס פאר־שטענדניס פאר דער אומפארמיידליכער פאטאליטעט פון א סך לע־בענס-אומגליקען. ער האָט זיך קיינמאָל ניט צוריקגעצויגען פון מאָלען די פינסטערע זייטען פון דעם מענשליכען קעסעל-גרוב און האָט ארויסגעבראכט א געווג עקעלהאפטיגע קאָלעקציע פון פא־מיליען-דעספּאָטען פון דעם סוחרים-קלאַס, נאָך וועלכער עס האָט נאָכגעפאָלגט א קאָלעקציע פון נאָך מעהר עקעלהאפטיגע טיפּען פון דעם אינדוסטריעלען קלאַס. ער האָט אָבער אַלעמאָל, אויף איין אופן אָדער אָן אנדערן, אָנגעוויזען אויף דעם גלייכצייטיגען איינ־פלוס פון די בעסערע עלעמענטען, אָדער ווניגסטענס אָנגע־מערקט דעם מעגליכען זיעג פון די דאָזיגע עלעמענטען. אויף אזא אופן איז ער ניט אריינגעפאַלען אין דעם פעסימיזם, וואָס כאראקטעריזירט אזוי זיינע צייט-חברים, און האָט ניט געהאט קיין נייגונג צו דער היסטעריע, וועלכע מיר געפינען, צום בעדויערן, אין אייניגע פון זיינע מאָדערנע נאָכפאָלגער. אפילו אין די מאָמענ־טען, ווען אין אייניגע פון זיינע דראמעס נעמט דאָס לעבען אָן דעם פינסטערסטען אויסזעהן (ווי, למשל, אין „זיבד און אומגליק קאָנען קומען אויף יעדען", וועלכע איז א בלעטעל פונ'ם פויערים-לעבען, פונקט אזוי רעאליסטיש פינסטער, ווי טאָלסטאָי'ס „די מאכט פון

פינסטערניש", נאָר בעסער צוגעפּאַסט פאַר דער בינע), אַפילו אין אַזעלכע מאָמענטען באַווייזט זיך אַ שטראַל פון האָפנונג — לכל הפחות אין די באַטראַכטונגען פון דער נאַטור, אויב עס בלייבט שוין ניט קיין אַנדער זאַך מיט וואָס צו פאַרגעטיגען פאַר דער פינ־סטערניש פון דעם מענשליכען אומזין.

און דאָך איז פאַראַן איין זאַך — און אַ זעהר וויכטיגע זאַך— וואָס דערלאָזט ניט אָסטראָווסקי'ן צו פאַרנעמען אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער דראַמאַטישער ליטעראַטור דעם הויכען פּלאַץ, צו וועל־כען זיין מעכטיגער דראַמאַטישער טאַלאַנט בארעכטיגט איהם — וואָס דערלאָזט איהם ניט צו פאַררעכענט ווערן אַלס איינער פון די גרעסטע דראַמאַטורגען פון אונזער יאָהרהונדערט. די דראַמאַ־טישע קאָנפליקטען אין זיינע ווערק ציי כענען זיך אַלע אויס מיט אויסערגעוועהנליכער איינפאַכקייט. איהר וועט אין זיי ניט געפינען יענע מעהר טראַגישע פּראָבלעמען און פּלאָנטערס, וועלכע די קאָמ־פּליצירטע נאַטור פון דעם געבילדעטען מענשען פון אונזער צייט און די פאַרשיידענע זייטען פון די גרויסע סאָציאַלע פראַגען באַ־שאַפען איצטער אין די קאָנפליקטען, וואָס אַנטשטעהען אין יעדען שיכט און קלאַס פון דער געזעלשאַפט. מען מוז אָבער אויך זאָגען, אַז דער דראַמאַטורג, וואָס זאָל קאָנען באַהאַנדלען אָט־די מאָדערנע פּראָבלעמען פון דעם לעבען אַזוי מייסטערהאַפט, ווי דער מאָסקווער שריפטשטעלער האָט באַהאַנדעלט די פּשוט'ערע פּראָבלעמען, וועלכע ער האָט געזעהן אין זיין אייגענער סביבה, דאַרף נאָך ערשט קומען.

## היסטאָרישע דראַמעס. — אַ. ק. טאָלסטאָי.

אין דער בליהונגס־צייט פון זיין טאַלאַנט, האָט זיך אָסטראָווסקי אויך גענומען פאַר דער היסטאָרישער דראַמע. אַלע זיינע דראַמען פון אָט־דעם מין זיינען אָנגעשריבען אין אויסגעצייכענטע פערזען אָהן גראַמען. אָבער אַקוראַט ווי שעקספּיר'ס דראַמען פון דער ענגלישער געשיכטע און פּושקינ'ס „באָריס גאָדונאָוו", טראָגען זיי ניכער דעם כאַראַקטער פון דראַמאַטיזירטע כראָניקעס, ווי פון דראַמען אין דעם אייגענטליכען זין פון דעם וואָרט. זיי געהערען מעהר צום געביט פון עפּיק, און דער דראַמאַטישער אינטערעס ווערט

צו אפט געבראכט אלס קרבן צום פארלאנג ארייננצופיהרען א היס־טארישען קאלאריט.

דאס איז אויך אמת, הגם א ביסעל אין א קלענערער מדרגה, בנוגע צו די היסטארישע דראמעס פון גראף אלעקסיי קאנסטאנטי־נאוויטש טאלסטאי (1817—1875). א. ק. טאלסטאי איז פריהער פון אלץ געווען א דיכטער; אבער ער האט אויך אנגעשריבען א היסטארישען ראמאן פון די צייטען פון יאהאן דעם שרעקליכען, „פרינץ סערעבריאני", וואס האט געהאט א גרויסען ערפאלג, טייל־ווייז ווייל אינ'ם ראמאן האט די צענזור צום ערשטען מאל ערלויבט דער בעלעטריסטיק צו שילדערן דעם האלב־משוגע'נעם צאר, וועל־כער האט געשפילט די ראלע פון ליודאוויק דעם עלפטען אין דער געשיכטע פון דער רוסישער מאנארכיע; הויפטזעכליך אבער האט דער ראמאן צו פארדאנקען זיין ערפאלג טאקע זיינע אמת גרויסע מעלות אלס היסטארישע נאוועלע. ער האט אויך געפרואווט זיינע קרעפטען אין א דראמאטישער פאעמע, „דאן זשואן", וועלכע שטעהט אבער פיל נידעריגער פון פושקינ'ס דראמע מיט דעם זעלבינען אינהאלט; נאר זיין הויפט־ארבייט אויפ'ן געביט פון דראמאטי־שער פאעזיע איז די דראמאטישע טריאלאגיע פון די צייטען פון יאהאן דעם שרעקליכען און דמיטרי דעם פרעטענדענט: „דער טויט פון יאהאן דעם שרעקליכען", „דער צאר פעאדאר איוואנאוויטש" און „באריס גאדונאוו".

אט־די דריי טראגעדיעס האבען א באדייטענדיגען ווערט. אין יעדער פון זיי איז די לאגע פונ'ם העלד — באמת א הויך דראמא־טישע — געשילדערט מיט טאלאנט און מאכט א שטארקען איינ־דרוק; דערביי קומט די האנדלונג פאר אין דער אומגעבונג פון די פאלאצען פון די אלטע מאסקווער צארן און איבערראשט מיט איהר פרעכטיגער אריגינאליטעט. אבער אין אלע דריי טראגעדיעס ליידט די אנטוויקלונג פון דעם דראמאטישען עלעמענט דערפון, וואס עס רייסט זיך ארייין דער עפישער באשרייבונגס עלעמענט, און די כא־ראקטערען זיינען אדער ניט אויסגעהאלטען היסטאריש (ביי באריס גאדונאוו'ען פעלען די שטורמדיגע שטריכען פון זיין כאראקטער, וועלכע זיינען פארביטען געווארן אויף א געוויסען רוהיגען אידעא־ליזם, וואס איז אייגענטליך געווען א פערזענליכער שטריך פון דעם

פּאַרפאַסער), אָדער זיי שטעלען ניט פאָר יענע כאַראַקטער־גאַנצקייט, וועלכע מיר זיינען געוואוינט צו געפינען אין שעקספּיר׳ס דראַמען. פאַרשטעהט זיך, טאָלסטאָי׳ס דראַמעס זיינען זעהר ווייט פון דעם ראָמאַנטיזם פון די דראַמעס פון וויקטאָר הוגאָ; זיי זיינען, מיט אַלע זייערע חסרונות, רעאַליסטישע דראַמען; אָבער אין דער פאָרמירונג פון די מענשליכע כאַראַקטערען פילט זיך נאָך אַ ביסעל ראָמאַנטיזם; ספּעציעל זעהט מען דאָס אַרויס אין דעם געבוי פון דעם כאַראַקטער פון יאָהאַן דעם שרעקליכען.

אַן אויסנאַהם מוז אָבער געמאַכט ווערן לטובה פון דער טראַגעדיע „דער צאַר פעאָדאָר איוואַנאָוויטש”. אַ. ק. טאָלסטאָי איז געווען אַן איבערגעגעבענער פערזענליכער פריינט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די בכבוד׳יגסטע פּאָסטען, וואָס מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען און אָנגענומען די באַשיירענע שטעלע פון דעם הויפּט פון קייזערליכען געיעג, וואָס האָט איהם ערלויבט אויפצוהיטען זיין אומאָפּהענגיגקייט און אין דער זעלביגער צייט זיין אין נאָהענטע באַציהונגען מיט׳ן קיסר. אַ דאַנק אַט־די אינטימע באַציהונגען, האָט ער געמוזט האָבען די בעסטע געלעגענהייטען צו באָבאַכטען, ספּעציעל אין די שפּעטערדיגע יאָהרען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס הערשאַפט, די אַלע קאַמפען, וואָס אַ גוטער מענש מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער דאַרף אַריבערטראָגען בעת ער איז אַ צאַר פון רוסלאַנד. פאַרשטעהט זיך, „צאַר פעאָדאָר” איז אויף קיין פאַל ניט קיין פאַרזוך צו מאָלען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, — דאָס וואָלט געווען צו נידעריג פאַר אַ קינסטלער — אָבער די שוואַכקייט פון אַלעקסאַנדער׳ס כאַראַקטער האָט איהם געפיהרט אויפ׳ן געדאַנק יענע שטריכען פון ווירקליכקייט אין דעם כאַראַקטער פון צאַר פעאָדאָר, וואָס מאַכען איהם אַ סך בולט׳ער איידער די שילדערונגען פון יאָהאַן דעם שרעקליכען און באָריס גאָדונאָוו׳ען. דער צאַר פעאָדאָר איז באמת אַ לעבעדיג בילד.

## אַנדערע דראַמאַטישע שרייבער.

פון די אַנדערע, וואָס האָבען געשריבען פאַר דער ביהנע, קאָנען מיר אין דעם בוך בקיצור דערמאָנען נאָר די אינטערעסאַנטסטע.

טורגעניעוו האט אנגעשריבען אין די יאהרן 1848—1851, פינף קאמעדיעס, וועלכע באזיצען אלע עלעמענטען פאר ראפינירטען שפילען, זיינען זעהר לעבעדיג און אנגעשריבען אין דעם פראכט־פולען טורגעניעוו־סטיל און זיינען נאך ביז איצטער א קוואל פון עסטעטישען פארגעניגען פאר די מעהר ראפינירטע טעאטער־באזוכער.

סוכאווא־קאבילין איז שוין פריהער דערמאנט געווארן. ער האט אנגעשריבען איין קאמעדיע, „די הייראט פון קרעטשינסקי'ן", וואס האט געהאט א גרויסען ערפאלג; די דאזיגע קאמעדיע איז געווען די ערשטע פון דער דראמאטישער טריאלאגיע, וואס ער האט פארטראכט; די אנדערע צוויי פיעסען, וואס געהען אריין אין אט דער טריאלאגיע („דער פראצעס" און „דער טויט פון טארעלקינען") און וואס אנטהאלטען א גיפטיגע סאטירע אויף דער ביוראקראטיע, צייכענען זיך ניט אויס מיט אזא עפעקט אויף דער ביהנע ווי די ערשטע.

א. פיסעמסקי, דער בעלעטריסט (1820—1881), האט אנגעשריבען, א חוץ עטליכע גוטע ראמאנען און איינינע אומוויכטיגע קאמעדיעס, איין מערקווירדיג גוטע דראמע — „א ביטערער גורל", פון דעם לעבען פון די פויערים, וואס ער האט זעהר גוט געקענט און אויסגעצייכענט אפגעשילדערט אין זיין דראמע. מען דארף באמערקען, אז טאלסטאי'ס גוט באקאנטע דראמע „די מאכט פון פינסטערניש", אויך גענומען פון דעם לעבען פון די פויערים — ניט קוקענדיג אויף איהר גאנצער קרעפטיגקייט — האט ניט פארטונקעלט פיסעמסקי'ס דראמע.

דער נאוועליסט א. א. פאטיעכין (1829—1902) האט אויך געשריבען פאר דער ביהנע און מען טאר איהם ניט אויסלאזען אפילו אין אזא קורצען איבערבליק פון דער רוסישער דראמע. זיינע קאמעדיעס „פליטערלאך", „אן אפגעשניטען שטיקעל ברויט", „אין מוטנעם וואסער", האבען באגעגענט די גרעסטע שוועריגקייטען מצד דער צענזור, און די קאמעדיע „א פרייע שטעלע" איז קיינמאל אויף דער ביהנע ניט אויפגעפיהרט געווארן; די קאמעדיעס אבער, וועלכע זיינען יא אויפגעפיהרט געווארן, האבען שטענדיג געהאט אן ערפאלג און צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט

פון אונזער קריטיק. די ערשטע פון זיינע קאָמעדיעס, „פליטערלאַך",
קאָן דינען אַלס אַ מאַסשטאַב פון פּאַטיעכינ'ס טאַלאַנט.

די דאָזיגע קאָמעדיע האָט געגעבען אַן ענטפער אויף די איינע
פון די טאָג־פראַגען. אין אַ משך פון עטליכע יאָר האָט די רוסישע
ליטעראַטור, נאָכפאָלגענדיג שטשעדרינ'ס ביישפּיל (זעה קאַפּיטעל
אַכט), זיך מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט אָפּגעשטעלט אויף די שיל־
דערונגען פון יענע טשינאָווניקעס, וואָס האָבען ביז דער געריכט־
ליכער און אדמיניסטראַטיווער רעפאָרם פון 1864 אויסשליסליך גע־
לעבט פון כאַבאַר. אָבער נאָך דער איינפיהרונג פון די אויבענדער־
מאָנטע רעפאָרמען, איז אויסגעוואַקסען אַ נייער קלאַס פון טשינאָוו־
ניקעס, „וועלכע האָבען קיין כאַבאַר ניט גענומען", אָבער צוליב זייי־
ער שטייפען אָפיציעלען ריגאָריזם און זייער דעספּאָטישען און אומ־
געצוימטען עגאָאיזם, זיינען זיי נאָך געווען ערגער ווי די אַלטע
כאַבאַרניקעס. דער העלד פון די „פליטערלאַך" איז טאַקע אָט־אַזאַ
מענש. זיין כאַראַקטער, מיט אַלע מינדער־וויכטיגע שטריכען —
מיט זיין אומדאַנקבאַרקייט און, סעפּציעל, מיט זיין ליבע (אָדער
דערמיט, וואָס ער פאַרשטעהט אונטער ליבע) — איז פּיליייכט צו
שוואַרץ געמאָלט פאַר די צוועקען פון דער דראַמע: אַזעלכע קאָנ־
סעקווענטע עגאָאיסטען און פאָרמאַליסטען באַגעגענט מען אין
ווירקליכען לעבען זעהר זעלטען. אָבער דעם פאַרפאַסער ג'ט זיך
כמעט איין צו איבערצייגען די צושויער אין דער רעאַליטעט פון
אָט־דעם טיפּ: אַזוי מייסטערהאַפט צעוויקעלט ער אין אַ גאַנ־
צער רייהע פון פאַרשיידענע אינצידענטען די „קאָרעקטע" און
טיף־עגאָאיסטישע נאַטור פון זיין העלד. אין אָט־דער הינ־
זיכט איז די קאָמעדיע זעהר אַ געראָטענע און פאַרמאָגט אַ סך
מאַטעריאַל פאַר'ן גוטען אַקטיאָר.

אַ. י. פּאַלם (1823—1885) איז געווען אַ דראַמאַטורג, וואָס
האָט גענאָסען אַ לאַנג יאָהריגען ערפאָלג. אין דעם יאָהר 1849 האָט
מען איהם אַרעסטירט פאַר זיין באַקאַנטשאַפט מיט פּערזאָנען, וואָס
האָבען געהערט צו דעם פּעטראַשעווסקי־קרייז (זעה דאָס קאַפּיטעל
וועגען דאָסטאָיעווסקי'ן), און פון יענער צייט אָן איז זיין לעבען
באַשטאַנען פון לויטער אומגליקען, און ערשט ביי פופציג יאָהר
האָט ער זיך צוריק געקאָנט אומקערן צו ליטעראַרישער אַרבייט.

ער האָט געהערט צו טורגעניעוו'ס דור. געווען זעהר גוט באַקאַנט מיט די פריצ'ישע טיפּען, וועלכע דער גרויסער נאָוועליסט האָט אַזוי גוט געשילדערט אין זיינע „האַמלעטס", און ער האָט אָנגעשריבען עט־ליכע קאָמעדיעס פון דעם לעבען פון אָט־דעם קרייז. „דער אַלטער פּריץ" און „אונזער פּריינט ניעקליוזשעוו" פלעגען ביז דער לעצטער צייט געשפּילט ווערן מיט גרויס ערפאָלג אויף דער רוסישער ביהנע.

דער אַקטיאָר י. ע. טשערנישעוו (1833—1863) האָט אויך אָנגעשריבען עטליכע קאָמעדיעס און איין ערנסטע דראַמע, „אַ פאַרדאָרבען לעבען", וואָס האָט געמאַכט אַ געוויסען איינדרוק אין דעם יאָהר 1861; און ענדליך מוזען אויך דערמאָנט ווערן נ. סאָ־לאָוויאָוו און וו. אַ. קרילאָוו (אַלעקסאַנדראָוו), וועלכער איז גע־ווען אַ זעהר פרוכטבאַרער שרייבער.

אין דער לעצטער צייט האָבען צוויי יונגע שריפטשטעלער גע־מאַכט אַ טיפען איינדרוק מיט זייערע קאָמעדיעס און דראַמאַטישע סצענעס. איך מיין דאָ אַנטאָן טשעכאָוו, וועמעס דראַמע „איוואַ־נאָוו" האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אַרויסגערופען ליידענשאַפט־ליכע ויכוחים, און מאַקסים גאָרקי, וועמעס דראַמע „מעשטשאַניע" ווייזט אָן גאָר אָהן ספק אויף אַ דראַמאַטישען טאַלאַנט, און זיינע דראַמאַטישע סצענעס „נאַ דניע" (דאָס זיינען באמת סצענעס, אָהן דעם מינדסטען פאַרזוך צו אויפבויבען אַ דראַמע) זיינען אומגע־הייער קרעפטיג און פאַרטונקלען אפילו זיינע בעסטע סקיצען. מיר וועלען זיך גענויער אויף זיי אָפּשטעלען אין דעם קומענדיגען קאַפּיטעל.

## קאַפּיטעל זיבען.

# פאָלקס־נאָוועליסטען.

זייער פּאָזיציע אין דער רוסישער ליטעראַטור. — די ערשטע פאָלקס־נאָוועליסטען: גריגאָראָוויטש. — מאַרקאָ וואָווטשאָק. — דאַנילעווסקי. — דער איבערגאַנגס־פּעריאָד: קאָקאָרעוו. — פּיסעמסקי. — פּאָטיעכין. — עטנאָגראַפישע פאָרשונגען — די רעאַליסטישע שול: פּאָמיאַלאָווסקי. — ריעשעטניקאָוו. — לעוויטאָוו. — גליעב אוספּענסקי. — זלאָטאָווראַטסקי און אַנדערע פאָלקס־נאָוועליסטען. — נאַומאָוו. — זאַסאָדימסקי. — סאַלאָוו. — נעפיעדאָוו. — דער מאָדערנער רעאַליזם: מאַקסים גאָרקי.

א וויכטיגע גרופּע פון רוסישע נאָוועליסטען, כמעט אינגאַנצען אומבאַקאַנט אין מערב־אייראָפּע, וואָס שטעלט אבער מיט זיך פאָר פּילייכט דעם טיפּישסטען טייל פון דער רוסישער ליטעראַטור, זיינען די „נאָוועליסטען־נאַראָדניקעס“. אונטער אָט־דעם נאָמען זיינען זיי הויפּטזעכליך באַקאַנט אין רוסלאַנד, און אונטער דעם נאָמען האָט זיי דער קריטיקער סקאַביטשעווסקי אַנאַליזירט — צוערשט, אין א בוך אונטער אָט־דעם טיטעל, און נאָכדעם אין זיין אויסגעצייכענטער „געשיכטע פון דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור“ (פערטע אויסגאַבע. 1900). אונטער די „נאָוועליסטען־נאַראָדניקעס“ מיינען מיר, פאַרשטעהט זיך, ניט יענע שריפטשטעלער, וואָס שרייבען פ א ר ׳ן פאָלק, נאָר יענע, וועלכע שרייבען ו ו ע ג ע ן פאָלק: וועגען די פּויערים, קויהלען־גרעבער, פאַבריק־ארבייטער, די נידעריגסטע שיכטען פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, וועגען היימלאָזע און בראָדיאַגעס. ברעט האַרט אין זיינע סקיצען פון דעם לעבען פון די גאָלד־זוכער, זאָלאַ אין „לאַסאַמואַר“ און אין

„זשערמינאַל“, גיסינג אין „ליזא פון לאַמבעטה“, וויטינג אין „נומער 5 דזשאהן סטריט“, געהערן צו אַט דער קאַטעגאָריע; אָבער דאָס, וואָס איז אַן אויסנאַם און אַ צופאַל אין מערב־אייראָפּאַ איז אָרגאַניש אין רוסלאַנד.

אַ גאַנצע רייהע טאַלאַנטפולע שריפטשטעלער האָבען אין דעם משך פון די לעצטע פופציג יאָהר זיך געווידמעט, אייניגע אויס־שליסליך, צו דער באַשרייבונג פון דעם אדער יענעם טייל פונ׳ם רוסישען פאָלק. יעדער קלאַס פון די אַרבייטענדע מאַסען, וואָס וואָלט אין אַנדערע ליטעראַטורען ערשינען אין די נאָוועלען ווי אַ הינטערגרונד פאַר פּאַסירונגען צווישען די געבילדעטע קלאַסען (ווי, למשל, אין „דהי וואודלאַנדערס“ פון טאָמאַס האַרדי), האָט אין דער רוסישער נאָוועלע געהאַט זיין אייגענעם מאָלער. אַלע גרויסע פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות צום פאָלקס־לעבען און וואָס ווערן דיסקוטירט אין פּאָליטישע און סאָציאַלע ביכער און זשורנאַלען, זיינען אויך באַהאַנדעלט געוואָרן אין דער נאָוועלע. די איבלען פון לייב־אייגענטום און, שפּעטער צו, דער קאַמף צווי־שען דעם פּויער און דעם וואַקסענדען קאָמערציאַליזם, די ווירקונג פון דער פאַבריק אויף דעם דאָרפישען לעבען, די גרויסע פיש־פאַנג אָרטעלען, דאָס פּויערים־לעבען אין געוויסע מאָנאַסטירן און דאָס לעבען אין די טיפענישען פון די סיבירער וועלדער, דאָס לעבען פון דער שטאָדטישער אָרימקייט און דאָס לעבען פון די אָרומשלע־פערס — דאָס אַלץ איז געשילדערט געוואָרן דורך די פאָלקס־נאָווע־ליסטען, און זייערע נאָוועלען לייענט מען מיט אַזאַ חשק, ווי די ווערק פון די גרעסטע רוסישע שריפטשטעלער. און בעת אַזעלכע פראַגען, ווי, למשל, די צוקונפט פון דער דאָרפס־געמיינדע, אָדער די פּויערשע פרידענס־געריכטען, ווערן דעבאַטירט אין די טעגליכע ציימונגען, אין די וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען און אין זשורנאַלען פאַר סטאַטיסטישע פאָרשונגען, ווערן זיי באַהאַנדעלט דורך קינסט־לערישע בילדער און טיפען אַרויסגעבאַפט פונ׳ם לעבען אין דער פאָלקס־נאָוועלע.

נאָך מעהר, די פאָלקס־נאָוועליסטען, איינגאַנצען גענומען, שטע־לען מיט זיך פאַר אַ גרויסע שול פון רעאַליזם אין דער קונסט, און זיי האָבען אין אמת׳ן רעאַליזם אַריבערגעשטיגען אַלע שריפט־שטעלער, וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרן אין די פריערדיגע קאַ־

פיטלען. פאַרשטעהט זיך, דער רוסישער רעאַליזם, ווי דער לעזער פון אַט־דעם בוך ווייס שוין זעהר גוט, איז אין תוך גאַנץ פאַרשידען פון דעם „נאַטוראַליזם“ און דעם „רעאַליזם“ ווי ער איז פאַרטראַטען אין פראַנקרייך פון זאָלאַ. ווי מיר האָבען שוין איינמאָל באַמערקט, איז זאָלאַ, ניט קוקענדיג אויף זיין פּראָפּאַגאַנדע פון רעאַליזם, שטענדיג געבליבען אַ האַרטנעקיגער ראָמאַנטיקער אין דער אויפפאַסונג פון זיינע הויפּט־כאַראַקטערען, סיי די טיפּען פון „הייליגע“, סיי פון די „אויסוואורפען“. און עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז דעריבער טאַקע — ער האָט עס אפשר אליין געפיהלט — האָט ער צוגעגעבען אַזאַ איבערטריבענע באַדייטונג צו די השערות וועגען דער פיזיאָלאָגישער פאַרערבונג און צו די בערג מיט אומבאַדייטענדע באַשרייבונגס־דעטאַלען, אַ סך פון וועלכע (ספּעציעל די, וואָס באַציהען זיך צו דער כאַראַקטעריסטיק פון זיינע אָפּשטויסענדיגע טיפּען), קאָנען אויסגעלאָזט ווערן אָהן דעם מינדסטען שאָדען פאַר דער אָפּשילדערונג פון די כאַראַקטערן. אין רוסלאַנד האָט מען שטענדיג געקוקט אויף זאָלאַ׳ס „רעאַליזם“, ווי אויף עפּעס אַן אויבערפלעכליכער, ריין־אויסערליכער זאַך; און הגם אונזערע נאָוועליסטען־נאַראָדניקעס פּלעגען אָפט זיך אויך אריינלאָזען אין איבעריגע דעטאַלען — אַמאָל אין פּשוט עטנאָגראַפישע דעטאַלען — פונדעסטוועגען האָבען זיי שטענדיג געשטרעבט צו יענעם אינערליכען רעאַליזם, וואָס ווייזט זיך ארויס אין דעם געבוי פון אַזעלכע כאַראַקטערן, וואָס שטעלען מיט זיך באמת פאַר דאָס לעבען, גענומען אלס גאַנצעס. זייער צוועק איז געווען פאַרצושטעלען דאָס לעבען אָהן פאַרדרעהענישען — צי די פאַרדרעהענישען זיינען באַשטאַנען אין אריינפיהרן אומבאַדייטענדע דעטאַלען, וואָס מעגען טאַקע זיין ריכטיג, אבער זיינען בלויז צופעליג, צי אין באַשענקען די העלדען מיט טוגענדען אדער זינד, וועלכע מען טרעפט טאַקע אַמאָל דאָ אָדער דאָרט, אָבער מען דאַרף דערפון ניט מאַכען קיין כלל. איינינע פון אַט־די נאָוועליסטען, ווי די לעזער וועלען ווייטער זעהן, זיינען אפילו ארויסגעטראַטען קעגען דעם געוועהנליכען שטייגער פון שילדערן טיפּען און באַשרייבען די אינדיווידועלע דראַמעס פון עטליכע טיפּישע העלדען. זיי האָבען געמאַכט דעם זעהר געוואַגטען פאַרזוך צו שילדערן דאָס לעבען גופא, אין דעם בסדר׳דיגען גאַנג פון קליינליכע טהאַ־

טען, ווי עס שטראַמט אין זיין גרויער און טונקעלער סביבה, און אריינפיהרן נאָר יענעם דראַמאַטישען עלעמענט, וואָס שטאַמט אַפּ פון דער ענדלאָזער רייהע פון די קליינליכע און דריקענדיגע דע־טאַלען און פון די סאַמע געוועהנליכע אומשטענדען. און מען מוז מודה זיין, אַז אינגאַנצען אומערפאָלגרייך זיינען זיי ניט געווען שאַפענדיג אַט־דעם נייעם וועג פון קונסט — אפשר דער טראַגיש־סטער פון אלע. אנדערע, ווידער, האָבען אריינגעפיהרט א נייעם טיפּ פון דער קינסטליכער פאָרשטעלונג פונ'ם לעבען, וואָס שטעהט אינמיטען צווישען דער נאָוועלע, אין דעם ריכטיגען זין פון אַט־דעם וואָרט, און דער דעמאָגראַפישער באַשרייבונג פון א געוויסער באַפעלקערונג. אזוי, למשל, האָט גליעב אוספּענסקי געקענט צו־זאַמענמישען קינסטלערישע באַשרייבונגען פון טיפּישע דאָרפ'ס־מענשען מיט דיסקוסיעס, וואָס געהערען צו דעם געביט פון פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, אויף אזא אינטערעסאַנטען שטייגער, אַז דער לעזער האָט איהם גערן מוחל געווען זיינע זייטיגע אָפּווענדונגען; בעת אנדערע, ווי מאַקסימאָוו, למשל, האָבען באַשאַפען פון זייערע עטנאָ־גראַפישע באַשרייבונגען אמת'ע קונסט־ווערק, ניט פאַרקלענערנ־דיג אויף א האָר זייער וויסענשאַפטליכען ווערט.

## די ערשטע פאָלקס־נאָוועליסטען.

איינער פון די ערשטע פאָלקס־נאָוועליסטען איז געווען גריגאָראָוויטש (1822-1899), א מענש מיט א גרויסען טאַלאַנט, וועלכען מען שטעלט אָפטמאָל אין איין רייהע מיט טאָלסטאָי'ען, טורגעניעוו'ן, גאָנטשאַראָוו'ן און אָסטראָווסקי'ן. זיין ליטעראַרישע קאַריערע איז געווען זעהר אינטערעסאַנט. זיין פאָטער איז געווען א רוס און זיין מוטער — א פראַנצויזין, און בעת ער איז אַלט געווען צעהן יאָהר האָט ער קוים פאַרשטאַנען רוסיש. זיין בילדונג איז אינגאַנצען געווען אַ אויסלענדישע, הויפּטזעכליך א פראַנ־צויזישע, און ער האָט פאַקטיש קיינמאָל ניט געלעבט אין דער דאָרפישער סביבה, אין וועלכער טורגעניעוו און טאָלסטאָי זיינען אויסגעוואַקסען. נאָך מעהר, גריגאָראָוויטש האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעגעבען אויסשליסליך מיט ליטעראַטור: ער איז געווען א מאָ־לער אזוי גוט ווי א נאָוועליסט, און אין דערזעלבינער צייט א

פיינער קענער פון קונסט; אין די לעצטע דרייסיג יאָהר פון זיין לעבען האָט ער כמעט גאָרנישט געשריבען און האָט אוועקגעגעבען זיין גאַנצע צייט צו דער רוסישער געזעלשאפט פון מאָלער. און דאָך האָט אָט־דער האַלבער רוס אויפגעטאָן פאַר רוסלאַנד, איידער פאַנטשינע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, פונקט אַזוי פיל, ווי האַריעט ביטשער סטאָו האָט אויפגעטאָן פאַר די פאַראייניגטע שטאַטען דורך איהר שילדערונג פון די ליידען פון די נעגער־שקלאַפען.

גריגאָראָוויטש האָט זיך געלערנט אין דערזעלביגער מיליטעי־רישער אינזשיניר־שול, ווי דאָסטאָיעווסקי, און ווען ער האָט געענ־דיגט דעם קורס אין אָט־דער שול, האָט ער געדונגען א צימערל ביים וועכטער פון דער קונסט־אַקאַדעמיע, מיט דער אבזיכט אינגאַנ־צען זיך צו ווידמען צו דער קונסט. אין יענער צייט האָט ער זיך באַקענט מיט דעם אוקראַינישען דיכטער שעווטשענקא (וועלכער האָט דעמאָלט געלערנט אין דער אַקאַדעמיע), און שפּעטער מיט נעקראַסאָוו'ן און מיט וואַלעריאַן מאַיקאָוו (א באַדייטענדער קריטי־קער, וואָס איז געשטאָרבען זעהר יונג), און א דאַנק זיי האָט ער געפונען אין דער ליטעראַטור זיין אמת'ן באַרוף.

אין אָנפאַנג פון די פערציגער יאָהרן איז גריגאָראָוויטש'ס נאָמען באַקאַנט געוואָרן נאָר דורך א פּראַכטפולער סקיצע, „די פּע־טערבורגער שאַרמאַנשטשיקעס“, אין וועלכער ער האָט זעהר וואָ־רעם אָפּגעמאָלען דאָס טרויעריגע לעבען פון אָט־דעם קלאַס פון דער פּעטערבורגער באַפעלקערונג. די רוסישע געזעלשאפט האָט זיך אין יענע יאָהרען געפונען אונטערן איינפלוס פון דער סאָציאַליס־טישער אויפלעבונג אין פראַנקרייך, און איהרע בעסטע פאָרשטע־הער זיינען געוואָרן אַלץ מעהר אויפגעבראַכט קעגען לייב־אייגענטום און אבסאָלוטיזם. פוריע, פּיער לערו און זשאָרזש זאַנד זיינען געווען די באַליבטע שריפטשטעלער אין די רוסישע פאָרגעשריטענע אינטעלעקטועלע קרייזען; און גריגאָראָוויטש איז הינגעריסען גע־וואָרן פון דעם וואַקסענדען שטראָם. ער האָט פאַרלאָזען פּעטער־בורג, איז אָפּגעווען א פּאָר יאָהר אין א דאָרף, און אין דעם יאָהר 1846 האָט ער אָפּגעדרוקט זיין ערשטע נאָוועלע פון דעם דאָרפ'ס־לעבען — „דאָס דאָרף“. ער האָט אין איהר אָפּגעמאָלען, אָהן וועלכע עס איז איבערטרייבונגען, די פינסטערע זייטען פון דעם דאָרפס־לעבען און די שרעקען פון לייב־אייגענטום; דערביי זיינען די שיל־

דערונגען זיינע געווען אַזוי לעבעדיג, אַז דער קריטיקער ביעלינסקי האָט אין איהם גלייך דערקענט און באַגריסט אַ נייעם טאַלאַנט. זיין נעקסטע נאָוועלע, „אַנטאָן שלים־מזל“, אויך געמאָלט פון דעם דאָרפס־לעבען, האָט געהאַט אַ גוואַלדיגען ערפאָלג און איהר איינפלוס איז געווען כמעט גלייך צו דעם איינפלוס פון „אַנקעל טאָמ׳ס הייזעל“. קיין געבילדעטער מענש פון זיין דור אָדער אפילו פון אונזער דור, האָט ניט געקענט לייענען דאָס בוך ניט פאַרגיסענדיג קיין טרערן אויף אַנטאָנ׳ס אומגליקען און ניט דערשפּירענדיג אין האַרצען וואַרימערע געפיהלען צו די פּאַנטשטשיזניקעס. די נעקסטע אַכט יאָהר (1847־1855) האָט גריגאָראָוויטש אָנגעשריבען נאָך עטליכע נאָוועלען פון דעם זעלביגען כאַראַקטער — „די פישער“, „די עמיגראַנטען“, „דער האָרעפּאַשניק“, „דער וואַגאַבונד“, „די דאָרפס־וועגען“ — און נאָכדעם איז ער אַנטשוויגען געוואָרן. אינ׳ם יאָהר 1865 האָט ער צוזאַמען מיט איינינע פון אונזערע בעסטע שריפטשטעלער — גאָנטשאַראָוו׳ן, אָסטראָווסקי׳ן, מאַקסימאָוו׳ן (דעם עטנאָגראַפער) און עטליכע אַנדערע — גענומען אַן אַנטייל אין אַ ליטעראַרישער עקספּעדיציע, וואָס דער גרויספירשט קאָנסטאַנטין האָט אָרגאַניזירט, מיט דעם צוועק אויסצופאָרשען רוסלאַנד און אויך אַרומרייזען די וועלט אויף די שיפען פון דער פלאָטע. צווישען די לעצטע זיינען געווען אויך גריגאָראָוויטש און גאָנטשאַראָוו. גריגאָראָוויטש׳עס רייזע־באַשרייבונגען — „די שיף רעטוויזאַן“ — הגם זעהר אינטערעסאַנט, קענען ניט פאַרגליכען ווערן מיט גאָנטשאַראָוו׳ס „פרעגאַט פּאַלאַס“. צוריקקומענדיג פון אָט־דער עקספּעדיציע, האָט גריגאָראָוויטש אויפגעגעבען זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט און זיך געווידמעט אינגאַנצען צו דער קונסט. אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער נאָר אַרויסגעגעבען אַ פּאָר נאָוועלען און זיינע „ערינערונגען“. ער איז געשטאָרבען אינ׳ם יאָהר 1899.

אַלע גריגאָראָוויטש׳עס הויפּט נאָוועלען זיינען אויף אַזאַ׳ן אופן דערשינען צווישען די יאָהרען 1846 און 1855. די מיינונגען וועגען זיינע ווערק זיינען פאַרשיידען. איינינע פון אונזערע קריטיקער לויבען זיי שטאַרק, אַנדערע ווידער — און זיי זיינען די מערהייט — זאָגען, אַז זיינע פּויערים זיינען ניט אינגאַנצען רעאַל. טורגענעוו האָט אויך באַמערקט, אַז גריגאָראָוויטש׳עס באַשרייבונגען זיינען צו קאַלט: מען פיהלט ניט אין זיי קיין האַרץ. אָט־די לעצטע באַ־

מערקונג, קען זיין, איז אמת, הגם דער לעזער, וואָס האָט גריגאָראָ־וויטש׳ען פּערזענליך ניט געקענט, וואָלט קוים געקענט מאכען אזא באַמערקונג: יעדענפאלס, בעת עס זיינען ערשינען „אנטאָן שלים־מזל“, „די פּישער“ א.א.וו., האָט דאָס גרויסע פּובליקום געטראכט וועגען דעם פּארפאסער פון די דאָזיגע ווערק גאַנץ אַנדערש. וואָס ס׳איז שייך צו די פּויערים אין גריגאָראָוויטש׳עס שילדערונגען וויל איך זיך דאָ ערלויבען צו מאַכען איין באַמערקונג. עס איז קיין ספק ניט, אַז זיי זיינען אביסעל אידעאַליזירט; מען מוז אבער זאָגען, אז דאָס רוסישע פּויערטום שטעלט מיט זיך ניט פאַר קיין קאָמפּאַקטע איינפאָרמיגע מאסע. אויף דער טעריטאָריע פון איי־ראָפּעאישען רוסלאַנד האָבען זיך באַזעצט עטליכע ראַסען, און פאַרשיידענע טיילען פון דער באַפעלקערונג זיינען אין זייער אנט־וויקלונג געגאַנגען אויף פאַרשיידענע ליניעס. דער פּויער פון דרום רוסלאַנד איז גאַנץ פאַרשיידען פון׳ם פּויער פון צפון רוסלאַנד, און די מערב־רוסלאַנד פּויערים זיינען אין יעדען פּרט פאַרשיידען פון די פון מזרח־רוסלאַנד. גריגאָראָוויטש האָט באַשריבען הויפּט־זעכליך די פּויערים, וואָס וואוינען דירעקט צו דרום פון מאָסקווע, אין די טולער און קאַלוגער גובערניעס, און זיי זיינען טאַקע יענע מילדע און עטוואָס פּאַטעטישע, אונטערדריקטע און דאָך אומשעד־ליכע, גוטהאַרציגע ראַסע פּויערים, וואָס גריגאָראָוויטש האָט באַ־שריבען אין זיינע נאָוועלען — א מין קאָמבינאַציע פון דער ליט־ווינער און אוקראַינער פּאַטעטישער נשמה מיט דעם גרויס־רוסישען קאָמונאַלען גייסט. די עטנאָגראַפען גופא זעהען אין דער באַפעל־קערונג פון אָט־דעם טייל פון רוסלאַנד א ספּעציעלע עטנאָגראַפישע גרופּע.

אודאי, טורגענעוו׳ס פּויערים (טולא און אָריאָל) זיינען מעהר רעאַל, זיינע טיפּען זיינען בולט׳ער, און יעדער איינציגער פון די מאָדערנע פאָלקס־נאָוועליסטען, אַפילו פון די ווענינער טאַלאַנט־פולע, איז אָריינגעדרונגען א סך ווייטער איידער גריגאָראָוויטש אין דער טיפעניש פון׳ם כאַראַקטער און לעבען פון׳ם פּויערטום. אָבער גריגאָראָוויטש׳עס נאָוועלען, מיט זייערע אלע חסרונות, האָ־בען אויסגעאיבט א טיפען איינפלוס אויף א גאַנצען דור. זיי האבען אונז געלערנט ליב האָבען די פּויערים און פיהלען די גאַנצע משא פון דעם חוב, וואָס איז געלעגען אויף אונז, דעם געבילדעטען טייל

פון דער געזעלשאַפט. זיי האָבן זעהר פיעל בייגעטראַגען צו שאַ־פען אן אלגעמיינעם געפיהל צו גונסטען פון די לייבאייגענע, אהן וועלכען די אפשאַפונג פון לייב־אייגענטום וואָלט זיכער אָפּגע־שטופּט געוואָרן אויף פיעל יאָהרען, און וואָלט געוויס ניט געהאַט אזא ברייטען פארנעהם. און שפּעטער, אין די זיבעציגער יאָהרען, האָבען זיינע ווערק ווידער פיעל בייגעטראָגען צו באַשאַפען די באַ־וועגונג „אין פאָלק". וואָס ס'איז שייך צו גריגאָראָוויטש'עס איינ־פלוס, קאָן מען זאָגען, אז עס איז נאָך א פראַגע, צי טורגענעוו וואָלט געווען געגנאָגט אזוי צו שרייבען וועגען די פּויערים, ווי ער האָט געשריבען אין זיינע „נאָטיצען פון א יעגער", אדער צי נעקראַסאָוו וואָלט געווען פאַרפאַסט זיינע ליידענשאפטליכע פערזען וועגען פאָלק, ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט גריגאָראָוויטש'ן פאר א וועג־ווייזער.

אן אנדער שריפטשטעלער פון דער זעלביגער שול, וואָס האָט אויך געמאַכט א זעהר טיפען איינדרוק פונקט ערב דער באפריי־אונג פון די פּויערים, איז געווען מאַדאַם מ א ר י א מ א ר־ק א ו ו י ט ש, וועלכע האָט געשריבען אונטער'ן פּסעוודאָנים פון מ א ר ק א ו ו א ו ט ש א ק. זי האָט געשטאַמט פון א פּריצ'י־שער פאַמיליע פון צענטראַל רוסלאַנד, האָט חתונה געהאַט מיט דעם אוקראַינישען שריפטשטעלער מאַרקאָוויטש, און האָט איהר ערשטען בוך דערצעהלונגען פון דעם פּויערים־לעבען (1857־1858) אנגעשריבען אין אן אויסגעצייכענטען אוקראַיניש (טורגענעוו האָט דאָס בוך שפּעטער איבערזעצט אין רוסיש). זי האָט זיך אָבער באַלד אומגעקערט צו איהר מוטער־שפּראַך, און איהר צווייטער בוך דערצעהלונגען פון דעם פּויערים לעבען, ווי אויך איהרע ווייַ־טערדיגע נאָוועלען פון דעם לעבען פון די געבילדעטע קלאַסען, זיינען שוין געווען געשריבען אין רוסיש.

אין דער היינטיגער צייט קענען די נאָוועלען פון מאַרקאָ וואָוו־טשאָק זיך אויסצייגען זעהר סענטימענטאַל — די וועלט־באַריהמטע נאָוועלע פון האַריעט בּיטשער סטאָו מאַכט אויך איצטער דעם זעלבּיגען איינדרוק, — אָבער אין יענע יאָהרען, ווען די גרעסטע פראַגע פאר רוסלאַנד איז געווען, צי זאָלען די פּויערים באַפרייט ווערן פון לייב־אייגענטום אדער ניט, און ווען אַלע בעסטע קרעפטען פון לאַנד זיינען געווען נויטיג פאר דעם קאַמף צו גונסטען פון

זייער באַפרייאונג — אין יענע יאָהרן האָט דאָס גאַנצע געביל־דעטע רוסלאַנד מיט פאַרגעניגען געלייענט די נאָוועלען פון מאַרקאָ וואָווטשאָק און געוויינט אויף דעם גורל פון איהרע העלדינגען־פויערטעס. אָבער אויך אחוץ דער דאָזיגער נויט פון מאָמענט — און די קונסט מוז דינען דער געזעלשאַפט אין אַזעלכע קריזיסען — האָבען די סקיצען פון מאַרקאָ וואָווטשאָק אויך געהאַט ערנסטע מעלות. זייער „סענטימענטאַליטעט“ איז ניט געווען די סענטימענ־טאַליטעט פון דעם אָנפאַנג פון דעם נײַנצענטען יאָהרהונדערט, הינטער וועלכער עס האָט זיך באַהאַלטען אַ מאַנגעל פון אַן אמת׳־דיג געפיהל. אין איהרע נאָוועלען האָט זיך געפיהלט דאָס קלאַפּען פון אַ ליבענדיג האַרץ; און עס איז אין זיי פאַראַן אמת׳ע פּאָע־זיע, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרן דורך דער פּאָעזיע פון דעם אוק־ראַינער פאָלקלאָר און פון זיינע פאָלקס־לידער. מאַדאַם מאַר־קאָוויטש איז מיט זיי אַזוי גוט באַקאַנט געווען, אַז זי פלעגט אויספּילען, אויף אַ מייסטערהאַפטיגען שטייגער, ווי די רוסישע קריטיקער האָבען באַמערקט, איהר ניט־געוויינע באַקאַנטשאַפט מיט׳ן אמת׳ן פאָלקס־לעבען מיט פיעלע שטריכען, וואָס דער פאָלקלאָר און די פאָלקס־לידער פון אוקראַינע האָבען איהר אונטערגעזאָגט. איהרע העלדען זיינען געווען אויסגעטראַכטע, אָבער די אַטמאָס־פערע פון אַן אוקראַיניש דאָרף, די קאָלירען פון דעם לאָקאַלען לעבען זיינען פאַראַן אין אַט־די סקיצען; און דער לייכטער פּאָע־טישער אומעט פון דעם אוקראַינישען פויערטום איז געשילדערט מיט דעם צאַרטען ריהר פון אַ פרויען־האַנט.

צווישען די נאָוועליסטען פון יענעם פעריאָד מוז אויך דער־מאָנט ווערן דאַנילעווסקי (1829-1890). הגם ער איז בעסער באַ־קאַנט אַלס פאַרפאַסער פון היסטאָרישע ראָמאַנען, האָבען אויך געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג זיינע דריי נאָוועלען: „די אַנטלאָפענע אין נאָוואָראָסיע“ (1862), „די אַנטלאָפענע האָבען זיך אומגע־קערט“ (1863), און „די נייע טעריטאָריעס“ (1867), אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס לעבען פון די פרייע קאָלאָניסטען אין בעסאַראַביע. זיי אַנטהאַלטען לעבעדיגע און זעהר סימפּאַ־טישע סצענעס פון דעם לעבען פון די דאָזיגע קאָלאָניסטען — מעהרסטענס אַנטלאָפענע פּאַנשטשיזניקעס — וואָס האָבען פאַר־כאַפּט פרייע שטיקער ערד אָהן דער צושטימונג פון דער צענט־

ראלער רעגירונג, אין די פריש־אנעקסירטע טעריטאריעס פון דרום־מערב רוסלאנד, און זיינען געווארן די קרבנות פון פארשיידענע אונאנטיוריסטען.

## דער איבערגאנגס-פעריאד.

ניט קוקענדיג אויף אלע מעלות פון זייער ארבייט, האבען אבער גריגאראוויטש און מארקא וואווטשאק פארפעהלט איינצוזעהן, אז ווען מען נעמט פאר'ן סוזשעט פון נאוועלען דאס לעבען פון די ארימע קלאסען, מוז מען שוין אויך אויסארבייטען דערצו א ספעציעלע ליטעראַרישע פארם. די געוועהנליכע ליטעראַרישע טעכניק, וואס איז אויסגעארבייט געווארן פאר די נאוועלען, וועלכע באהאנדלען דאס לעבען פון די פארמעגליכע קלאסען — מיט איהר מאנעריזם, איהרע „העלדען", וואס ווערן איצטער פּאעטיזירט פונקט ווי די ריטער פלעגען אמאל פּאעטיזירט ווערן אין די ריטער־ראמאנען — איז זיכער ניט די פּאסיגסטע פארם פאר נאוועלען, וואס באהאנדלען דאס לעבען פון די אמעריקאנער „סקוואטערס", למשל, אדער פון די רוסישע פּויערים. מען האט געדארפט אויסארבייטען נייע מעטאדען און אן אנדער סטיל, אבער דאס איז געטאן געווארן לאנגזאם, טריט ביי טריט, און עס וואלט געוועזען זעהר אינטערעסאנט צו אנצייגען אט־די שטופּענווייזע אנטוויקלונג פון גריגאראוויטש'ען ביז צום אולטרא־רעאליזם פון רעשיאטניקאוו'ן און ביז דער פאלקאמענהייט פון פארם, וואס דער רעאליסט־אידעאליסט גארקי האט דערגרייכט אין זיינע קירצערע דערצעהלונגען. אין דעם איצטיגען ווערק קענען מיר אבער אנצייגען נאר אויף עטליכע צווישען־טריט.

י. ט. קאקאראוו (1826-1853), וועלכער איז געשטארבען זעהר יונג, נאכדעם ווי ער האט אנגעשריבען עטליכע דערצעהלונגען פון דעם לעבען פון די קליינע האנט־ווערקער פון די שטעט, האט זיך נאך ניט געהאט באפרייט פון דעם סענטימענטאליזם פון דעם גוטהארציגען זייטיגען באאבאכטער; ער איז אבער זעהר גוט באקאנט געוועזען מיט אט־דעם לעבען פון אינעווייניג: ער איז געבארן און ערצויגען געווארן אין גרויס ארעמקייט, צווישען אט־די זעלביגע מענשען; פאלגליך, זיינען די בעלי־מלאכות אין זיינע נאוועלען לעבעדיגע וועזענס, געשילדערט, ווי דאבראליובאוו זאגט,

„מיט װאַרעמקייט און א געװיסער צוריקגעהאַלטענקייט, אַקוראַט װי זיי װאָלטען געװען זיינע נאָהנטסטע קרובים". פונדעסטװע־גען „האָט זיך פון אַט־דעם װייבען, געדולדיג־ליידענדען האַרץ ניט אַרויסגעריסען קיין פאַרצװייפלונגס־געשריי, קיין קרעפטיגע קללה, אָדער בייסענדיגע אירָאָניע". אין זיינע װערק הערט זיך אפילו דער טאָן פון שלום מיט די סאָציאַלע אומגליכהייטען.

א באַדייטענדיגען שריט פאָרװערטס אויף דעם געביט פון דער פאָלקיסטישער נאָװעלע האָבען געמאַכט א. פ. פיסעמסקי (1820־1881), און א. א. פאָטיעכין (געבאָרן געװאָרן אין דעם יאָהר 1829), הגם קיין איינציגער פון זיי קען ניט צוגערעכענט װערן אויס־שליסליך צו די פאָלקס־נאָװעליסטען. פיסעמסקי האָט געלעבט אין איין צייט מיט טורגענעװ'ן, און עס איז געװען א צייט אין זיין ליטעראַרישער קאַריערע, װען מען האָט געדענקט, אז ער װעט פאַרנעמען א פּלאַץ אין איין רייהע מיט טורגענעװ'ן, טאָלסטאָי'ען און גאָנטשאַראָװ'ן. ער האָט, אָהן ספק, באַזעסען א גרויסען טאַלאַנט. אַלץ, װאָס ער האָט געשריבען, האָט געאָטעמט מיט רע־אַלען לעבען און קראַפט, און זיין נאָװעלע „טויזענט נשמות", װאָס איז ערשינען ערב דער באַפרייאונג פון די פויערים (1858), האָט געמאַכט א טיפען איינדרוק. זי האָט אויך געקראָגען א ריכ־טיגע אָפּשאַצונג אין דייטשלאַנד װאו זי איז איבערזעצט געװאָרן דעם נעקסטען יאָהר. פיסעמסקי איז אבער ניט געװען קיין מענש מיט פּרינציפּען, און אַט־די נאָװעלע איז געװען זיין לעצטע ערנ־סטע און װירקליך גוטע שאַפונג. װען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע ראַדיקאַלע און „ניהיליסטישע" באַװעגונג (1858־1864), און יעדער איינער האָט געמוזט נעמען א באַשטימטע שטעלונג אין אַט־דעם שאַרפען קאַמף פון מיינונגען, האָט פיסעמסקי, װעל־כער איז געװען טיף פּעסימיסטיש אין זיין אורטייל װעגען מענשען און אידעען און געקוקט אויף „איבערצייגונגען" װי אויף א פּשוט'ן צודעק פאַר דעם שמאָלען עגאָיזם פון דעם נידעריגסטען סענסואַלען סאָרט, גענומען א פיינדליכע שטעלונג צו אַט־דער באַװעגונג און האָט אָנגעשריבען אַזעלכע נאָװעלען, װי דער „צע־שטורמטער ים", װאָס זיינען באמת געװען פּשוט'ע רכילות אויף דעם יונגען דור. דאָס האָט, פאַרשטעהט זיך, אָװעקגע'הרג'עט זיין באַדייטענדיגען טאַלאַנט.

פיסעמסקי האָט אויך אָנגעשריבען, אין אָנפאַנג פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע, עטליכע דערצעהלונגען פון דעם לעבען פון די פויערים („דער אַרטעל פון די בוי־אַרבייטער", „דער פעטערבורגער" א. אנד.), און א דראַמע פון דעם דאָרפס־לעבען „דער ביטערער גורל"; אָט־די אַלע ווערק האָבען אַן אמת'ן ליטעראַרישען ווערט. דער פאַרפאַסער האָט אין זיי אַרויסגעצייגט א באַקאַנטשאַפט מיט'ן פויערים־לעבען און א מייסטערשאַפט אין דעם געברויך פון דער רוסישער פאָלקס־שפּראַך און א פאָלשטענדיג רעאַליסטישע אויפפאַסונג פון דעם פויערשען כאַראַקטער. אין זיי איז אפילו קיין שפּור ניטאָ פון יענער אידעאַליזירונג, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק געפיהלט אין די לעצטע ווערק פון גריגאָראָוויטש'ען, וועלכער האָט געשריבען אונטער'ן איינפלוס פון זשאָרזש זאַנד. די געזעצטע, פּראַקטישע פויערשע כאַראַקטערען, וועלכע פיסעמסקי האָט געשילדערט, זיינען גענומען פון א ווירקליכער, געזונטער באַאָבאַכטונג פון לעבען און קאָנען זיך פאַרגלייכען מיט די בעסטע פויערים־כאַראַקטערען, וועלכע טורגענעוו האָט געשילדערט. וואָס ס'איז שייך צו פיסעמסקי'ס דראַמע (אגב, ער איז אויך געווען א גוטער אַקטיאָר), פאַרלירט זי גאָרנישט פון א פאַרגלייך מיט אָסטראָווסקי'ס בעסטע דראַמעס, און אין איהר איז אפילו פאַראַן מעהר טראַגיזם; פון דער אַנדער זייט, שטעהט איהר קרעפטיגער רעאַליזם ניט נידעריגער פון טאָלסטאָי'ס „מאַכט פון פינסטערניש", מיט וועלכער פיסעמסקי'ס דראַמע האָט פיל אַלגעמיינעס און שטייגט זי אפשר נאָך אַריבער, לויט איהר צוגעפאַסטקייט צו דער בינע.

פאָטיעכינ'ס הויפּט־ווערק זיינען געווען זיינע קאָמעדיעס, וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרען אין דעם פריערדיגען קאַפּיטעל. אַלע זיינען זיי גענומען פון דעם לעבען פון די געבילדעטע קלאַסען. אָבער ער האָט אויך אָנגעשריבען עטליכע ווינציגער־באַקאַנטע דראַמעס פון דעם פויערים לעבען, און צוויי מאָל — אין אָנפאַנג פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע, אין די פופציגער יאָהרען, און שפּעטער, אין די זיבעציגער יאָהרען — האָט ער זיך גענומען שרייבען קורצע דערצעהלונגען און נאָוועלען פון דעם פאָלקס־לעבען.

די דאָזיגע דערצעהלונגען און נאָוועלען זיינען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פאָלקיסטישער נאָוועלע

אינ'ם משך פון יענע יאָהרן. אין זיינע ערשטע דערצעהלונגען איז פּאַטיעכין איננאַנצען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער דאָמאָלסטיגער טענדענץ צו אידעאַליזירן די פּויערים, אבער אין זיין צווייטען פּעריאָד, נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעלעבט דעם רעאַליזם פון די זעכציגער יאָהרן, און האָט אַן אַנטייל גענומען אין דער אויבענדערמאָנטער עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע, האָט ער געענדערט זיין מאַניר. ער האָט זיך איננאַנצען באפרייט פון דער וואוילטעטיגער אידעאַליזאַציע און געשילדערט די פּויערים ווי זיי זיינען געווען אין דער ווירקליכקייט. אין דער באַשאַפונג פון אינדיווידועלע כאַראַקטערן איז ער, אָהן ספק, געווען ערפאָלגרייך, אבער דאָס לעבען פון דאָרף — דער „מ י ר“ — אָהן וועלכען מען קען רעאַל ניט אָפּשילדערן דאָס רוסישע דאָרפס־לעבען, און וואָס ערשיינט אזוי גוט אין די ווערק פון די שפּעטערדיגע פאָלקס־נאָוועליסטען, פעהלט נאָך ביי איהם. בכלל, פיהלט מען, אז פּאַטיעכין האָט גוט געקענט דאָס אויסערליכע לעבען פונ'ם רוסישען פּויערטום, אויך זייער אופן פון רעדען, אבער אז ער האָט נאָך ניט באגריפען די ווירקליכע נשמה פונ'ם פּויער. דאָס איז ערשט שפּעטער געקומען.

## די עטנאָגראַפישע פאָרשונגען.

דאָס לייב־אייגענטום איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אינ'ם יאָהר 1861; צוזאמען דערמיט איז אויך אוועק די צייט פון בלויז קלאָגען זיך אויף זיינע איבלען. באַווייזען, אז די פּויערים זיינען מענשליכע ברואים און צוגענגליך צו אלע מענשליכע געפיהלען, איז שוין מעהר ניט געווען נויטיג. נייע און א סך טיפערע פּראָבלעמען, וואָס האָבען באַרירט דאָס לעבען און די אידעאַלען פון דעם רוסישען פאָלק, זיינען איצטער אַנטשטאַנען פאַר יעדען דענקענדען רוס. דאָ איז געווען א פאָלקס־מאַסע פון כמעט פופציג מיליאָן מענשען, וועמעס לעבענס־שטייגער, גלויבען, אַרט דענקען און אידעאַלען זיינען געווען פולשטענדיג פאַרשידען פון דעם לעבען, גלויבען, אַרט דענקען און די אידעאַלען פון די געבילדעטע קלאַסען, און אין דערזעלביגער צייט איז די דאָזיגע מאַסע געווען אזוי אומבאַקאַנט צו די וואָס האָבען געזאָלט זיין די פיהרער פון פּראָגרעס, פּונקט ווי אַט־די

מיליאַנען וואָלטען גערעדט נאָר אַז אַנדער שפּראַך און געהערט צו אַן אַנדער ראַסע.

אונזערע בעסטע מענשען האָבען געפיהלט, אַז די גאַנצע צו־קינפטיגע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד קען אָפּגעשטעלט ווערן אויב די דאָזיגע אומוויסענהייט וועט ווייטער פאָרטגעזעצט ווערן. און די ליטעראַטור האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי האָט געקענט, צו פאַרענט־פערן די גרויסע פראַגען, וועלכע האָבען זיך אויפגעשטעלט פאַר דעם דענקענדיגען מענשען אויף יעדען שריט פון זיין סאָציאַלער און פּאָליטישער טעטיגקייט.

אין די יאָהרען פון 1858 ביז 1878 איז די עטנאָגראַפישע אויספאָרשונג פון רוסלאַנד אנגעגאַנגען אויף אַזאַ מאַסשטאַב, וואָס מען האָט עס אין קיין אַנדער לאַנד, אין אייראָפּע אָדער אַמעריקע, ניט געזעהן. די מאָנומענטען פון אַלטען פאָלקלאָר און פּאָעזיע; דאָס געוועהנליכע געזעץ־סיסטעם פון פאַרשיידענע טיילען און נאַ־ציאָנאַליטעטען פון דער אימפּעריע; די רעליגיעזע גלויבונגען און די פאָרמען פון גאָטעס־דינסט, און נאָך מעהר, די סאָציאַלע שטרע־בונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן אַ סך רוסישע רעליגיעזע סעקטען; די העכסט אינטערעסאַנטע מנהגים און פיהרונגען וואָס הערשען אין די פאַרשיידענע פּראָווינצען; די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פּויערים; זייערע היימישע מלאכות; די קאָלאָסאַלע פיש־פאַנג־ אַרטע־לען אין דרום־מזרח פון רוסלאַנד; די טויזענטער פאַרשיידענע פאָרמען פון די פּאָפּולערע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס (אַרטע־לען); די אינערליכע „קאָלאָניזאַציע“ פון רוסלאַנד, וועלכע קען נאָר פאַרגליכען ווערן מיט דער קאָלאָניזאַציע פון די פאַראייניגטע שטאַ־טען; די אַנטוויקלונג פון די אידעען פון לאַנד־אייגענטום, א. אז. וו. — אַט־די אַלע ענינים זיינען געוואָרן די געגענשטאַנדען פון די ברייטסטע אויספאָרשונגען.

די גרויסע עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע, וואָס דער גרויס־פירשט קאָנסטאַנטין האָט אָרגאַניזירט, אין וועלכער עס האָבען אַן אַנטייל גענומען אַ היבשע צאָהל פון אונזערע בעסטע שריפטשטע־לער, איז נאָר געווען די פאָרלויפערין פון אַ סך עקספּעדיציעס — גרויסע און קליינע — וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די פיעל רוסישע וויסענשאַפטליכע געזעלשאַפטען, כדי צו שטודירן בפרטיות די עטנאָגראַפיע פון רוסלאַנד, דעם פאָלקלאָר און דאָס עקאָ־

נאָמיש לעבען. עס האָבען זיך געפונען אזוינע מענשען ווי יאקושקין (1820‑1872), וועלכער האָט אָפּגעגעבען זיין גאַנץ לעבען, ארומוואנדערנדיג צופוס פון דאָרף צו דאָרף, געקליידט ווי דער אָרימסטער פויער, אָהן א שום זאָרג פאר דעם מאָרגען; אן אויסגעוויקטער פונ'ם רעגען, פלעגט ער זיינע פויערשע קליידער אויסטריקענען אויף זיינע פּלייצעס, האָט געלעבט מיט די פויערים אין זייערע אָרימע הייזלאך און דאָרטען געזאמעלט פאָלקס־ליעדער און עטנאָגראַפישען מאטעריאל פון גרעסטען ווערט.

א ספּעציעלער טיפּ פון די רוסישע אינטעליגענטען האָט זיך אַנטוויקעלט אין די אזויגערופענע „לידער־זאמלער" און „זעמסטוואָ סטאַטיסטיקער" — א גרופּע מענשען, אלטע און יונגע, וועלכע האָבען אין די לעצטע פינף־און־צוואנציג יאָהר געווידמעט זייער לעבען אלס וואלונטירן אדער פאר א לעבערליך־קליינעם געהאַלט, צו דער סטאַטיסטישער ארבייט פאר די זעמסטוואָס, ארומגעהענדיג פון שטוב צו שטוב און אלעמען אויספרעגענדיג (א. ערטעל האָט אויסגעצייכענט באשריבען די דאָזיגע „סטאַטיסטיקער" אין איינער פון זיינע נאָוועלען).

עס איז גענוג צו זאָגען, אז, לויט די אָנווייזונגען פון א. נ. פּיפּין (געב. אינ'ם יאָהר 1833), דער פּראָפעסאָר פון א פולשטענדיגער „געשיכטע פון דער רוסישער עטנאָגראַפיע" (פיר בענדער), זיינען ערשינען ניט ווינציגער פון פיער טויזענט גרויסע ווערק און באדייטענדיגע זשורנאל־ארטיקלען אין משך פון די צוואנציג יאָהר (1858‑1878), פון וועלכע א העלפט איז געווידמעט דער עקאָנאָמישער לאגע פון די פויערים, און די אנדער העלפט צו דער עטנאָגראַפיע אין איהר ברייטערן זין; און אָט־די פאָרשונגען ווערן נאָך פאָרטגעזעצט אויף דעם זעלביגען מאַסשטאַב. דער בעסטער שטריך פון אָט־דער גאנצער באוועגונג איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס זי האָט זיך ניט געענדיגט אלס טויטער מאַטעריאל אין די אָפּיציעלע אויסגאַבען. איניגע באַריכטען, ווי, למשל, מאַקסימאָוו'ס „א יאָהר אין די צפון געגענדען", „סיביר און קאַטאָרגע" און „דאָס ארומוואנדערענדיגע רוסלאַנד", אַפאַנאַסיעוו'ס „לעגענדען", זשעלעזנאָוו'ס „אוראַלער קאָזאַקען", מעלניקאָוו'ס (פּעטשעאָרסקי) „אין די וועלדער און אויף די בערג" און מאַרדאָווצעוו'ס מעהרערע סקיצען, זיינען געווען אזוי גוט אָנגעשריבען, אז זיי האָבען געהאַט

אזא גרויסען לעזער־קרייז, ווי די בעסטע ראמאנען. די טרוקענע סטאטיסטישע באריכטען זיינען צוזאמענגעפאסט געווארן אין לעבעדיגע זשורנאל־ארטיקלען, וועלכע פלעגען געלייענט און דיסקוטירט ווערן איבער'ן גאנצען לאנד. אויסער דעם, זיינען געמאכט געווארן גענויע אויספארשונגען, וואס האבען א שייכות צו פארשיידענע קלאסען פון דער באפעלקערונג, צו געגענדען און אינסטיטוציעס, דורך אזעלכע מענשען ווי פרוגאווין, זאסאדימסקי, פריזשאוו („די געשיכטע פון די שענקלאך אין רוסלאנד“, וועלכע איז אין פאקט א פאפולערע געשיכטע פון רוסלאנד) און אנדערע.

די רוסישע געבילדעטע געזעלשאפט, וואס האט פריהער כמעט ניט געקענט די פויערים, אחוץ נאר קוקענדיג אויף זיי פון די באלקאנען פון זייערע לאנד־ווילאס, איז אויף אזא אופן, אין א משך פון עטליכע יאהר, געבראכט געווארן אין א נאהנטער באריהרונג מיט אלע שיכטען פון די ארבייטענדיגע מאסען; און עס איז זיך לייכט פארצושטעלען, וואס פאר אן איינפלוס אט די באריהרונג האט אויסגעאיבט ניט נאר אויף דער אנטוויקלונג פון די פאליטישע אידעען, נאר אויך אויף דעם גאנצען כאראקטער פון דער רוסישער ליטעראטור.

די נאוועלע, וואס אידעאליזירט דעם פויער, איז איצטער אוועק אין דער פארגאנגענהייט. די שילדערונג פון די „ליבע פויערים“ אלס הינטערגרונד כדי אוועקצושטעלען זייערע אידילישע טוגענדען אנטקעגען די חסרונות פון די געבילדעטע קלאסען, איז שוין מעהר ניט געווען מעגליך. דאס באנוצען זיך מיט'ן פאלק נאר ווי מיט מאטעריאל פאר בורלעסק־מעשיות, ווי ניקאלאי אוספענסקי און וו. א. סלעפצאוו האבען פרובירט צו טאן, האט געהאט נאר א קורץ־ווייליגען ערפאלג. עס האט זיך געפאדערט א נייע, א ווירקליכע רעאליסטישע שול פון פאלקס־נאוועליסטען. אלס רעזולטאט דערפון האט זיך באוויזען א באדייטענדע צאהל שריפטשטעלער, וועלכע האבען געעפענט א באדען, און דורך דעם וואס זיי האבען קולטיווירט א זעהר הויכען באגריף מכח די פליכטען פון קונסט אין דער שילדערונג פון די ארימסטע, אומגעבילדעטע קלאסען, האבען זיי, לויט מיין מיינונג, אויפגעעפענט א נייע בלאט אין דער אנטוויקלונג פון דער נאוועלע פאר דער ליטעראטור פון אלע פעלקער.

## פאָמיאַלאָווסקי.

דער קלערוס אין רוסלאַנד — דאָס הייסט די גלחים, די דיאַקען, די כאַרמייסטערס און די גלאָקען־ציהער — שטעלען צוזאַמען אַ באַזונדער קלאַס, וואָס שטעהט צווישען די „קלאַסען" און די „מאַסען" — אַ סך נעהנטער צו די לעצטע ווי צו די ערשטע. דאָס קען מען ספּעציעל זאָגען בנוגע צום דאָרפישען קלערוס, און אָט־די נאָהנטקייט איז נאָך געווען אַ סך שטאַרקער צוריק מיט פופציג יאָהר. ניט באַקומענדיג קיין געהאַלט, האָט דער דאָרפישער גלח, ווי אויך זיין דיאַק און זיינע זינגער, געלעבט הויפּטזעכליך באַאַר־בייטענדיג דאָס לאַנד, וואָס האָט געהערט צום דאָרפישען קלויסטער. אין מיין יוגענט, אין אונזער צענטראַל־רוסישער געגענד, פלעגען זיך די גלחים אין די הייסע זומער־חדשים, בעת'ן אריינגעמען דאָס היי אָדער די תבואה, שטענדיג צואיילען מיט די מאָרגען־תפילות, כדי שנעלער זיך אומצוקעהרן צו זייער פעלד־אַרבייט. דעם גלח'ס הויז איז אין יענע צייטען געווען געבויט פון קיילעכ־דיגע קלעצער, קוים בעסער פון די אָרומיגע פויערשע באַטקעס, מיט וועלכע עס איז געשטאַנען אין איין רייהע, און איז געווען גע־דעקט מיט איבערגעבונדענע שטרוי־גאַרבען, אַנשטאַט איינפאַך באַדעקט מיט שטרוי. זיין קליידונג האָט זיך אונטערשיידט פון דער פויערשער קליידונג מעהר אינ'ם שניט, ווי אין דעם מאַטע־ריאַל, פון וועלכען זי איז געמאַכט געוואָרן, און ווען ער איז נאָר פריי געווען פון די קלויסטער־דיענסטען און זיינע אַנדערע פליכ־טען, פלעגט מען איהם שטענדיג קענען זעהן אין פעלד ביים אַקער אָדער אַרבייטענדיג אויף די לאַנקעס מיט'ן סערפּ.

אַלע קינדער פון די גייסטליכע באַקומען אומזיסטיגע בילדונג אין די ספּעציעלע קלעריקאַלע שולען, און אייניגע פון זיי דער־נאָך אין די סעמינאַרן, און נ. ג. פאָמיאַלאָווסקי (1835-1863) האָט זיך אין אַנפאַנג ערוואָרבען זיין נאָמען דורך דער באַשרייבונג פון די עקעלהאַפטע לערן־מעטאָדען, וואָס האָבען געהערשט אין אָט־די שולען אין די פערציגער און פופציגער יאָהרען. ער איז געווען דער זוהן פון אַן אָרעמען דיאַק, אין אַ דאָרפעל לעבען פּעטערבורג, און ער איז אַליין דורכגעגאַנגען איינע פון די שולען און אַ סעמי־נאַר. סיי די נידעריגע, סיי די העכערע שולען זיינען דעמאָלט גע־

ווען אין די הענט פון גאנץ אומגעבילדעטע גלחים — הויפּטזעכ־ליך מאָנאַכען — און די אומזיניגסטע מעטאָדע פון אויסלערנען מעכאַניש די העכסט אבסטראקטע טעאָלאָגיע, איז געווען דער רע־געל. דער אלגעמיינער מאָראלער מצב אין די שולען איז געווען זעהר נידעריג; מען האט דאָרטען פיל גע׳שיכור׳ט, און שמייסען פאר יעדער לעקציע, וואָס מען האָט ניט אויסגע׳חזר׳ט אויף אויס־ווענינ, אָפּטמאָל צוויי־דריי מאָל א טאָג, מיט אלע פּרטים פון ראַפינירטער גרויזאמקייט — איז געווען דער הויפּט מיטעל פון בילדונג. פּאָמיאַלאָווסקי האט ליידענשאַפטליך ליעב געהאט זיין אינגערן ברודער און האט זעהר געוואָלט איהם אָפּראַטעווען פון דער ערפאהרונג, וואָס ער אליין האט דורכגעמאכט, האט ער אָנגע־פאנגען שרייבען פאר א פּעדאַגאָגישען זשורנאַל וועגען דער ער־ציהונג אין די קלעריקאַלע שולען, כדי צו פארדינען און קריגען די מעגליכקייט איהם אריינצוגעבען אין א גימנאַזיע. באלד נאָכדעם איז ערשינען א זעהר קרעפטיגע נאָוועלע פון דעם ווירקליכען לע־בען פון אָט־די שולען, און א סך גלחים, וועלכע זיינען געווען קרבנות פון אזא מין „דערציהונג", האבען געשריבען צו די צייַ־טונגען און באשטעטיגט, וואָס פּאָמיאַלאָווסקי האט געזאָגט. דער אמת אהן באפּוצונגען, דער נאַקעטער אמת מיט אן אבסאָלוטער אפּלייקענונג פון דער פאָרמולע „קונסט צוליב קונסט", איז געווען דער הויפּט־שטריך פון פּאָמיאַלאָווסקי׳ס ארבייט, וועלכער איז אוועק אין אָט דער ריכטונג אזוי ווייט, אז ער האָט אפילו פאר־וואָרפען די אזוי־גערופענע העלדען. די מענשען, וואָס ער האָט געשילדערט, זיינען ניט געווען קיין שארף־אויסגעטיילטע טיפּען, נאָר, אויב איך מעג זיך אזוי אויסדריקען, זיי זיינען געווען די „נייטראל־קאָלירטע" טיפּען פון דעם רעאַלען לעבען: די אומבאַ־שטימטע, ניט צו־גוטע און ניט צו־שלעכטע, פון וועלכע די מענש־הייט באשטעהט אָם־מעהרסטען, און וועמעס אינערציע איז אומע־טום די גרעסטע שטערונג צום פּראָגרעס.

אויסער זיינע סקיצען פון דעם לעבען פון די קלעריקאַלע שו־לען, האָט פּאָמיאַלאָווסקי אָנגעשריבען צוויי נאָוועלען פון דעם לעבען פון די ארימערע מיטעל־קלאַסען: „דאָס בירגערליכע גליק" און „מאָלאָטאָוו", — וועלכע זיינען אויטאָביאָגראַפיש אין א גרוי־סער מאָס, — און אויך א ניט־פאַרענדיגטע גרעסערע נאָוועלע

„ב ר ו ד ע ר א ו ן ש ו ו ע ס ט ע ר“. אין אַט־די ווערק האָט ער ארויסגעצייגט דעמזעלביגען ברייטען, הומאַניטארען גייסט, ווי דאָסטאָיעווסקי האָט געהאַט, באַמערקענדיג די מענשליך־גוטע שטריכען ביי די נידעריגסט געזונקענע מענער און פרויען; אבער די ווערק זיינע צייכענען זיך אויס מיט יענער געזונטער רעאַליס־טישער טענדענץ, וואָס איז געווען דער הויפּט־שטריך פון דער יונגער ליטעראַרישער שול, פון וועלכער ער איז געווען איינער פון איהרע גרינדער. ער האָט אויך אָפּגעמאָלט, אויסערגעוועהנליך קרעפטיג און טראַגיש, דעם העלד פון די אַרימערע קלאַסען, וועל־כער איז דורכגעדרונגען מיט האַס צו די העכערע קלאַסען און צו אַלע פאָרמען פון סאָציאַלען לעבען, וואָס עקזיסטירען נאָר פון זייער טובה וועגען, אָבער האָט ניט קיין גלויבען אין זיינע אייגענע מעגליכקייטען, וואָס קומט פון וויסען, און וואָס אַ ווירקליכע קראַפט באַזיצט שטענדיג. דערפאַר ענדיגט אַט־דער העלד אָדער אין אַ פיליסטערישער פאַמיליען־אידיליע, אָדער, אויב דאָס גיט זיך איהם ניט איין, מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון אומזיניגער גרוי־זאַמקייט צו דער גאַנצער מענשהייט, ווי דער איינציג־מעגליכער יסוד פון פערזענליכען גליק.

די דאָזיגע נאָוועלען האָבען זעהר אַ סך פאַרשפּראָכען, און אויף פּאָמיאַלאָווסקי'ן האָט מען געקוקט, ווי אויף דעם צוקינפטיגען פיהרער פון אַ נייער ליטעראַרישער שול; אָבער ער איז געשטאָר־בען נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרן דרייסיג יאָהר.

## ר י ע ש י אָ ט נ י ק אָ ו.

ריעשיאָטניקאָוו (1841־1871) איז געגאַנגען נאָך ווייטער אין דערזעלביגער ריכטונג, און, צוזאַמען מיט פּאָמיאַלאָווסקי'ן, קען מען איהם באַטראַכטען אַלס דעם גרינדער פון דער אולטראַ־רעאַ־ליסטישער שול פון די רוסישע פאָלק־נאָוועליסטען. ער איז גע־באָרן געוואָרן אין דעם אוראַל־געגענד און איז געוועזן אַ זוהן פון אַן אָרימען דיאַק, וועלכער איז געוואָרן אַ פּאָסט־באַאַמטער. זיין פאַמיליע האָט געלעבט אין גרויס אָרימקייט. אַ פעטער זיינער האָט איהם צוגענומען קיין פּערם און דאָרטען האָט מען איהם גע־שמיסען און געשלאָגען דורך דער גאַנצער צייט פון זיין יוגענט.

ווען ער איז אלט געווארן צעהן יאהר האט איהם דער פעטער אװעקגעשיקט אין א קלאגעדיגער קלעריקאלער שול, וואו מען האט איהם באהאנדעלט נאך ערגער, ווי אין זיין פעטער'ס הויז. ער איז אנטלאפען, האט מען איהם אבער געכאפט און אזוי געשמיסען, אז ער האט אפגעקרענקט אין א שפיטאל צוויי חדשים צייט. אזוי שנעל ווי מען האט איהם צוריק געבראכט אין שול, איז ער ווידער אנטלאפען, צושטעהענדיג צו א באנדע בעטלערס. ער האט זיך שרעקליך אנגעליטען אין דעם משך פון זיינע וואנדערונגען מיט אט־דער באנדע; צום סוף האט מען איהם ווידער געכאפט און נאך אמאל געשמיסען אויף א העכסט בארבארישען אופן. זיין פעטער איז אויך געווען א פאסט־אנגעשטעלטער, און אזוי ווי ריעשיאט־ניקאוו האט ניט געהאט וואס צו לייענען, פלעגט ער גנב'ענען צייטונגען פון דער פאסט, און נאכ'ן לייענען זיי פארניכטען. מען האט זיך אבער אין גיכען דערוואוסט פון אט־די מעשים תעתועים, ווייל ער האט פארניכטעט עפעס א וויכטיגען קייזערליכען מאני־פעסט, וואס איז געווען אדרעסירט צו דער ארטיגער „נאטשאל־סטווא". מען האט איהם געשטעלט צום געריכט און פאר'משפט צו פארשיקען אין א מאנאסטיר (אין יענער צייט זיינען ניט געווען קיין אנדערע אויסבעסערונגס־אנשטאלטען). די מאנאכען זיינען זיך באגאנגען מיט ריעשיאטניקאוו'ן גוט, נאר זיי האבען אבער געפיהרט א זעהר צעלאזענעם לעבען: זיי פלעגען שיכר'ן, זיך איבערפרעסען און ביי־נאכט זיך ארויס'גנב'ענען פונ'ם מאנאסטיר; זיי האבען אויך דעם אינגעל אויסגעלערענט צו טרינקען. ניט קוקענדיג אויף דעם האט ריעשיאטניקאוו, נאכדעם ווי מען האט איהם באפרייט פונ'ם מאנאסטיר, גלענצענדיג אויסגעהאלטען די עקזאמענעם אין דער קרייז־שול און געקראגען א רעגירונגס־שטעלע מיט א געהאלט פון דריי רובעל און שפעטער פון פינף רובעל א חודש. אזא געהאלט האט איהם, פארשטעהט זיך, געקלעקט אויף „וואסער אויף קאשע", ווייל קיין לאפקע־געלט, ווי אלע טשינאווני־קעס פלעגען נעמען, האט ער ניט גענומען. געראטעוועט פון אט־דער לאגע האט איהם א „רעוויזאר", וואס איז דעמאלט גראד גע־קומען קיין פערם. אט־דער הער האט איהם צוגענומען צו זיך אלס איבערשרייבער, און אזוי ווי דאס בחור'ל איז איהם געפעלען גע־ווארן, האט ער איהם געהאלפען זיך אריבערציהען קיין פעטער־

בורג, וואו ער האט פאר איהם געקראגען א שטעלע אין דעם פינאנץ־מיניסטעריום; דארטען איז שוין זיין געהאלט געווען כמעט צוויי מאל אזוי פיעל ווי אין פערם. ריעשעטניקאוו האט געהאט אנגעפאנגען צו שרייבען נאך אין פערם, און האט אויך פארטגעזעצט את־די טעטיגקייט אין פעטערבורג. זיינע ארטיקלען פלעגט ער שיקען צו די מינדערוויכטיגע צייטונגען, ביז ער האט זיך באקענט מיט נעקראסאוו'ן. דעמאלט ערשט האט ער אין דעם „סאווערעמעניק" אפגעדרוקט זיין נאוועלע „פאדליפאווצי" (אין א פראנצויזישער איבערזעצונג Ceux de Podlipnaia).

ריעשעטניקאוו'ס פאזיציע אין דער ליטעראטור איז א גאנץ אייגענארטיגע. „ריעשעטניקאוו'ס ניכטערער אמת" — מיט את־די ווערטער האט טורגעניעוו כאראקטעריזירט זיין שאפונג. עס איז ווירקליך דער אמת, דער ריינער אמת, ניט פארפוצט און אהן ליריש עפעקטען — א מין טאג־בוך, וואו עס ווערן געשילדערט די מענשען, מיט וועלכע דער פארפאסער האט געלעבט אין די אוראלער מינען, אין זיין פערמער דערפעל אדער אין די הינטער־געסלאך פון פעטערבורג. „פאדליפאווצי" הייסען די איינוואוינער פון א קליינעם דערפעל פאדליפנאיא, וואס פארלירט זיך ערגעץ אין די אוראלער בערג. את־די איינוואוינער געהערן צו דעם פערמער שטאם; זיי זיינען נאך ניט פולשטענדיג רוסיפיצירט און זיינען נאך אויף אזא אנטוויקלונגס־שטופע, אויף וועלכער עס געפינען זיך אין דער געגענווערטיגער צייט די איינוואוינער פון א סך געגענדען אין רוסלאנד — ד. ה. אויף דער ערשטער שטופע פון אגריקולטור. זעהר וועניג פון זיי עסען פשוט'ן קארענברויט מעהר ווי צוויי חדשים אין יאהר: די איבעריגע צעהן חדשים זיינען זיי געצוואונגען צוצומישען קארע פון בוימער צו זייער מעהל, פון וואס זיי באקען זייער ברויט. זיי האבען ניט דעם מינדסטען באגריף וואס רוסלאנד איז אזעלכעס, אדער וואס דער שטאאט איז, און זעהר זעלטען קוקען זיי אן א גלח. זיי ווייסען קוים ווי צו באארבייטען די ערד. זיי קענען קיין אויוועו ניט אויפמויערן, און דער פעריאדישער הונגער צווישען די חדשים יאנואר און יולי האט ביי זיי ארויסגענומען דאס הארץ מיט דער נשמה. זיי שטעהען אויף א נידעריגערער שטופע פון אנטוויקלונג אידער די ווירקליכע ווילדע.

איינער פון די אנטוויקעלטסטע פּאַדליפּאַווצעס, פּילאַ, קען צעהלען ביז פינף, די איבעריגע קענען דאָס אויך ניט. פּילאַ'ס באַגריפען וועגען צייט און רוים זיינען פון די סאַמע פּרימיטיוסטע, און דאָך איז אָט־דער פּילאַ א געבאָרענער פיהרער צווישען זיינע האַלב־ווילדע דאָרפס־מענשען, און העלפט זיי שטענדיג ארויס אין פאַרשיידענע זאַכען. ער זאָגט זיי ווען ס'איז צייט צו אַקערן; ער זוכט א פּלאַץ וואו אַפּצוזעצען די פּראָדוקטען פון זייער קליינער הויז־אינדוסטריע; ער ווייס דעם וועג צום נאָהנטסטען שטעדטעל, און ווען מען דאַרף עפּעס דאָרטען, געהט ער אהין. זיינע באַציהונגען צו זיין פאַמיליע, וואָס באַשטעהט נאָר פון איין טאָכטער, אפּראַסקאַ, זיינען אויף אזא שטופע, וועלכע געהערט צו פאָרהיסטאָרישער אנטראָפּאָלאָגיע, און דאָך האָט ער און זיין פריינט סיזאָי אזוי ליעב אפּראַסקאַ'ן, אז נאָך איהר טויט זיינען זיי ביידע גרייט זיך צו דער'הרג'ענען. זיי פאַרלאָזען זייער היימיש דאָרף, כדי אַנצופאַנגען דאָס שווערע לעבען פון שיפער אויפ'ן טייך, וואו זיי שלעפּען די שווערע שיפען אנטקעגען דעם שטראָם. אָבער אָט די האַלב־ווילדע זיינען טיעף־מענשליך, און יעדער איינער פיהלט, אז זיי זיינען טאַקע אזוי אין דער ווירקליכקייט, ניט ווייל דער פאַר־פאַסער אליין וויל דאָס; און מען קען ניט לייענען די געשיכטע פון זייער לעבען און זייערע ליידען, וואָס זיי האָבען איבערגעטראָגען מיט דער געדולדיגקייט פון געהאָרכזאַמע חיות, און דערביי ניט געריהרט ווערן טיעף — אמאָל אפילו נאָך טיעפער, ווי לייענענדיג א גוטע נאָוועלע פון אונזער אייגען לעבען.

א צווייטע נאָוועלע פון ריעשיאָטניקאָוו'ן, „די גלומאָווס", איז פיליכט איינע פון די טרויעריגסטע נאָוועלען אין אָט־דעם צווייג פון דער ליטעראַטור. עס זיינען אין איהר ניטאָ קיין איבערראַ־שונגען, קיין באַזונדערע צופאַלען און אומגליקען, קיין דראַמאַטישע עפעקטען; נאָר דאָס גאַנצע לעבען פון די אוראַלער אייזענאַרבייי־טער, וועלכע ווערן געשילדערט אין אָט־דער נאָוועלע, טראָגט אזא טרויעריגען כאַראַקטער, און עס איז אזוי ניטאָ קיין מעגליכקייט זיך ארויסצודרעהען פון אָט־דער טרויעריגקייט, אז עס כאַפּט אייך ארום אן אמת'דיגע פאַרצווייפלונג, בעת איהר פאַנגט אָן צובים־לאָך באַגרייפען די פאַרגליווערטקייט פון דעם לעבען, וואָס ווערט געשילדערט איז אָט־דער נאָוועלע. אין זיין בוך „צווישען מענשען"

דערצעהלט ריעשיאָטניקאָוו די געשיכטע פון זיין אייגענער שרעק־ליכער קינדהייט. וואָס איז שייך צו זיין גרויסען צוויי־בענדיגען ראָמאַן „וואו איז בעסער?“, איז דאָס — אַ געשיכטע פון אַן אומ־ענדליכער קייט פון אומגליקען, וואָס האָבען געטראָפען אַ פרוי פון די אָרימערע קלאַסען, וועלכע איז געקומען קיין פּעטערבורג צו זוכען אַרבייט. דאָ, פּונקט ווי אין אַן אַנדער גרויסער נאָוועלע, „אייגענער ברויט“, טרעפען מיר די זעלביגע פאָרמלאָזיגקייט און די זעלביגע אַפּוועזענהייט פון שטאַרק־געשילדערטע כאַראַקטערן, ווי אין די „גלומאָוו'ס“. און מיר באַקומען דעם זעלביגען טיפען און שווערען איינדרוק.

די ליטעראַרישע חסרונות פון אַלע ריעשיאָטניקאָוו'ס ווערק זיינען קלאָר פון אויבען־אויף. אָבער, ניט קוקענדיג אויף זיי, קען מען איהם באַטראַכטען ווי דעם איניציאַטאָר פון אַ נייעם מין נאָ־וועלע, וואָס באַזיצט איהר קינסטלערישען ווערט, הגם זי איז פאָרמ־לאָז און אולטראַ־רעאַליסטיש סיי אינ'ם פּלאַן, סיי אין דער סטרוק־טור. ריעשיאָטניקאָוו האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט געקענט באַשאַ־פען קיין שול; ער האָט אָבער געגעבען אָנצוהערענישען צו די, וואָס זיינען געקומען נאָך איהם, וואָס מען דאַרף טאָן כדי צו באַ־שאַפען די אמת'ע פאָלקס־נאָוועלע, און מיט זיינע חסרונות האָט ער אָנגעוויזען, וואָס מען דאַרף אויסמיידען. אין זיינע ווערק איז ניטאָ דער מינדסטער שפּור פון ראָמאַנטיזם; ניטאָ קיין העלדען; קיין זאַך, אויסער דעם גרויסען אינדיפערענטען קוים אינדיווידואַ־ליזירטען המון, צווישען וועלכען עס זיינען ניט פאַראַן קיין שריי־ענדיגע קאָלירען, קיין ריזען; אַלץ איז קליין און קליינליך; אַלע אינטערעסען זיינען באַשרענקט אויף אַ מיקראָסקאָפּיש־קליינער נאָכבאַרשאַפט. פאַקטיש קאָנצענטרירן זיך אָט־די אַלע אינטערע־סען אַרום דער דאָמינירענדער פראַגע: „וואו קריגט מען שפּייז און אַן אָבדאַך, זאָל זיין אפילו דורך קאָטאָרזשנער אַרבייט?“ יעדע פּערזאָן, וואָס דער פאַרפאַסער שילדערט, באַזיצט, פאַר־שטעהט זיך, איהר אינדיווידואַליטעט, אָבער אָט־די אַלע אינדיווי־דואַליטעטען גיסען זיך צוזאַמען אין איין־איינציגען פאַרלאַנג: אַפּצוזוכען אַזאַ פרנסה, וואָס זאָל געבען עפּעס מעהר איידער בלויזען עלענד, אַ לעבען, וואָס זאָל ניט באַשטעהן פון עטליכע זאַטע טעג און כסדר דערנאָך הונגער־טעג. ווי אַזוי צו פאַרקלע־

נערן די שווערקייט פון דער ארבייט, וואָס איז איבער די מענש־ליכע כחות? ווי צו געפינען א פלאץ אין דער וועלט, וואו די ארבייט ווערט ניט געטאָן אונטער אזעלכע דערנידערנדיגע באַדינגונגען? — אַט־די פראגען שטעלען צוזאמען דעם איינהייטליכען לעבענס־ציל צווישען אַט־די אַלע מענשען.

ווי איך האָב נאָר וואָס געזאָגט, זיינען אין ריעשיאָטניקאָוו׳ס נאָוועלען ניטאָ קיין העלדען, ד.ה. קיין „העלדען" אין דעם געוועהנ־ליכען ליטעראַרישען זין; אבער איהר זעהט פאר זיך אמת׳ע טי־טאַנען —ווירקליכע העלדען אין דעם פרימיטיווען זין פון דעם וואָרט — העלדען מיט אויסדויער־קראַפט — אזעלכע, וואָס דער מין מוז אויסטיילען פון זיך, ווען עס קעמפט, אלס פאַרמלאָזע מאַסע, אנטקעגען קעלט און הונגער. דער אופן, אויף וועלכען אַט־די העלדען טראָגען איבער די אומגלויבליכסטע פיזישע נוי־טען, בעת זיי וואַנדערן פון איין טייל רוסלאַנד צו א צווייטען, אָדער ווען זיי באַגעגענען די גרויזאַמסטע אנטוישונגען אין זייער געיעג נאָך ארבייט — דער אופן ווי זיי קעמפען פאַר דער עקזיס־טענץ — דאָס אליין איז שוין גענוג מערקווירדיג, אבער אפשר נאָך מעהר מערקווירדיג איז דער אופן ווי זיי שטאַרבען. א סך לעזער געדענקען געוויס טאָלסטאָי׳ס „דריי טויטען": די פריצ׳טע, וואָס שטאַרבט פון שווינדזוכט און שילט איהר קרענק; דער פויער, וואָס קלערט אין דער לעצטער שעה פאר׳ן טויט וועגען זיינע שטי־וועל, און פאַרזאָרגט וועמען מען זאָל זיי אוועקגעבען, כדי זיי זאָ־לען אנקומען צו דעם ארבייטער, וואָס נויטיגט זיך אין זיי אַם־מעהרסטען; און דער דריטער — דער טויט פון דער בעריאָזע. פאר ריעשיאָטניקאָוו׳ס העלדען, וואָס לעבען אַפּ זייער גאַנץ לעבען קיינמאָל ניט זיכער מיט א שטיקעל ברויט אויף מאָרגען, איז דער טויט ניט קיין קאַטאַסטראָפע; דאָס מיינט פשוט אלץ וועניגער און וועניגער בּח צו קריגען שפייז, אלץ וועניגער און וועניגער ענערגיע צו קייען דאָס פאַרדאַרטע שטיקעל ברויט, אלץ וועניגער און וועניגער ברויט, וועניגער אויל אינ׳ם לעמפעל — און דאָס לעמפעל געהט אויס...

נאָך א העכסט שרעקליכע זאַך אין ריעשיאָטניקאָוו׳ס נאָוועַ־לען איז זיין בילד, ווי אזוי די געוועגהייט פון שיכור׳ן באַזעצט זיך אינ׳ם מענשען. איהר זעהט ווי עס קומט אָן — איהר זעהט ווי עס

מוז קומען, ארגאניש, אומפארמיידליך, פאטאל — ווי עס באהערשט דעם מענשען און לאזט איהם שוין ניט אפ ביז'ן טויט. אט־דער שעקספירישער פאטאליזם, אנגעווענדט אויף שיכרות — וואס אלע וועלכע קענען דאס פאלקס־לעבען, ווייסען שוין צוגוט ווי אזוי דאס ארבייט — איז פיליכט דער שרעקליכסטער שטריך פון ריעשיאטניקאוו'ס נאוועלען. באזאנדערס קלאר צייגט זיך עס ארויס אין דער נאוועלע „די גלומאוום“, וואו איהר זעהט, ווי דער לעהרער אין א שטעדטעל פון מינען־ארבייטער בלייבט אהן חיונה, ווייל ער ענטזאגט זיך צו האלטען מיט דער אדמיניסטראציע אין דער עקספלואטאציע פון קינדער, און הגם ער האט סוף־כל־סוף חתונה מיט אן אויסגעצייכענטער פרוי, פאלט ער אבער פאמעלאך אריין אין די נעגעל פונ'ם טייוועל פון שיכרות. נאר די פרויען שיכור'ן ניט, און דאס שוינט די ראסע פון פאלשטענדיגען אונטערגאנג; עס איז א פאקט, אז כמעט יעדע פרוי אין ריעשיאטקינאוו'ס נאוועלען איז א העלדין פון אומאויפהערליכער פראצע, פונ'ם קאמף פאר דאס נויטיגע אין לעבען, פונקט ווי די „זי“ איז אין דער גאנצער וועלט פון חיות. און אזוי איז טאקע די פרוי אין דעם ווירקליכען פאלקס־לעבען אין רוסלאנד.

עס איז זעהר שווער אויסצומיידען דעם ראמאנטישען סענטימענטאליזם, ווען דער פארפאסער, וואס באשרייבט דאס מאנאטאנע טאג־טעגליכע לעבען פון א מיטעל־קלאס־גרופע, וויל אין דעם לעזער פונדעסטוועגען ארויסרופען סימפאטיע צו אט־דער גרופע; נאך שווערער איז דאס פאר דעם פארפאסער, ווען ער לאזט זיך אראפ א טרעפעל נידעריגער אויף דעם סאציאלען לייטער און האט צו טאן מיט פויערים, אדער נאך ערגער, מיט דעם נידעריגסטען שיכט פון דער ארימער שטאדטישער באפעלקערונג. די העכסטע רעאליסטישע שרייבער זיינען אריינגעפאלען אין סענטימענטאליזם און ראמאנטיזם, ווען זיי האבען געמאכט א פארזוך דאס צו טאן. אפילו זאלא איז אין זיין לעצטער נאוועלע „ארבייט“ אריינגעפאלען אין אט־דער נעץ. אבער דאס איז פונקט וואס ריעשיאטניקאוו האט קיינמאל ניט געטאן. זיינע שריפטען זיינען א ליידענשאפטליכער פראטעסט קעגען דער עסטעטיק און בכלל קעגען יעדען מין פון קאנווענציאנעלער קונסט. ער איז געווען אן אמת קינד פון דער עפאכע, וואס טורגעניעוו האט באראק־

טעריזירט אין באַזאַראָוו'ן. „מיך אַרט ניט די פאָרם פון מיינע ווערק: דער אמת וועט רעדען פאַר זיך אַליין", שיינט ווי ער זאָגט צו זיינע לעזער. ער וואָלט זיך געשעמט, ווען ער וואָלט אפילו אומבאַוואוסטזיניג געברויכט וואו עס איז דראַמאַטישע עפעקטען כדי צו ריהרן זיינע לעזער — פונקט ווי אַן אָראַטאָר, וואָס פאַרלאָזט זיך אינגאַנצען אויף דער שעהנקייט פון דעם געדאַנק, וואָס ער אַנטוויקעלט, וואָלט זיך פאַרשעמט, ווען ער כאַפּט זיך אַרוים מיט אַ פּשוט'ען אָראַטאָרישען אויסדרוק.

מיין מיינונג איז, אַז מען מוז באַזיצען אַ גרויסען שאַפונגס־טאַלאַנט, כדי אויפצוכאַפּען, ווי ריעשיאַטניקאָוו האָט דאָס געטאָן, אין דעם טאָג־טעגליכען מאָנאָטאָנעם לעבען פון דעם המון יענע קליינליכע אויסדרוקען, יענע אויסגעשרייען, יענע באַוועגונגען וואָס דריקען אוים געוויסע געפיהלען אדער עפּעס אַ געדאַנק, אָהן וועלכע זיינע נאָוועלען וואָלטען געווען גאַנץ אומלעזבאַר. איינער פון אונזערע קריטיקער האָט באַמערקט, אַז בעת איהר פאַנגט אָן צו לייענען ריעשיאַטניקאָוו'ס אַ נאָוועלע, פיהלט איהר ווי איהר וואָלט אַריינגעפאַלען אין אַ כאַאָס. איהר לייענט אַ באַשרייבונג פון אַ געוועהנליכער לאַנדשאַפט, וואָס איז אין אמת'ן גאָר ניט קיין „לאַנדשאַפט"; נאָכדעם באַווייזט זיך דער צוקינפטיגער העלד אדער די העלדין פון דער נאָוועלע, און דאָס זיינען גאָר מענשען, וועלכע איהר קענט באַגעגענען אין יעדען געזעמעל און וואָס אונטערשיידען זיך כלל ניט פון די איבעריגע מענשען פון דעם המון. דער דאָזיגער העלד רעדט, עסט, טרינקט, אַרבייט, שילט זיך, אַקוראַט ווי יעדער איינער אין אָט־דעם המון. ער איז ניט קיין אויסדערוועהלטע באַשעפעניש, ניט קיין טייוועלשער כאַראַקטער, ניט קיין ריטשאַרד דער דריטער אין אַ פּויערשען אַנצוג, און די העלדין איז אויך ניט קיין קאָרדעליע און ניט אפילו דיקענס'עס אַ „נעלל". ריעשיאַטניקאָוו'ס מענער און פרויען זיינען פולשטענדיג ענליך צו די טויזענטער מענער און פרויען, וואָס געפינען זיך אַרום זיי; אָבער ביסלעכווייז, צוליעב די שטיקלאַך און ברעקלאַך געדאַנקען, צוליעב אַן אויסרוף, אַ וואָרט, וואָס ווערט אַמאָל אַריינגעוואָרפען דאָ אדער דאָרטען, אדער אפילו צוליב אַ לייכטער באַוועגונג, וואָס ווערט דערמאָנט — פאַנגט איהר אָן זיך צו אינטערעסירן מיט זיי. נאָך די ערשטע דרייסיג זייטלאַך פיהלט

איהר שוין אויסדריקליך א סימפּאַטיע צו זיי און איהר ווערט אזוי פארכאַפּט, אז איהר לייענט שוין זייטלאך נאך זייטלאך פון גאָט־די כאַאָטישע פּרטים מיט'ן איינציגען צוועק צו פארענטפערן די פראגע, וואָס פאנגט אייך אָן אזוי לײדענשאפטליך צו אינטע־רעסירן: וועט פּעטער אדער אַנאַ היינט קריגען דאָס שטיקעל ברויט, נאך וועלכען זיי יאָגען זיך אזוי? וועט מאריע קריגען די ארבייט, וואָס וועט איהר געבען די מעגליכקייט צו קענען קויפען אביסעל טעה פאר איהר קראנקער און האלב־משוגע'נער מוטער? וועט פּראסקאָוויע, א פארבלאָנדזשעטע אין די גאסען פון פּע־טערבורג, דערפרוירען ווערן אין דער ביטערער קאַלטער נאַכט, אדער עס וועט איהר געלינגען אריין ערגעץ אין א שפּיטאָל, וואו זי וועט קריגען א ווארימע בעט און א גלעזעל טעה? וועט דעם פּאַצטאַליאָן געלינגען זיך אָפּצוהאַלטען פון דעם „ביטערן טראָפּען“ און קריגען א שטעלע, צי ניין?

גאנץ געוויס ווייזט עס ארויס א זעהר גרויסען טאַלאנט צו קאָנען דערגרייכען אזא רעזולטאַט מיט אזוינע אומקאָנווענציאָ־נעלע מיטלען; דאָס מיינט אז מען מוז באַזיצען יענעם כח צו ריהרן דעם לעזער — צו צווינגען איהם ליעבען און האסען — און אַזאַ כח איז דאָך דער עצם פון ליטעראַרישען טאַלאנט. און טאקע דערפאר זיינען אָט־די פאָרמלאָזע שוין צו לאַנגע און צו טרויעריגע נאָוועלען פון ריעשעטניקאָוו'ן אזא גרויסע ערשיינונג אין דער רוסישער ליטעראַטור. ריעשעטניקאָוו'ס „ניכטערער אמת, אָהן דער ליטעראַטור“ פון דעם ריטערליכען ראָמאַן, וועלכען טורגענעוו האָט אזוי געהאַסט, וועט ניט פארבייגעהן ניט איבערלאָזענדיג קיין טיעפע שפּורן.

## לעוויטאָוו.

צו די פאָלק־נאָוועליסטען פון יענעם דור געהערט אויך לעווי־טאָוו (1835 אדער 1842־1877). ער האָט הויפּטזעכליך געשילדערט יענע טיילען פון זידליכען צענטראַל רוסלאנד, וואָס ליגען אויף דער גרעניץ צווישען די וואַלדיגע טיילען פון לאַנד און די אָהן־בוימערדיגע סטעפּעס. זיין לעבען איז געווען אויסערגעוועהנליך טרויעריג. ער איז געבאָרן געוואָרן אין דער פאמיליע פון אַן ארי־

מען דאָרפּס־גלח, אין טאַמבאָווער גובערניע, און דערצויגען געוואָרן אין אַ קלעריקאַלער שולע פון דעם טיפּ, וואָס פּאָמיאַלאָווסקי האָט באַשריבען. ווען ער איז אַלט געווען בלויז זעכצעהן יאָהר האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע, כדי אַנצוקומען אין אוניווער־זיטעט, און נאָכדעם האָט ער זיך אריבערגעקליבען קיין פּעטער־בורג. דאָ איז ער באַלד פאַרמישט געוואָרן אין עפּעס אַ „סטו־דענטישער געשיכטע", און איז פאַרשיקט געוואָרן, אינ'ם יאָהר 1858, קיין שענקורסק, אין דעם וויטען צפון, פון וואַנען ער איז אריבערגעפיהרט געוואָרן קיין וואָלאָגדאָ. דאָ האָט ער געלעבט אין פולשטענדיגער אָפּגעזונדערטקייט פון אינטעלעקטועלען לעבען און אין שרעקליכער אָרימקייט, וואָס איז דערגאַנגען ביז הונגער. ערשט אין דריי יאָהר נאָך זיין פאַרשיקונג האָט מען איהם דערלויבט זיך אומצוקעהרען קיין מאָסקווע, און אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין גראָשען ביי דער נשמה, האָט ער די גאַנצע רייזע פון וואָלאָגדאָ ביז מאָסקווע געמאַכט צו־פוס; און נאָר ווען־ניט־איז פלעגט ער פאַרדינען עטליכע קאָפּיקעס ארבייטענדיג אין די דאָרפישע קאַנ־צעליאַריעס. די דאָזיגע יאָהרען פון פאַרשיקונג האָבען איבערגע־לאָזט אַ טיפען שפּור אויף זיין גאַנצען וויטערדיגען לעבען, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין גרויס אָרימקייט; ער האָט קיינמאָל ניט געפונען קיין פּלאַץ, וואו זיך איינצואָרדענען און האָט דערטרונקען אין שיכרות די ליידען פון אַ ליבענדיגער און אומרוהיגער נשמה.

אין זיין פריהערער יוגענט האָט דער צויבער און די רוהיגקייט פון דעם דאָרפישען לעבען אין די סטעפּעס געמאַכט אויף איהם אַ טיפען איינדרוק, און שפּעטער האָט ער געשריבען: „...עס געהט פאַרביי פאַר מיר אָט־די שטילקייט פונ'ם דאָרפישען לעבען, וואָס לאָקט מיך אַזוי אין דער איצטיגער מינוט; זי געהט, אדער געהט אפילו ניט, נאָר פליהט אַזוי שטיל, ווי עפּעס אַ לעבעדיג וועזען, וואָס האָט זיך זיין אייגען געשטאַלט, וואָס האָט אין מיינע אויגען פולשטענדיג באַשטימטע פאָרמען. יאָ, איך זעה בחוש, ווי איבער די שטילע דאָרפישע וואָכעדיגע טעג, עטוואָס העכער פון דעם ליכ־טיגען צלם אויף דעם נייעם קלויסטער, פליהט צוזאַמען מיט די שוועבענדיגע וואָלקענס, אויף ווייסע פליגלען, עפּעס אַ ליכטיג און שטיל וועזען מיט אַ שעמעוודיג און עניוות'דיג פּנים, ווי ביי אונזערע מיידלאַך פון די סטעפּעס... אָט־אַזוי שטעל איך זיך איצ־

טער פּאַר, א דערוויטערטער פונ׳ם היימישען דאָרף, אפּלעבענדיג אַזוי פיל יאָהרען פון רוישיגען שטאָדטישען לעבען, פול מיט אומ־באשרייבליכע ליידען, דעם פרידליכען גייסט פון שטילען דאָרפי־שען לעבען".

לעוויטאַוו האָט אַזוי אויסגעצייכענט געשילדערט דעם צווי־בער פון די ענדלאָזע סטעפּעס פון זיד־רוסלאַנד, אַז קיין איין רוסי־שער שרייבער קען זיך מיט איהם ניט פאַרגלייכען אין דער פּאָע־טישער שילדערונג פון זייער נאַטור, אחוץ קאָלצאָוו׳ן. לעוויטאָוו איז געווען א ריין בלימעל פון די סטעפּעס, פול מיט טיפער פּאָע־טישער ליבע צו די היימישע ערטער, און ער האָט זיכער געמוזט טיעף ליידען, ווען ער איז אריינגעפאַלען אין דער סביבה פון די אינטעלעקטועלע פּראָלעטאַריער פון דער גרויסער, קאַלטער און עגאָאיסטישער הויפּטשטאָדט אויף דער נעוואַ. ווען ער איז גע־ווען אין פּעטערבורג אָדער אין מאָסקווע, האָט ער שטענדיג גע־וואוינט אין די אָרימסטע קוואַרטאַלען, ערגעץ אין די שטאָדט־עקען: זיי האָבען איהם דערמאָנט אַן היימישען דאָרף; באַזעצענ־דיג זיך צווישען די נידעריגסטע שיכטען פון דער באַפעלקערונג, האָט ער דאָס געטאָן, ווי ער אליין האָט געשריבען, „מיט׳ן צוועק צו אנטלויפען פון די מאָראַלע ווידערשפּרוכען, פון דער געקינ־צעלטקייט פון לעבען, פון דעם כלומר׳שטדיגען הומאַניטאַריאַניזם און פון דער טרוקענער און איינגערעדטער גרויסקייט פון די גע־בילדעטע קלאַסען". ער האָט ניט געקענט לעבען, אפילו א פּאַר חדשים נאָכאַנאַנד, אין פאַרהעלטניסמעסיגען וואוילזיין: ער האָט אָנגעפאַנגען צו פיהלען געוויסענביסען און ער איז אַנטלאָפען און איבערגעלאָזט זיין אָרים ביסעל אייגענס און אָפּגעזוכט אַן אַנדער אָרט, צווישען מענשען, וואָס לעבען נאָך אָרימער, וואָס קאָנען קוים קריגען פאַר זיך א טרוקען שטיקעל ברויט.

איך ווייס אפילו ניט צי עס וועט זיין ריכטיג אָנצורופען לע־וויטאָוו׳ס ווערק נאָוועלען. זיי זיינען זיכער פּאָרמלאָזע ליריש־עפּישע אימפּראָוויזאציעס אין פּראָזע, אָבער אין אָט־די אימפּראָ־וויזאַציעס זיינען ניטאָ די געוועהנליכע אָפּגעניצעוועטע אויסגו־סען פון דעם שרייבער׳ס מיטלייד צו די ליידען פון אַנדערע מענ־שען. דאָס איז אַן עפּישע שילדערונג פון דאָס, וואָס דער פאַר־פאַסער האָט אליין דורכגעלעבט, אין זיין ענגער באַריהרונג מיט

אַלע קלאַסען מענשען פון די אָרימסטע שיכטען, און דער לירישער עלעמענט פון זיינע ווערק איז דער טרויער — ניט אין דער פאַר־שטעלונג, נאָר דער טרויער, וואָס ער אליין האָט דורכגעלעבט; דער טרויער פון נויט, פון פאַמיליען־דאגות, פון ניט באַפרידיגטע האָפנונגען, פון איינזאַמקייט, פון אַלערליי נגישות און פון אַלער־ליי מענשליכע שוואַכקייטען. די זייטלאַך, וועלכע ער האָט גע־ווידמעט צו די געפיהלען פון דעם שיכור און צו דעם אופן, ווי אַזוי אָט־די קרענק — שיכרות — באַהערשט דעם מענשען, זיינען עטוואָס ווירקליך שוידערליכעס. ווי מען האָט געקאָנט דערוואַר־טען, איז ער געשטאָרבען יונג — פון אַ לונגען־אַנטצינדונג, וואָס ער האָט געקראָגען אין אַ קאַלטען יאַנואַר־טאָג, בעת ער איז גע־גאַנגען ערגעץ אין אַ צווייטען עק פון מאָסקווע, אין אַן אַלטען זומער־מאַנטעל, אָפּצונעמען עטליכע רובעל ביי אַ רעדאַקטאָר פון עפּעס אַ קליינער צייטונג.

דאָס באַקאַנטסטע ווערק פון לעוויטאָוו'ן איז אַ באַנד פון זיינע „סקיצען פון די סטעפּעס“. אָבער ער האָט אויך געשריבען סצענעס פון דעם שטאָדטישען לעבען אונטער דעם נאָמען „דאָס לעבען אין די מאָסקווער הינטערגעסלאַך“, און אַ באַנד דערצעה־לונגען, וואָס זיינע פריינט האָבען אַ נאָמען געגעבען „דער טרויער פון די דערפער און שטעדט“. אין זיינע עסקיזען פון דעם שטאָד־טישען לעבען באַגעגענט דער לעזער אַ שוידערליכע קאָלעקציע פון בראָדיאַגעס און אויסוואורפען פון דער גרויסער שטאָט — פון מענשען, וואָס זיינען אַרונטערגעזונקען צו דער נידעריגסטער מדרגה פון דער שטאָדטישער אָרימקייט, געשילדערט אָהן דעם מינדסטען פאַרזוך זיי צו אידעאַליזירן — און דאָך טיף מענשליך. „סקיצען פון די סטעפּעס“ איז געווען זיין בעסט ווערק. דאָס איז אַ זאַמלונג פון פּאָעמען געשריבען אין פּראָזע, אָנגעפּיקעוועט מיט די וואונדערבאַרסטע שילדערונגען פון דער סטעפּ־נאַטור און מיט קליינע פּרטים פון דעם לעבען פון די פּויערים, מיט אַלע זייערע קליינליכע דאגות, זייערע געוועהנהייטען, מנהגים און אָבערגלוי־בונגען. אין אָט־די סקיצען זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפען אַ היבשע ביסעל פּערזענליכע עראינערונגען פון דעם פאַרפאַסער; אָפט באַ־געגענט מען אין זיי אויך סצענעס פון דעם קינדערשען לעבען — אַ שילדערונג פון קינדער, וועלכע שפּילען זיך אין די ברייטע סטעפּ־

בעס און וועלכע לעבען אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור, וואָס רינ־געלט זיי אַרום. יעדעס שטריכעלע פון אָט־די בילדער איז אָנגע־וואָרפען מיט אַ צאַרטער און וואַרימער ליבע, און מען פיהלט כמעט אומעטום די באַהאַלטענע טרערן, וואָס דער פאַרפאַסער האָט פאַרגאָסען, בעת ער האָט זיי געמאָלען.

א. סקאַביטשעווסקי האָט אין זיין בוך „פאָלק־נאָוועליסטען" אַן אויסגעצייכענטע סקיצע, אָנגעשריבען זעהר וואַרים, וועגען דעם לעבען און טעטיגקייט פון לעוויטאָוו׳ן; די דאָזיגע סקיצע אַנט־האַלט פראַכטפולע אידילישע שטריכען פון זיין קינדהייט, ווי אויך די געשיכטע פון דער שוידערליכער גויט, וואָס ער האָט איבערגע־לעבט אין די שפּעטערדיגע יאָהרן.

## גליעב אוספּענסקי.

גליעב אוספּענסקי (1840‑1902) אונטערשיידט זיך שטאַרק פון די אַלע פריהערדיגע שריפטשטעלער. ער שטעלט מיט זיך אַליין פאָר אַ ליטעראַרישע שול, און איך ווייס ניט פון קיין איין שריפטשטעלער אין קיין אנדער ליטעראַטור, מיט וועמען מען זאָל איהם קענען פאַרגלייכען. אייגענטליך, איז ער ניט קיין נאָוועַ־ליסט; מען קען אָבער זיינע ווערק ניט צורעכענען ניט צו עטנאָ־גראַפיע און ניט צו דעמאָגראַפיע, ווייל זיי אַנטהאַלטען, אחוץ די באַשרייבונגען וואָס געהערן צום געביט פון פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, אַלע עלעמענטען פון אַ נאָוועלע. זיינע ערשטע שאַפונגען זיינען געווען נאָוועלען מיט אַ נייגונג צו עטנאָגראַפיע. אַזוי איז „דער חורבן", אַ נאָוועלע, אין וועלכער אוספּענסקי שילדערט אויסגעצייכענט, ווי אַזוי דאָס גאַנצע לעבען פון אַ קליין פּראָווינציעל שטעד־טעל, וואָס האָט געבליהט אונטער דעם לייב־אייגענטום, איז חרוב געוואָרן נאָך דער אָפּשאַפונג פון אָט־דער אינסטיטוציע. אָבער זיינע שפּעטערדיגע שאַפונגען, וואָס זיינען אינגאַנצען געווידמעט צום דאָרפישען לעבען, און אָנגעשריבען בעת זיין טאַלאַנט האָט דערגרייכט פולשטענדיגע רייפקייט, זיינען שוין מעהר עטנאָגראַ־פישע סקיצען, געשריבען פון אַ באַגאַבטען נאָוועליסט, איידער נאָוועלען אין דעם אייגענטליכען זין פון דעם וואָרט. געוועהנליך פאַנגען זיי זיך אָן ווי נאָוועלען: עס ערשיינען פאַר אייך פאַר־

שיידענע פּערזאָנען אויף דעם געוועהנליכען שטייגער, צוביסלאַך ווערט איהר פאַראינטערעסירט אין זייערע עסקים און אין זייער לעבען. נאָך מעהר, דער פּראָפעסער גיט זיי אייך ניט, ווי עס מאַכט זיך, ווי זיי וואָלטען אַרויסגעקומען אין א טאָג־בוך פון אַן עטנאָ־גראַף; פאַרקעהרט, דער פּראָפעסער האָט זיי אויסגעקליבען אַלס די מעהר טיפּישע פאַרשטעהער פון די פאַרשיידענע זייטען פון לעבען, וואָס ער קלייבט זיך צו באַהאַנדלען. אָבער אוספּענסקי שטעלט זיך ניט צופרידען בלויז מיט באַקענען דעם לעזער מיט אַט־די טיפּען: ער פאַנגט באַלד אָן וועגען זיי צו דיסקוטירען און אַרומריידען זייער שטעלונג אין דעם דאָרפס־לעבען און וועגען דער ווירקונג, וואָס זיי מוזען אויסאיבען אויף דער צוקונפט פון דעם דאָרף; און, אַזוי ווי איהר זייט שוין פאַראינטערעסירט אין די מענשען, לייענט איהר שוין מיט פאַרגעניגען די דיסקוסיעס. נאָכ־דעם ווערט אַריינגעפיהרט א וואונדערבאַרע סצענע, וואָס וואָלט זיך געפּאַסט אין א נאָוועלע פון א טאָלסטאָי אָדער א טורגענעוו; אָבער נאָך די עטליכע זייטלאַך פון אַזא קינסטלערישער שאַפונג ווערט אוספּענסקי ווידער אַן עטנאָגראַף און דיסקוטירט וועגען דער צוקונפט פון דער דאָרפישער געמיינדע. ער איז געווען צופיעל פּובליציסט ער זאָל קענען שטענדיג דענקען אין בילדער און זיין א ריינער נאָוועליסט; אין דער זעלביגער צייט האָבען די איינצעלנע פאַקטען, וועלכע זיינען אַריין אין דער ספערע פון זיין באָאָבאַכ־טונג, געמאַכט אויף איהם אַזא שטאַרקען איינדרוק, אַז ער האָט זיי ניט געקענט קאַלטבלוטיג באַטראַכטען, ווי דאָס טוט א גע־וועהנליכער פּובליציסט. אַלענפאַלס, ניט קוקענדיג אויף אַט־דעם געמיש פון פּובליציסטיק מיט בעלעטריסטיק, א דאַנק דער קינסט־לערישער באַגאַבונג פון דעם פּראָפעסער, לייענט איהר אוספּענ־סקי׳ס ווערק, פּונקט ווי איהר וואָלט געלייענט די ווערק פון א גוטען נאָוועליסט.

יעדע באַוועגונג צווישען די געבילדעטע קלאַסען לטובה פון די אָרימסטע קלאַסען פאַנגט זיך אָן מיט דעם אידעאַליזירען פון די לעצטע. אַזוי ווי עס איז נויטיג פריהער פון אַלץ אויסצוראָטען די פאָראורטיילען קעגען די אָרימע, וואָס עקזיסטירען צווישען די רייכע, איז אוממעגליך אויסצומיידען א געוויסע אידעאַליזאַציע. דער־פאַר האָבען די ערשטע פאָלק־נאָוועליסטען גענומען בלויז די

מערקווירדיגסטע טיפּען, יענע, וועלכע די פאַרמעגליכערע מענשען קאָנען בעסער פאַרשטעהן, סימפּאַטיזירן מיט זיי און האָבען נאָר קוים באַריהרט די ווייניגער סימפּאַטישע שטריכען פון דעם לע־בען פון די אָרימע. דאָס האָט מען אין די פערציגער יאָהרען גע־טאָן אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד, און אין רוסלאַנד זיינען די פאַרשטעהער פון אָט־דער ריכטונג געווען: גריגאָראָוויטש, מאַרקאָ וואָווטשאָק און מעהרערע אַנדערע. נאָכדעם איז געקומען ריע־שיאָטניקאָוו מיט זיין קינסטלערישען ניהיליזם: מיט זיין אָפּלייי־קענונג פון אַלע געוועהנליכע קונצען אין דער קונסט, מיט זיין אָביעקטיוויזם, מיט זיין פעסטען באַשלוס ניט צו באַשאַפען קיין „טי־פּען", מיט זיין פאַרצוג פאַר דעם גאַנץ געוועהנטליכען מענשען און מיט זיין אופן צו באַגייסטערן דעם לעזער מיט ליבע צום פאָלק דורך זיין אייגענעם טיעף־באַהאַלטענעם געפיהל. שפּעטער זיינען פאַר דער רוסישער ליטעראַטור אַנטשטאַנען נייע פּראָבלעמען. די לעזער זיינען שוין געווען גרייט צו סימפּאַטיזירן מיט דעם איני־דיווידועלען פויער אָדער מיט דעם פאַבריק־אַרבייטער, זיי האָבען אָבער געוואָלט וויסען מעהר וועגען זיי, זיי האָבען געוואָלט וויסען, וואָס זיינען די יסודות, די אידעאַלען, די באַוועג־קרעפטען פון דעם דאָרפס־לעבען? וואָס פאַר אַ ווערט האָבען זיי אין דער וויטערער אַנטוויקלונג פון דעם פאָלק? וואָס, און אין וועלכער פאָרם, קען די אומגעהייערע אַגריקולטורעלע באַפעלקערונג פון רוסלאַנד ביי־טראָגען צו דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פונ'ם לאַנד און צו דער ציוויליזירטער וועלט בכלל? אָט אַזעלכע פראַגען האָבען ניט געקענט פאַרענטפערט ווערן דורך דעם סטאַטיסטיקער אַליין; דערצו האָט זיך שוין געפאָדערט דער זשעני פון דעם קינסטלער, וועלכער מוז אַרויסקריגען דעם ענטפער פון די טויזענטער קליינע רמזים און פאַקטען פון לעבען; און אונזערע פאָלק־נאַוועליסטען האָבען גלייך באַגריפען אָט־די נייע פאָדערונג פונ'ם לעזער. אַ רייכע קאָלעקציע פון איינצעלנע פויערים־טיפּען איז שוין געווען אויפגעזאַמעלט; איצט האָבען די לעזער געוואָלט זעהן אין דער פאָלקסטישער בע־לעטריסטיק די אָפּשפּיגלונג פון דעם דאָרפס־לעבען, דעם „מיר" מיט זיינע מעלות און חסרונות און מיט זיינע פאַרשפּרעכונגען פאַר דער צוקונפט. און דער נייער דור פאָלק־נאַוועליסטען האָט זיך גענומען דיסקוטירן אָט־די פראַגען.

און זיי זיינען פולשטענדיג גערעכט געווען, נעהמענדיג אויף זיך אט די אויפגאבע. מען דארף ניט פארגעסען אז יעדע עקא־נאמישע און סאציאלע פראגע איז אין דעם לעצטען אנאליז א פראגע פון פסיכאלאגיע אי פון דעם אינדיווידום, אי פון דעם סא־ציאלען קיבוץ. זי קען ניט געלייזט ווערן מיט אריפמעטיק אליין. דערפאר איז אפט אין דער סאציאלער וויסענשאפט, ווי אין דער פסיכאלאגיע, דער וועג א סך קלארער פאר'ן דיכטער, ווי פאר דעם פיזיאלאג. אלענפאלס האט ער אויך וואס צו זאגען אין אט־דער אנגעלעגענהייט.

ווען אוספענסקי האט אנגעפאנגען שרייבען זיינע ערשטע סקיצען פון דעם דארפס־לעבען — דאס איז געווען אין דעם אנ־פאנג פון די זיבעציגער יאהרען — איז דאס יונגע רוסלאנד געווען ארומגעכאפט פון דער גרויסער באוועגונג „אין פאלק", און מען מוז מודה זיין, אז אין דער דאזיגער באוועגונג, ווי אין יעדער אנ־דער באוועגונג, איז געווען אביסעל אידעאליזאציע. די, וואס האבען גאר קיין ידיעה ניט געהאט וועגען דעם דארפס־לעבען, האבען זיך ארומגעטראגען מיט איבערטריבענע אידילישע אילוזיעס וועגען דער דארפס־געמיינדע. ס'איז גאנץ מעגליך אז אוספענסקי, וועלכער איז געבארען געווארן אין א גרויסער אינדוסטריעדער שטאדט, אין טולא, אין דער פאמיליע פון א קליינעם טשינאווניק און איז כמעט אינ־גאנצען ניט באקאנט געווען מיט דעם דארפס־לעבען, האט העכסט־ווארשיינליך זיך אליין ארומגעטראגען מיט אט־די אילוזיעס ביז א געוויסען גראד, און מעגליך גאר אין זייער עקסטרעמסטער פארם. אונטער זייער איינפלוס האט ער זיך אוועקגעלאזט אין א פראווינץ פון דרום־רוסלאנד, אין סאמארער גובערניע, וועלכע איז אקארשט געווען אריינגעגאנגען אין קאך פון דעם מאדערנעם קאמערציאליזם, און וואו, צוליעב מעהרערע ספעציעלע אומשטענדען, איז די אבשא־פונג פון לייב־אייגענטום דורכגעפיהרט געווארן אונטער באזונדערס רואינירענדע באדינגונגען פאר די פויערים און דעם דארפס־לעבען בכלל. דא איז איהם, ווארשיינליך, אויסגעקומען זעהר שטארק צו ליידען, זעהענדיג ווי זיינע יוגענד־חלומות ווערן צעשוואומען, און אזוי ווי דאס קומט אפט פאר ביי קינסטלער, האט ער זיך צוגע־איילט צו ציהען דערפון אלגעמיינע שלוסען. עס האט איהם אבער געפעהלט די בילדונג פון א טיכטיגען עטנאגראף, וואס וואלט איהם

געקענט אָפּהאַלטען פון מאַכען צו־שנעלע עטנאָלאָגישע גענעראַליזאַציעס פון זיינע קאַרגע מאַטעריאַלען, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו שרייבען אַ סעריע בילדער פון דעם דאָרפס־לעבען, וואָס זיינען אָנגעזאַפּט מיט אַ טיפען פּעסימיזם. ערשט שפּעטער, בעת ער האָט געלעבט אין אַ דאָרף פון צפון־רוסלאַנד, אין נאָווגאָראָדער גובערניע, האָט ער אָנגעהויבען צו באַגרייפען דעם איינפלוס, וואָס די ערד־אַרבייט און דאָס לעבען אין אַן אַגריקולטורעלען דאָרף קענען אויסאיבען אויף דעם ערד־אַרבייטער; ערשט דעמאָלט האָט ער אַביסעל איינגעזעהן די באַדייטונג פון די סאָציאַלע און מאָראַלע קרעפטען פון ערד־אַרבייט און פון דעם געמיינדע־לעבען, און פאַרשטאַנען וואָס פרייע אַרבייט אויף אַ פרייען באָדען וואָלט געקאָנט אויפטאָן. אָט־די באָאָבאַכטונגען האָבען באַגייסטערט אוספּענסקי'ן אָנצושרייבען אפשר זיין בעסט ווערק: „די קראַפט פון דעם באָדען" (1882). אָט דאָס ווערק וועט, אַלענפאַלס, בלייבען זיין וויכטיגסטער ביטראַג אויף אָט־דעם געביט — דער קינסטלער ערשיינט דאָ אין דער גאַנצער קראַפט פון זיין טאַלאַנט און אין זיין ריכטיגער פונקציע צו דערקלערן די אינערליכע באַוועג־קרעפטען פון אַ געווויסען אַרט לעבען.

## זלאַטאָוראַטסקי און אַנדערע פאָלק־נאָוועליסטען.

איינע פון די גרויסע פראַגען פון טאָג פאַר רוסלאַנד איז, צי זאָלען מיר העלפען אָפּשאַפען דאָס געמיינדע־אייגענטהום אויף לאַנד, פּונקט ווי מען האָט דאָס געטאָן אין מערב־איירָאָפּע, און איינפיהרען אויף זיין פּלאַץ דאָס אינדיווידועלע פויערים־אייגענטום; אָדער מיר דאַרפען שטרעבען אויפצוהאַלטען די דאָרפס־געמיינדע און אַנווענדען אַלע קרעפטען זי ווייטער צו אַנטוויקלען אין דער ריכטונג פון אַגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע קאָאָפּעראַטיווע אַסאָציאַציעס. אַ היציגער קאַמף קומט פאָר וועגען אָט־דער פראַגע צווישען די געבילדעטע קלאַסען פון רוסלאַנד, און אין זיינע ערשטע סאַמאַרע סקיצען אונטערן נאָמען „פון אַ דאָרפישען טאָג־בוך", האָט גליעב אוספּענסקי געשענקט זייער פיעל אויפמערקזאַמקייט צו אָט דעם געגענשטאַנד. ער האָט פּרובירט צו באַווייזען, אַז די דאָרפס־געמיינדע, אין דער פאָרם ווי זי איז איצטער, פיהרט צו אַ שטאַר־

קער אונטערדריקונג פון דעם אינדיווידום, שטערט די אינדיווידועלע איניציאַטיווע און ברענגט אַלערליי פּייניגונגען אויף די אָרעמערע פּויערים מצד די רייכערע, און, פאַלגליך, אַלגעמיינע אָרימקייט. ער האָט אָבער אויסגעלאָזט אַלע אַרגומענטען, וואָס די זעלביגע אָרימערע פּויערים וואָלטען געבראַכט, ווען מען וואָלט זיי אַליין געפרעגט, פאַר דער איצטיגער פאָרם פון געמיינדע־אייגענטום אויף לאַנד, און ער האָט צוגעשריבען צו דעם קאָמונאַלען לאַנד־אייגענטום זאַכען, וואָס שטאַמען פון אַנדערע אַלגעמיינע סיבות. ווי מען קען דאָס זעהן פון דעם פאַקט, וואָס פּונקט דיזעלביגע אָרימקייט, די־זעלביגע אינערציע און די זעלביגע אונטערדריקונג פון דעם יחיד טרעפט מען נאָך אין אַ גרעסערן גראַד אין קליין־רוסלאַנד, וואו די דאָרפס־געמיינדע האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אויף אַזאַ אופן האָט אוספּענסקי אויסגעדריקט — ווענינסטענס אין יענע סקיצען, וואָס האָבען באַהאַנדעלט די דערפער פון סאַ־מאַרע — די אַנזיכטען, וואָס האָבען געהערשט צווישען די מיטעל־קלאַסען פון מערב־אייראָפּע און זיינען פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד צווישען דער וואַקסענדער דאָרפס־בורזשואַזיע.

אוספּענסקי׳ס שטעלונג האָט אַרויסגערופען אַ רייהע ענטפערס פון אַן אַנדער פאָלקס־נאַוועליסט, וואָס האָט באַזעסען פּונקט אַזאַ גרויסען טאַלאַנט, פון זלאַטאָוורַאַטסקי׳ן (געב. אינ׳ם יאָהר 1845), וועלכער האָט געענטפערט אויף יעדער סקיצע פון אוספּענסקי׳ן מיט אַ נאָוועלע, אין וועלכער ער האָט זיך געשטעלט אויף דעם עקסטרעם־אַנטקעגענגעזעצטען שטאַנדפּונקט. ער איז געוועזען באַקאַנט מיט דעם פּויערים־לעבען פון מיטעל־רוסלאַנד פון זיין קינדהייט אָן; און וואָס ווינציגער אילוזיעס ער האָט געהאַט וועגען אָט־דעם לעבען, אַלץ בעסער איז ער געוועזען בכח, בעת ער האָט אָנגעפאַנגען אָן ערנסטען שטודיום פון די פּויערים, צו זעהן די גוטע שטריכען פון זייער לעבען און צו באַגרייפען יענע טיפע זייערע, וואָס האַלטען נאָהענט צום האַרצען די אינטערעסען פונ׳ם דאָרף אַלס גאַנצעם — טיפען, וועלכע איך האָב אויך גוט געקענט אין מיין יוגענד אין די זעלביגע גובערניעס.

זלאַטאָוורַאַטסקי׳ן האָט מען, פאַרשטעהט זיך, באַשולדיגט אין אידעאַליזירן די פּויערים; אָבער דער אמת איז, אַז אוספּענסקי און זלאַטאָוורַאַטסקי האָבען זיך איינער דעם אַנדערן דערגענצט. פּונקט

ווי זיי דערגענצען זיך איינער דעם אנדערן געאָגראפיש — זלאַטאָוו־ראַטסקי האָט גערעדט פאַר דעם עכט אגריקולטורעלען געגענד פון מיטעל־רוסלאַנד, בעת אוספענסקי האָט גערעדט פאַר דעם אומקרייז פון אַט־דעם געגענד — אזוי האָבען זיי אויך איינער דעם אנדערן דערגענצט פסיכאָלאָגיש. אוספענסקי איז געווען גערעכט, בעת ער האָט אָנגעצייגט די חסרונות פון דער דאָרפס־געמיינדע איינריכ־טונג, וואָס ווערט באַרויבט פון איהר לעבענס־זאַפט דורך אן אל־מעכטיגער ביוראָקראטיע; און זלאַטאָווראַטסקי איז אויך גאַנץ גערעכט געווען, בעת ער האָט אָנגעצייגט וואָס פאַר א מענשען עס קומען פונדעסטוועגען ארויס דורך די דאָרפיש־געמיינדליכע איינ־ריכטונגען און דורך דער צוגעבונדענקייט צו דער ערד, און וואָס פאַר נוצען די דאָזיגע אינסטיטוציע קען ברייגען די דאָרפישע מאַ־סען אונטער אנדערע באַדינגונגען פון פרייהייט און זעלבשטענדיג־קייט.

אויף אַזאַ'ן אופן זיינען זלאַטאָוראַטסקי'ס נאָוועלען א וויכטי־גער עטנאָגראפישער ביישטראַג, און אין דער זעלביגער צייט באַזיצען זיי א קינסטלערישען ווערט. זיין „דאָס טעגליכע לעבען אין דאָרף“ און פיליכט נאָך מעהר זיין „פויערים געשוואוירענע ריכטער“ (פונ'ם יאָהר 1864 זיינען די עלטסטע פויערים אין די הויז־ווירט־שאַפטען געווען די געשוואוירענע ריכטער אין די געריכט־הייזער) זיינען פול מיט די שעהנסטע סצענעס פון דעם דאָרפס־לעבען; בעת זיינע „י ס ו ד ו ת“ שטעלען מיט זיך פאַר אן ערנסטען פאַרזוך ארומצוכאַפען אין א קונסט־ווערק די גרונד־קאָנצעפציעס פון דעם רוסישען דאָרפישען לעבען. אין אַט־דעם לעצטען ווערק טרעפען מיר אויך טיפען, וואָס פערזאָניפיצירן די מרידה פון די פויערים אי אַנטקעגען דער אויסערליכער אונטערדריקונג, אי אנט־קעגען דער אונטערוואָרפענקייט פון די מאַסען צו אַט־דער אונטער־דריקונג — מענשען, וועלכע וואָלטען, אונטער גינסטיגע באַדינ־גונגען, געקענט ווערן די איניציאַטאָרן פון באַוועגונגען מיט א זעהר טיפער באַדייטונג. אז אַט־די טיפען זיינען ניט צוגעטראַכט געוואָרן פון דעם פּאָרפאָסער, וועט מודה זיין יעדער איינציגער, וואָס איז נאָר באַקאַנט מיט דעם אינערליכען לעבען פון דעם רוסישען דאָרף.

די שריפטשטעלער, וואָס זיינען דערמאָנט געוואָרן אויף די פריי־ערדיגע זייטען, שטעלען ווייט ניט פאַר מיט זיך די גאַנצע שולע

פון די פאָלקס־נאָוועליסטען. ניט נאָר איז יעדער רוסישער נאָוועליסט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָנפאַנגענדיג פון טורגענעוו׳ן, אָנגערעגט געוואָרן אין איינעם אדער א צווייטען ווערק זיינעם פון דעם פאָלקס־לעבען, נאָר אפילו מאנכע פון די בעסטע שאַפונגען פון די סאַמע פראַמינענטע געגענוואַרטיגע שריפטשטעלער, ווי, למשל, קאָראָלענקאָ, טשעכאָוו, ערטעל און פיעלע אַנדערע (זעה דאָס נעקסטע קאַפיטעל), געהערען צו דער זעלבינער קאַטעגאָריע. עס זיינען נאָך פאַראַן א היבשע צאָהל נאָוועליסטען, וואָס געהערען אויסדריקליך צו אָט־דעם קלאַס, וועגען וועלכע מען וואָלט גערעדט מעהר אדער וועניגער באריכות אין יעדען קורס פון דער נייער רוסישער ליטעראטור, ליידער אבער בין איך געצוואונגען זיי צו דערמאָנען נאָר אין עטליכע שורות.

**נאָאומאָוו** איז געבאָרען געוואָרן אין טאָבאָלסק (אין 1838) און, באזעצענדיג זיך אין מערב־סיביר, נאָכדעם ווי ער האָט געקראָגען אן אוניווערזיטעטס־בילדונג אין פעטערסבורג, האָט ער אָנגעשריבען א רייהע קורצע נאָוועלען און סקיצען, אין וועלכע ער האָט באַשריבען דאָס לעבען אין די מערב־סיבירישע דערפער און שטעטלאַך ארום די גאָלד־גרובען. די דאָזיגע דערצעהלונגען זיינען פיעל געלייענט געוואָרן, א דאַנק זייער אויסדרוקספולער, אמת־פאָלקסטימליכער שפּראַך, און דער קראַפט, מיט וועלכער זיי זיינען געוועזן דורכגעדרונגען, ווי אויך צוליעב די איבעררעאשענדיגע בילדער, וואָס זיי האָבען אנטהאלטען פון די רייכערע פּויערים (באַוואוסט אין רוסלאַנד אונטערן נאָמען „מיראיעדי") וואָס האָבען געצויגען נוצען פון דער ארימקייט פון די מאַסען.

**זאַסאָדימסקי** (געב. אינ׳ם יאָהר 1843) געהערט צו דעם זעלבינען פעריאָד. ווי א סך פון זיינע צייט־חברים, האָט ער פאַרבראַכט פיעל יאָהרען פון זיין יוגענד אין פאַרשיקונג, אָבער ער בלייבט אלץ דער זעלבינער „פאָפּוליסט", וואָס ער איז געוועזן אין זיין יוגענד, דורכגעדרונגען מיט דער זעלבינער ליעבע צום פאָלק און מיט דעם זעלבינען גלויבען אין די פויערים. זיין „כראָניק פון דעם דאָרף סמורינאָ" (1874) און „געהיימניסען פון די סטעפּעס" (1882) זיינען ספּעציעל אינטערעסאַנט, ווייל זאַסאָדימסקי האָט אין אָט־די נאָוועלען פּראָבירט פאַרצושטעלען—געטריי צום לעבען—טיפּען פון אינטעלעקטועל־אַנטוויקעלטע און פּראָטעסטירענדיגע

פויערים, וועלכע זיינען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרן פון די פאָלקס־נאָוועליסטען. אייניגע פון זיי זיינען רעבעלען, וואָס שטעלען זיך אַנטקעגען די אומשטענדען פון דעם דאָרפישען לעבען, הויפּטזעכ־ליך אין זייערע אייגענע פּערזענליכע אינטערעסען, בעת אַנדערע זיינען פּריעדליכע רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדיסטען, און ווידער אַנדערע זיינען מענשען, וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אונטער דעם איינ־פלוס פון די געבילדעטע פּראָפּאַגאַנדיסטען.

נאָך אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט אין שיל־דערן טיפּען פון די „מיראָיעדען" אין די דערפער פון אייראָפּייאי־שען רוסלאַנד, איז געווען ס אַ ל אָ וו (1843־1902).

פּעטראָפּאַוולאָווסקי (1857־1892), וואָס האָט געשריבען אונ־טער דעם פּסעוודאָנים ק אָ ר אָ נ י ן, איז געווען אַן אמת'ער דיכטער פון דעם דאָרפס־לעבען, אַ דיכטער פון ערד־אַרבייט. ער איז געבאָרען געוואָרן אין דעם דרום־מזרח־טייל פון רוסלאַנד, אין סאַמאַרער גובערניע, אָבער שוין אין זיין פריהער יוגענד איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין טאָבאָלסקער גובערניע, אין סיביר, וואו מען האָט איהם אָפּגעהאַלטען פיעל יאָהרען, און איז באַפרייט געוואָרן ערשט קורץ פאַר דעם ווי ער איז געשטאָרבען פון שווינדזוכט. אין זיינע נאָוועלען און דערצעהלונגען האָט ער געגעבען עטליכע זעהר דראַמאַטישע טיפּען פון די דאָרפישע שלים־מזל'ניקעס, אָבער די נאָוועלע, וואָס איז אַם־מעהרסטען טיפּיש פאַר זיין טאַלאַנט, איז „מיין וועלט". אין אָט־דער נאָוועלע דערצעהלט ער, ווי אַזוי אַן „אינטעליגענט", געמאַטערט פון ספקות, וואָס האַלט דורך זיי כמעט ביים פאַרלירן זיין פאַרשטאַנד, באַרוהיגט זיך און געפינט פרידען, ווען ער באַזעצט זיך אין אַ דאָרף און אַרבייט אויף דעם זעלביגען כמעט איבערמענשליכען שטייגער, ווי די פויערים אַרבייטען בעת מען דאַרף שניידען די היי און אַריינפיהרן אין שייער די אָפּגע־שניטענע תבואה. לעבענדיג ווי אַלע פויערים לעבען, ווערט ער פון אַלעמען געליעבט; ער געפינט אַ געזונט און אינטעליגענט מיידעל, וואָס ליעבט זיך אין איהם איין. דאָס איז, פאַרשטעהט זיך, ביז אַ געוויסען גראַד, אַן אידיליע פון דעם דאָרפישען לעבען; עס איז אָבער אַזוי וועניג אידעאַליזירט, — ווי מיר וויסען פון ער־פאַהרונג וועגען יענע אינטעליגענטען, וואָס זיינען אוועק אין די

דערפער, ווי גלייכע קומען צווישען גלייכע, — אז די אידיליע לייענט זיך במעט ווי א ווירקליכקייט.

נאך איינינע פאלקס-נאוועליסטען מוזען דא דערמאנט ווערן. צו זיין דארף מען צורעכענען ל. מעלשיג׳ען (געבארן אינ׳ם יאהר 1860, — דער פסעוודאנים פון איינעם א פארשיקטען „פ. יא"), וועלכער איז אויך א דיכטער. ער איז געווען צוועלף יאהר אין סיביר אויף קאטארגע, אלס פאליטישער פארברעכער; אין יענער צייט האט ער ארויסגעגעבען צוויי בענד סקיצען פון דער קאטארגע אונטער׳ן נאמען „אין דער וועלט פון די פארשטויסענע (א ווערק, וואס קען אוועקגעשטעלט ווערן אין איין רייהע מיט דאסטאיעווסקי׳ס „דאס טויטע הויז). ס. יעלפאטיעווסקי׳ן (געבארן געווארן אינ׳ם יאהר 1854), וועלכער איז אויך געווען א פארשיקטער. ער האט געשריבען גוטע סקיצען וועגען די סיבירער בראדיאגעס. נעפיאדאוו׳ן (1847-1902), אן עטנאגראף, וועלכער האט געמאכט ווערטפולע וויסענשאפטליכע פארשונגען און אין דערזעלביגער צייט ארויסגעגעבען אויסגעצייכענטע דערצעהלונגען וועגען דעם פאבריק- און דארפס-לעבען. זיינע שריפטען זיינען דורכגעדרונגען מיט טיפען גלויבען אין דעם אומדערשעפליכען קוואל פון ענערגיע און אין דער פלאסטישער שאפענדיגער קראפט פון די מאסען פויערים; און איינינע אנדערע. יעדער איינער פון אט די שריפטשטעלער פארדינט זיכער מעהר ווי א קורצע נאטיץ, ווייל יעדער פון זיי האט עטוואס בייגעשטייערט אדער צו דער אויפפאסונג פון דעם אדער יענעם קלאס פון פאלק, אדער צו דער אויסארבייטונג פון יענע פארמען פון „אידעאליסטישען רעאליזם", וואס זיינען אם-בעסטען צוגעפאסט צו באהאנדלען טיפען, גענומען פון די ארבייטענדיגע מאסען, וועלכע האבען דא ניט-לאנג געמאכט דעם ליטעראַרישען ערפאלג פון מאקסים גארקי.

## מאקסים גארקי.

ניט פיעל שריפטשטעלער האבען זיך ערווארבען זייער רעפוטאציע אזוי שנעל, ווי מ א ק ס י ם  ג א ר ק י. זיינע ערשטע סקיצען (1892-95) זיינען ערשינען אין אן אומבאקאנטער פרא-

ווינציעלער ציימונג פון קאַווקאַז, און זיינע אינגאַנצען געווען אומבאַקאַנט דער ליטעראַרישער וועלט. אַבער, ווען זיינע אַ קורצע דערצעהלונג איז ערשינען אין אַ זעהר פאַרשפּרייטען זשורנאַל, וואָס קאָראָלענקאָ האָט רעדאַגירט, האָט גאָרקי באַלד צו זיך געצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. די שעהנקייט פון איהר פאָרם, איהר קינסטלערישע פאָלירטקייט, און דער נייער טאָן פון קראַפט און מוט, וואָס האָט געקלונגען אין דער דאָזיגער דערצעהלונג, האָבען גלייך דערוואָרבען אַ נאָמען דעם יונגען שריפטשטעלער. באַלד איז באַקאַנט געוואָרען, אַז מאַקסים גאָרקי איז אַ פסעוודאָנים פון אַ שטילען יונגען מאַן, א. פּיעשקאָוו, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אינ׳ם יאָהר 1868 אין ניזשני נאָווגאָראָד, אַ גרויסע שטאָדט אויף דער וואָלגאַ. זיין פאָטער איז געווען אַ שטאָדטישער בעל־מלאכה, אַ טאַפּעטען־קלעפּער, זיין מוטער — אַ מערקווירדיגע פרוי — האָט אויך געשטאַמט פון בעלי מלאכות. זיין פאָטער איז געשטאָרבען יונג און גאָרקי האָט זיך געהאָדעוועט ביי זיין מוטער׳ס עלטערן. גאָרקי׳ס יוגענד איז ווייט ניט געווען קיין גליקליכע. ווען ער איז אַלט געווען אַרום 9 יאָהר, איז זיין מוטער (וועלכע האָט זעהר ניט־גליקליך געהייראַט אַ צווייטען מאָל) געשטאָרבען, און מען האָט איהם אָפּגעגעבען אליין פאַרדינען זיין ברויט אַלס שיק־אינגעל אין אַ שוך־מאַגאַזין. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט ער זיך דורך אַ סבה אָפּגעברענט די הענט און פאַרלאָרן זיין שטעלע. אין אַ צייט אַרום האָט מען איהם אָפּגעגעבען אַלס לערן־יונג צו זיינעם אַ ווייטען קרוב, אַ בוי־צייכענער, וואו ער איז אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל צרות, אַז אין אַ יאָהר אַרום איז ער פון דאָרטען אַנטלאָפען און איז אָנגעקומען אַלס לערן־יונג צו דעם קוכער פון אַ שיף. דער דאָזיגער קוכער איז גראָד געווען אַ זעהר באַלעזענער מענש און האָט גאָרקי׳ן אויך אויסגעלערנט לעזען אַ סך. שפּעטער האָט ער געאַרבייט אַלס בעקער, אַלס גאַסען־טרעגער, האָט פאַרקויפט עפּעל אין די גאַסען, ביז ער האָט ענדליך באַקומען אַ פּלאַץ אַלס אַנגעשטעלטער אין אַ קאָנטאָר פון אַן אַדוואָקאַט. אין יאָהר 1891 האָט ער געלעבט און אַרומגעוואַנדערט צופוס מיט די בראָדיאַגעס אין דרום־רוסלאַנד, און אין דער צייט פון אַט די וואַנדערונגען האָט ער אָנגעשריבען עטליכע דערצעהלונגען, די ערשטע פון זיי איז דערשינען אינ׳ם יאָהר 1892, אין אַ ציימונג פון צפון־קאַווקאַז. די דער־

צעהלונגען זיינען געווען אויסגעצייכענט גוט, און ווען א זאמלונג פון אלץ, וואָס ער האָט ביז דעמאָלט אָנגעשריבען, איז ערשינען אין דעם יאָהר 1900, אין פיער קליינע בענדער, איז די גאנצע היפשע אויסגאבע פארקויפט געוואָרן אין א זעהר קורצער צייט, און גאָרקי האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ, — ריידענדיג נאָר פון די היינטיגע נאָוועליסטען — נעבען קאָראָלענקאָ'ן און טשעכאָוו'ן, גלייך נאָך לעוו טאָלסטאָי'ן. אין מערב־אייראָפּע און אין אמעריקא האָט ער דערווארבען זיין רעפּוטאציע מיט דער זעלביגער שנעלקייט, באַלד ווי א פּאָר פון זיינע דערצעהלונגען זיינען איבערזעצט געוואָרן אויף פראַנצויזיש און אויף דייטש און דערנאָך ווידער איבערזעצט געווארן אויף ענגליש.

עס איז גענוג איבערצולייענען עטליכע פון גאָרקי'ס קורצע דערצעהלונגען, למשל, „מאַלוואַ“, אָדער „טשעלקאַש“, אָדער „געוועזענע מענשען“, אָדער „זעקס־און־צוואנציג און איינע“, כדי גלייך צו באגרייפען די סיבות פון זיין שנעל־געוואונענער פּאָפּולאריטעט. די מענער און פרויען, וואָס ער שילדערט, זיינען ניט קיין העלדען: זיי זיינען גאנץ געוועהנליכע טרעמפּס און „באָסיאַקעס“, און וואָס ער שרייבט איז אייגענטליך ניט קיין נאָוועלען אין ריכטיגען זין פון וואָרט, נאָר פּשוט סקיצען פון לעבען. און דאָך זיינען אין דער ליטעראַטור פון אלע פעלקער, אריינרעכענענדיג די קורצע דערצעהלונגען פון גיו דע מאָפּאַסאַן און ברעט הארט, פאראַן זעהר ווינציג זאכען, אין וועלכע מען געפינט אזאַ פיינעם אנאַליז פון קאָמפּליצירטע און קעמפּענדיגע מענשליכע געפיהלען, וואו אזעלכע אינטערעסאנטע, אָריגינעלע און נייע כאַראַקטערן זיינען אזוי גוט געשילדערט, און די מענשליכע פסיכאָלאָגיע איז אזוי וואונדערבאר צונויפגעפלאָכטען מיט א הינטערגרונד פון דער נאַטור — א שטילען ים, דראָהענדיגע כוואַליעס, אָדער ענדלאָזע סטעפּעס, פארברענט פון דער זון. אין דער ערשטער פון די פריהער דערמאָנטע דערצעהלונגען זעהט איהר ממש ווי דער הויכער לאַנד־פּאַס שניידט זיך אריין אין די „לאָכענדיגע וואַסערן“, יענער לאַנד־פּאַס אויף וועלכען דער פישער האָט אויפגעשטעלט זיין ביידעל; און איהר פארשטעהט פארוואָס מאַלוואַ, די פרוי, וואָס איז אין איהם פארליעבט, און קומט צו איהם אלע זונטאג, האָט ליעב דאָס פּלאַץ פּונקט ווי זי האָט ליעב דעם פישער אליין. באַלד נאָכדעם ווערט איהר

אויף יעדען זייטעל איבערראשט פון דער גאַנץ־אומערוואַרטעטער פארשיידענאַרטיגקייט פון איידעלע שטריכען, מיט וועלכע די ליעבע פון אָט־דער מאָדנער און קאָמפּליצירטער נאַטור פון מאַלוואַ'ן איז געשילדערט, און איהר ווערט אויך איבערראשט פון די ניט־פאָר־אויסגעזעהענע זייטען, אין וועלכע עס דערשיינען פאר אייך אין דעם קורצען משך פון עטליכע טאָג דער געוועזענער פויער, דער פישער, און זיין זוהן, דער פויער. די פארשיידענאַרטיגקייט פון די שטריכען, ראַפינירטע און ברוטאַלע, צאַרטע און שרעקליך־גראָבע, מיט וועלכע גאָרקי מאָלט די מענשליכע געפיהלען, איז אַזאַ, אז אין פארגלייך מיט זיינע העלדען זעהען אונז אויס די העלדען און העלדינען פון אונזערע בעסטע נאָוועליסטען אזוי איינפאך — אזוי פאַראיינפאַכט — פונקט ווי עס איז א בלום פון דער אייראפּייאישער דעקאָראַטיווער קונסט אין פארגלייך מיט אן אמת'דיגער בלום.

גאָרקי איז א גרויסער קינסטלער; ער איז א דיכטער; אבער ער איז אויך א קינד פון יענער לאַנגער רייהע פאָלקס־נאָוועליסטען, וועלכע רוסלאַנד האָט געהאַט אין דעם לעצטען האַלבען יאָהרהונדערט, און ער האָט אויסגענוצט זייער ערפאַהרונג: ער האָט ענדליך געפונען יענע גליקליכע פאַראייניגונג פון אידעאַליזם מיט רעאַליזם, צו וועלכער די רוסישע פאָלקס־נאָוועליסטען האָבען געשטרעבט אזוי פיעל יאָהרען. רייעשעטניקאָוו און זיינע צייט־חברים האָבען פּרובירט שרייבען נאָוועלען פון אן אולטראַ־רעאַליסטישען כאַראַקטער אָהן א וועלכען עס איז שפּור פון אידעאַליזאַציע. זיי האָבען זיך אָפּגעהאַלטען יעדעס מאָל, ווען זיי האָבען זיך געפיהלט געניינט צו פאַראַלגעמיינערן, צו שאַפען, צו אידעאַליזירן. זיי האָבען זיך געפלייסט צו שרייבען פּשוט'ע טאָג־ביכער, אין וועלכע די געשעהענישען, קליינע און גרויסע, וויכטיגע און אומוויכטיגע, פלעגען דערצעהלט ווערן מיט דער זעלביגער פּינקטליכקייט, ניט ענדערנדיג אפילו דעם טאָן פון דעם סיפּור המעשה. מיר האָבען געזעהן, אז אויף אָט־דעם שטייגער האָט זיך זיי, דורך דער קראַפט פון זייער טאַלאַנט, איינגעגעבען ארויסצוברענגען זעהר שאַרפע עפעקטען; אבער פונקט ווי דער היסטאָריקער, וואָס זוכט אויף אלע אופנים צו זיין „אומפּאַרטייאיש" און בלייבט פונדעסטוועגען שטענדיג א פּאַרטיי־מאַן, אזוי האָט זיך זיי אויך ניט איינגעגעבען צו פאַרמיידען די אידעאַליזירונג, פאר וועלכער זיי האבען

זיך אַזוי נעשראָקען. זיי האָבען דאָס ניט געקאָנט פאַרמיידען. אַ קונסט־ווערק איז שטענדיג פּערזענליך. דער פּראָפעסער מעג טאָן וואָס ער וויל, זיינע סימפּאַטיעס מוזען שטענדיג ארויפשווימען אין זיין שאַפונג, און ער וועט שטענדיג אידעאַליזירן אַלץ, וואָס שטימט מיט אָט־די סימפּאַטיעס. גאָרקי האָט שוין ניט מורא געהאַט פאַר אַזאַ אידעאַליזאַציע. צום ביישפּיעל, גריגאָראָוויטש האָט אידעאַליזירט די אַל־פאַרגעבענדיגע געדולד און די אַל־דולדענדע אונטער־וואָרפענקייט פון דעם רוסישען פּויער; און אפילו ריעשיאָטניקאָוו האָט גאַנץ אומבאַוואוסט, און אפשר קעגען זיין ווילען, אידעאַליזירט די כמעט איבערנאַטירליכע קרעפטען פון אויסדויער, וואָס ער האָט געזעהן אין די אוראַל־בערג און אין די הינטער־געסלאַך פון פּעטער־בורג.ביידע, סיי דער אולטראַ־רעאַליסט, סיי דער ראָמאַנטיקער האָבען עפּעס אידעאַליזירט. גאָרקי ווי עס ווייזט אויס האָט פאַר־שטאַנען די וויכטיגקייט דערפון; אַלענפאַלס איז ער ניט קעגען אַ געוויסען סאָרט אידעאַליזאַציע. אין זיין געטריישאַפט צום אמת איז ער אַזאַ שטאַרקער רעאַליסט, ווי ריעשיאָטניקאָוו; אָבער ער אידעאַליזירט אין דעם זעלביגען זין, ווי, למשל, טורגענעוו האָט אידעאַליזירט, בעת ער האָט געשילדערט רודינ׳ען, העלענע׳ן אָדער באַזאַראָוו׳ן. ער זאָגט אפילו, אַז מיר מוזען אידעאַליזירן, און ער קלייבט אויס און אידעאַליזירט צווישען די בראָדיאַגעס, וואָס ער אַליין האָט געקענט, יענע טיפּען, וועלכע ער האָט באַוואונדערט אָט־מעהרסטען — די רעבעלען. דערמיט דערקלערט זיך אויך זיין ערפאָלג. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די לעזער פון אַלע פעל־קער האָבען אומבאַוואוסטזיניג געוואַרט אויף אַזוינע טיפּען אין דער ליטעראַטור, ווי אויף אַ פאַרלייכטערונג פון דער גודנער מיטעל־מעסיגקייט און פון דעם מאַנגעל פון שטאַרקע אינדיווידואַליטעטען אין דער ארומיגער סביבה.

די שיכט פון דער געזעלשאַפט, פון וועלכער גאָרקי האָט גע־נומען זיינע העלדען פאַר זיינע ערשטע קורצע דערצעהלונגען — און אין די קורצע דערצעהלונגען ציינט זיך אָם־בעסטען ארויס זיין טאַלאַנט — זיינען די טרעמפּס (בראָדיאַגעס) פון זיד־רוסלאַנד. דאָס זיינען מענשען וואָס האָבען זיך אָפּגעריסען פון דער געזעל־שאַפט, וואָס נעמען קיינמאָל ניט אָן דעם יאָך פון שטענדיגער אַר־בייט, וואָס אַרבייטען נאָר אַזוי לאַנג ווי זיי ווילען, אַלס „צופעליגע״

ארבייטער אין די פּאָרטען אויפ'ן שווארצען ים; מענשען, וואָס נעכטיגען אין די נאַכטלעגער-הייזער אדער ערגעץ אין די גראבענס הינטער דער שטאָדט און וואנדערן זומער פון אָדעס ביז קרים, און פון קרים ביז די סטעפּעס פון צפון-קאַווקאַז, וואו זיי געפינען שטענדיג ארבייט אין שניט-צייט.

דאָס אייביגע קלאָגען זיך אויף אָרימקייט און אויפ'ן ביטערן מזל, די הילפלאָזיגקייט און האָפנונגסלאָזיגקייט, וואָס זיינען געווען די דאָמינירנדע טענער ביי די ערשטע פאָלקס-נאַוועליסטען, פעה־לען אינגאַנצען אין גאָרקי'ס דערצעהלונגען. זיינע בראָדיאַגעס באַ־קלאָגען זיך נימ.

„אַלצדינג איז גוט", זאָגט איינער פון זיי; „אָכצען און קלאָגען איז נים כדאי — עס וועט גאָר נים העלפען. לעב און וואַרט ביז דער בראַך וועט קומען, און אויב דו ביסט שוין צעבראָכען — וואַרט אויפ'ן טויט. אט־דאָס איז די גאַנצע חכמה אויף דער וועלט — פאַרשטאַנען?"

אַנשטאַט צו וויינען און קלאָגען אויף דעם ביטערן מזל פון זיינע בראָדיאַגעס, קלינגט אין גאָרקי'ס דערצעהלונגען א דערפרי־שענדער טאָן פון ענערגיע און מוט, וואָס איז אינגאַנצען ניי אין דער רוסישער ליטעראַטור. זיינע בראָדיאַגעס זיינען אָרים ווי בעט־לער, אָבער זיי אַרט דאָס גאָר נים. זיי שיכור'ן, אָבער דאָס איז גאָר נים די פינסטערע שיכרות אוים פאַרצווייפלונג, וואָס מיר האָבען געזעהן ביי לעוויטאַוו'ן. אפילו דער ערנידעריגסטער פון זיי — אַנשטאַט צו מאַכען פון זיין הילפלאָזיגקייט א טוגענד, ווי דאָס־טאָיעווסקי'ס העלדען האָבען שטענדיג געטאָן — טרוימט גאָר צו רעפאָרמירן די וועלט און זי צו באַרייכערן. ער טרוימט וועגען דעם מאָמענט, ווען „מיר, די אמאָליגע אָרימעלייט וועלען פאַר־שווינדען, באַרייכערענדיג די געוועזענע קרעזוסעס מיט דער רייכ־קייט פון גייסט און מיט דער קראַפט פון לעבען". (א „טעות" באַנד 1 ז. 170).

גאָרקי קען נים פאַרטראָגען קיין אָכצען און זיפצען; ער קען נים פאַרטראָגען יענע זעלבסט-פּייניגונג, פון וועלכער די אַנדערע רוסישע שריפטשטעלער האָבען אַזוי פיעל הנאה; וואָס טורגענעוו'ס האַמלעטיזירטע העלדען האָבען אזוי פּאַעטיש אויסגעדריקט, פון וועלכע דאָסטאָיעווסקי האָט געמאַכט א טוגענד און אנדערע אָהן א

שיער ביישפּיעלען דערפון וואָס מיר באַגעגענען אין רוסלאַנד אויף פאַרשיידענע אַרטען. גאָרקי קען דעם טיפּ, אָבער ער האָט קיין רחמנות ניט אויף אַזעלכע מענשען. שווין בעסער דער ערגסטער אויסוואורף איידער אָט־די עגאָאיסטישע שוואַכלינגען, וואָס גריזען נאָכאַנאַנד זייערע אייגענע הערצער, און צווינגען אַנדערע צו שיכור'ן מיט זיי, כדי צו האַלטען פאַר זיי מליצה'דיגע רעדעס וועגען זייערע „ברענענדיגע נשמות". ער האַסט יענע נפשות, וואָס „זיינען פול מיט מיטלייד", אָבער געהען קיינמאָל ניט אוועק ווייטער פון רחמנות אויף זיך אליין, יענע, וואָס „זיינען פול מיט ליבע", וועלכע געהט קיינמאָל ניט ווייטער פון זעלבסט־ליבע. גאָרקי איז צוגוט באַקאַנט מיט אָט־די מענשען, וואָס פאַרפעהלען קיינמאָל ניט צו רואינירן דאָס לעבען פון יענע פרויען, וועלכע געטרויען זיי, מענשען, וואָס שטעלען זיך אפילו ניט אָפּ פאַר קיין מאָרד, ווי, למשל, ראַסקאָלניקאָוו אָדער די ברידער קאַראַמאַזאָוו, און דאָך קלאָגען זיי אויף די אומשטענדען, וואָס האָבען זיי דערצו געבראַכט.

— „און זעהן זעה איך, אַז די מענשען לעבען ניט, נאָר רק זיי פאַרמעסטען זיך און לעגען אויף דעם אוועק זייער גאַנצען לעבען", זאָגט די אַלטע א י ז ע ר ג י ל, אין דער דערצעהלונג אונטער דעמזעלביגען נאָמען.

— „און ווען זיי באַ'גנב'ענען זיך, פאַרלירענדיג צייט, הויבען זיי זיך אָן קלאָגען אויפ'ן מזל. וואָס האָט דאָ דער מזל צו טאָן? יעדערער מאַכט זיך אַליין זיין מזל! אַלערליי סאָרטען מענשען זעה איך זיך אָן היינטיגע צייטען, אָבער קיין שטאַרקע זיינען ניטאָ! וואו זיינען זיי?... שעהנע פּנים'ער ווערן אויך אַלע מאָל ווייניגער!" (דערצעהלונגען, ב. 1, ז. 126.)

וויסענדיג ווי די רוסישע אינטעליגענטען ליידען פון אָט דער קלאָג־מוטער־קרענק; וויסענדיג ווי זעלטען עס געפינען זיך צווישען זיי אַגרעסיווע אידעאַליסטען, אמת'ע רעבעלען, און פון דער אַנדער זייט, ווי גרויס די צאָהל איז פון די נעזשדאַנאָווס (דער העלד פון טורגענעוו'ס „נייער באָדען") אפילו צווישען די „פּאָליטישע", וועלכע געהען מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ אין סיביר — נעמט דעריבער גאָרקי ניט זיינע טיפּען פון צווישען די אינטעלי־

גענטען, ווארים ער דענקט, אַז זיי ווערן צו־לייכט די „געפאַנגענע פון דעם לעבען“.

אין „וואַרענקא אָליעסאָווא“ דריקט גאָרקי אויס זיין גאַנצע פאַר־אַכטונג צום דורכשניטליכען אינטעליגענט פון דעם אָנפאַנג 90יגער יאָהרן. אין אָט־דער דערצעהלונג פיהרט ער פאַר אונז אַרויס אַ טיפּ פון אַ מיידעל פול מיט לעבען; אַן אויסערגעוועהנליכע פּרימיטיווע באַשעפעניס, וואָס איז אַבסאָלוט ניט באַריהרט פון די אידעאַלען פון פרייהייט און גלייכהייט, אָבער איז אַזוי פול מיט קרעפטיג לע־בען, אַזוי זעלבסטשטענדיג, אַזוי געטריי צו זיך אַליין, אַז יעדער איינער מוז ווערן אין איהר שטאַרק פאַראינטערעסירט. זי באַ־געגענט זיך מיט איינעם פון יענע אינטעליגענטען, וואָס זיינען באַקאַנט מיט די העכערע אידעאַלען און באַוואונדערן זיי, אָבער זיינען שוואַכליגגען, אָהן דער מינדסטער פעהיגקייט צו פיהרן אַ געזונטען לעבען. פאַרשטעהט זיך, וואַרענקאַ לאַכט אפילו פון דעם געדאַנק, אַז אַזאַ מענש זאָל זיך אין איהר פאַרליעבען; און גאָרקי לאָזט איהר כאַראַקטעריזירן דעם געוועהנליכען העלד פון די רוסי־שע ראָמאַנען אויפ'ן פאָלגענדיגען שטייגער:

„דער רוסישער העלד איז אַלעמאָל נאַריש און אומגעלומפּערט, שטענדיג איז איהם נודנע, שטענדיג קלערט ער וועגען עפּעס אומ־פאַרשטענדליכעס, אויף יעדען האָט ער רחמנות און אַליין איז ער דער אומגליקליכסטער! ער וועט איבערדענקען, זיך דורכרעדען, וועט געהן זיך דערקלערן אין ליעבע, נאָכדעם דענקט ער ווידער ביז ער האָט חתונה... און ווען ער האָט שוין חתונה, רעדט ער אָן זיין ווייב אַלערליי נאַרישקייטען און וואַרפט זי אַוועק“... („וואַרענקא אָליעסאָווא“ 2, 281).

גאָרקי'ס באַליעבטער טיפּ איז דער רעבעל, דער מענש וואָס רעוואָלטירט אינגאַנצען אַנטקעגען דער געזעלשאַפט און איז אין דער זעלביגער צייט אַ שטאַרקער מענש, אַ קראַפט. און אַזוי ווי ער האָט געפונען צווישען די בראָדיאַגעס, מיט וועלכע ער האָט גע־לעבט, ווענינגסטענס אַ שפּראָץ פון אַזאַ טיפּ, נעמט ער דעריבער פון אָט־דער שיכט פון דער געזעלשאַפט זיינע אינטערעסאַנטסטע העלדען.

א־ן „קאָנאָוואַלאָוו“ גיט גאָרקי אַליין די פּסיכאָלאָגיע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ טיילווייזע פּסיכאָלאָגיע פון זיין בראָדיאַגע־

העלד: — „דאָס איז אַן אינטעליגענט צווישען יענע וועמען דער גורל האָט באַליידיגט — צווישען די אָפּגעריסענע, הונגעריגע און פאַרביטערטע האַלב־מענשען און האַלב־חיות, וואָס פילען אַן די הינטערגעסלעך פון די שטעדט". — „געוועהנליך א מענש, וועמען מען קען ניט צורעכענען צו קיין גרופּע", דער מענש וואָס האָט „פאַרברענט אַלע בריקען הינטער זיך, וואָס איז פיינדליך צו אַלץ, וואָס איז גרייט אַנצוּואַווענדען אויף יעדען זאַך די קראַפט פון זיין דערצאָרענטען און פאַרביטערטען סקעפּטיציזם" (2, 23). גאָר־קי'ס בראָדיאַגע פיהלט, אַז איהם האָט ניט אָפּגעגליקט אין לעבען, אָבער ער זוכט ניט קיין באַרעכטיגונג דאַרויף אין די אומשטענ־דען. קאָנאָוואַלאָוו, למשל, האַלט ניט פון דער טעאָריע, וואָס האָט אַזאַ אַנגאַנג צווישען די געבילדעטע שלים־מזל'ניקעס, אַז ער איז א טרויעריגער פּראָדוקט פון די אומגינסטיגע אומשטענדען. „מען דאַרף באמת זיין א קליינמוטיגער", זאָגט ער, „כדי צו ווערן אַזאַ מענש". „דאָס לעבען איז ביי מיר אָהן קיין שום באַרעכטיגונג... איך לעב, און בײַנק... צוליעב וואָס? ווייס מען ניט... קיין אינער־ליכער וועג איז ביי מיר ניטאָ... פאַרשטעהסט? ווי זאָל איך דאָס זאָגען? ס'איז ניטאָ יענער פונק אין דער נשמה... קיין קראַפט, אדער וואָס? נו, עפּעס פעהלט אין מיר, און א סוף!" און ווען זיין יונגער פריינד, וואָס האָט אויסגעלייענט אין די ביכער אַלער־ליי אנטשולדיגונגען און באַרעכטיגונגען פאַר שוואַכקייט פון כאַ־ראַקטער, ווייזט אַן אויף די „שוואַרצע פיינדליכע קרעפטען", וועלכע רינגלען ארום דעם מענשען, ענטפערט איהם קאָנאָוואַלאָוו: „טאָ שפּאַר זיך אַן שטאַרקער! זוך זיך אָפּ דיין מיטעלפּונקט און שפּאַר זיך אָן!"

איניגע פון גאָרקי'ס בראָדיאַגעס, ווי מען וואָלט דאָס געקאָנט דערוואַרטען, זיינען גענייגט צו פילאָזאָפירן. זיי פאַרטראַכטען זיך וועגען דעם מענשליכען לעבען, און האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו דערקענען דאָס לעבען.

„יעדער מענש", זאָגט ער ערגעץ, „וועלכער האָט געקעמפט מיט'ן לעבען, איז באַזיגט געוואָרן פון איהם און ליידט אין דער אומ־דערבאַרימליכער געפאַנגענשאַפט פון זיין שמוץ, איז א גרעסערער פילאָזאָף פון שאָפּענהויער'ן אליין, ווייל דער אַבסטראַקטער גע־דאַנק וועט זיך קיינמאָל ניט אויסגיסען אין אַזאַ קאָרעקטער בילד־

ליבער פארם, ווי עס גיסט זיך אוים דער געדאנק, וואס איז דיי־רעקט ארויסגעדריקט געווארן פון מענשען דורך ליידען („קאָ־נאוואלאוו", 1, זייט 31). „דאס קענען דאס לעבען ביי אזעלכע מענשען איז איבערראשענד", זאגט ער אויף אן ארט.

ליבע צו דער נאטור איז א צווייטער כאראקטעריסטישער שטריך פון דעם בראדיאגע: „קאנאוואלאוו האט ליעב געהאט די נאטור מיט א טיפער אומאויסשפרעכליכער ליעבע, וואס פלעגט זיך אנטפלעקען נאר אין דעם ווייכען גלאנץ פון זיינע אויגען. שטענדיג, בעת ער איז געווען אויף די פעלדער אדער אויפ'ן ברעג פון טייך, פלעגט ער אריין אין א שטימונג פון פרידליכקייט און ליעבע, וואס האט איהם נאך מעהר עהנליך געמאכט צו א קינד. אמאל פלעגט ער אויסשרייען, קוקענדיג אויפ'ן הימעל: „אך, גאט!" און אין אט־דעם אויסגעשריי איז געווען מעהר זין און געפיהל, ווי אין די רעטארישע אויסדרוקען פון א סך דיכטער... ווי אלע אנדערע זאכען, פארלירט די דיכטונג איהר הייליגע איינפאכקייט און אוממיטעלבארקייט, ווען מען מאכט פון איהר א פראצעסיע" (1, זייטען 4-33).

פונדעסטוועגען איז גארקי'ס רעבעל־בראדיאגע ניט קיין „ניעצ־שעאנער", וועלכער איגנארירט אלץ, וואס ליגט אונטער די גרע־ניצען פון זיין שמאלען עגאיזם, וואס קלערט וועגען זיך, ווי ווענען אן „איבערמענש". כדי צו שאפען א ריינעם ניעצשע־טיפ איז נויטיג די „קרענקליכע אמביציע" פון אן אינטעליגענט. אין גאר־קי'ס בראדיאגעס, ווי אויך אין זיינע פרויען פון דעם סאמע נידעי־ריגסטען קלאס זיינען פאראן פונקען פון גרויסקייט און כאראקטער און איינפאכקייט, וואס פאסען זיך ניט אריין אין דער זעלבסטפאר־געטערונג פון דעם איבערמענש. ער אידעאליזירט זיי ניט אויף אזוי פיעל, אז ער זאל זיי שילדערן ווי ווירקליכע העלדען; דאס וואלט געווען צו אומגעטריי צום לעבען: דער בראדיאגע איז דאך פארט א באזיגטער מענש. אבער ער ציינט, ווי ביי מאנכע פון אט־די מענשען, א דאנק דעם אינערליכען באוואוסטזיין פון זייער קראפט, זיינען פאראן מאמענטען פון גרויסקייט, ווען אפילו אט־די אינערליכע קראפט איז ניט גענוג צו שאפען פון ארלאוו'ן (אין „די צרלאווס") אדער פון איליא'ן (אין „דריי") א ווירקליכע קראפט, אן אמת'ן העלד — א מענשען, וואס קעמפט קעגען יענע, וועלכע

זיינען שטארקער פון איהם. עס קומט אויס, ווי גארקי פרעגט: „ווארום זייט איהר, אינטעליגענטען, ניט אזוי ווירקליך „אינדיוויר־דועל", ניט אזוי אפען רעבעלירענד קעגען דער געזעלשאפט, וואס איהר קריטיקירט, און ניט אזוי שטארק, ווי מאנכע פון אט־די פאר־שטויסענע?

אין זיינע קורצע דערצעהלונגען איז גארקי'ס טאלאנט באמת גרויס; נאר ווען ער, פונקט ווי זיינע צוויי צייט־חברים, קאראלענקא און טשעכאוו, האבען זיך גענומען פאר א גרעסערער נאוועלע, וואס פאדערט די פולשטענדיגע אנטוויקלונג פון די כאראקטערן, האט ער ניט געהאט קיין ערפאלג. זיין דערצעהלונג „פאמא גארדיעעוו", ניט קוקענדיג אויף איינינע שעהנע סצענעס, וואס מאכען א טיפען איינדרוק, איז אינגאנצען גענומען א סך שוואכער, ווי די מעהרסטע פון זיינע קורצע דערצעהלונגען. און בעת דער ערשטער טייל פון „די דריי" — דאס אידילישע לעבען פון די דריי „יונגע מענשען", אויף וועמען עס לעגט זיך שוין דער טראגישער שאטען פון דער צוקונפט — צווינגט אונז אין אנפאנג צו דערווארטען, אז מיר וועלען אין אט־דער נאוועלע זעהן איינע פון די שעהנסטע שאפונגען פון דער רוסישער ליטעראטור, ווערן מיר אבער ביים סוף אינגאנצען אנטוישט. דער פראנצויזישער איבערזעצער פון „די דריי" האט אפילו געפונען פאר נויטיג צו פארענדיגען די נאוועלע ביי דעם פונקט, וואו איליא שטעהט אויפ'ן קבר פון דעם מענשען וואס ער האט דער'הרג'עט, אנשטאט דערגעהן ביז'ן סוף וואו גארקי האט זי געענדיגט.

פארוואס גארקי האט ניט געהאט קיין ערפאלג אין אט־דער ריכטונג איז, פארשטעהט זיך, צו א דעליקאטע און צו א שווערע פראגע צו ענטפערן. אויף איין אורזאך קען מען אבער דאך אנ־צייגען. גארקי, פונקט ווי טאלסטאי, איז צו אן ארענטליכער קינסט־לער, אז ער זאל צוטראכטען א סוף, וואס דאס ווירקליכע לעבען פון זיינע העלדען רעגט איהם דארויף ניט אן, הגם אזא סוף וואלט געקאנט זיין זעהר בילדליך; אויסער דעם, באזיצט ניט דער קלאס מענשען, וועמען ער שילדערט אזוי אויסגעצייכענט, יענע אויס־געהאלטענקייט, יענע גאנצקייט, וואס איז נויטיג צו פארפאלקאמען א קונסט ווערק און צונעבען דערצו דעם לעצטען אקארד, אהן וועל־כען עס קען ניט זיין פאלקאם.

נעמט, למשל, אָרלאָוו'ן אין „די אָרלאָווס“. „עס ברענט אין מיר די נשמה“, זאָגט ער, „רחבות ווילט זיך איהר... כדי איך זאָל קאָנען זיך פאַנאַנדערשפּילען מיט מיין גאַנצען כח... עך — מאַ! אַ כח פיהל איך אין זיך — אַ ניט באַזיגבאַרן! אַט כדומה, למשל, ווען די „כאָלערע“ וואָלט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ מענשען... אין אַ ריעזן... אפילו אין איליאַ מוראָמעץ אליין, — וואָלט איך זיך אויף איהר אַ וואָרף געטאָן! אריין אין דעם טויטליכען קאַמף! דו ביזט אַ קראַפט און איך, גרישקאַ אָרלאָוו, בין אַ קראַפט: אַ נו, לאָמיר זעהן, ווער וועמען?!“

אָבער אָט־די קראַפט, אָט־דער כח, געדויערט ניט לאַנג. אין אַן אַנדער אָרט זאָגט אָרלאָוו, אַז „איהם ציהט אין אַלע פיער זייטען פון דער וועלט אויף איין מאָל“, און אַז זיין גורל איז ניט צו קעמפען מיט גיגאַנטען, נאָר צו זיין אַ בראָדיאַגע. און דערמיט ענדיגט ער טאַקע. גאָרקי איז צו אַ גרויסער קינסטלער, אַז ער זאָל מאַכען פון אָרלאָוו'ן אַ זיעגער אין קאַמף מיט ריזען. די זעלבינע זאַך איז מיט איליאַ'ן אין „די דריי“. דאָס איז אַ מעכטיגער טיפּ, און עס שטעלט זיך די פראַגע: פאַרוואָס האָט איהם גאָרקי ניט געמאָלען ווי ער פאַנגט אָן אַ נייַ לעבען אונטער דעם איינפלוס פון יענע יונגע פּראָפּאַגאַנדיסטען פונ'ם סאָציאַליזם, מיט וועלכע ער באַגעגענט זיך? פאַרוואָס לאָזט ער איהם ניט שטאַרבען אין איינעם פון די צוזאַמענשטויסען צווישען די סטרייקענדע אַרבייטער און די סאָלדאַטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד גראַד אין יענער צייט בעת גאָרקי האָט געהאַט פאַרענדיגט אָט־די נאָוועלע? אָבער אויך דאָ וואָלט גאָרקי'ס ענטפער, וואָרשיינליך, געווען, אַז אַזעלכע זאַכען טרעפען זיך ניט אין דעם ווירקליכען לעבען. מענשען, ווי איליאַ, וואָס טרוימען נאָר וועגען „אַ ריינעם סוחר'ישען לעבען“, טרעטען ניט אריין אין קיין אַרבייטער באַוועגונג, און דערפאַר פאַרענדיגט ער בעסער דאָס לעבען פון זיין העלד אַ סך מעהר פּראָזאַיש — דערפאַר לאָזט ער איהם ערשיינען מיאוס און קליינליך אין זיין אַטאַקע אויף דער פרוי פונ'ם פּאָליציי־קאַפּיטאַן, אַזוי אַז דער לעזער זאָל בעסער סימפּאַטיזירן אפילו מיט אָט־דער פרוי, איידער מאַכען איליאַ'ן אַ פּראָמינענטע פיגור פון אַ סטרייק־צוזאַמענשטויס. וואָלט מעגליך געווען צו אידעאַליזירן איליאַ'ן אויף אַזוי פיעל און דערביי ניט אריבער די גרעניצען פון דער דער־

ליובטער אידעאליזאציע, וואלט גארקי דאס, ווארשיינליך, געוועזן געטאָן, ווייל ער האלט זעהר פון אידעאליזאציע אין דער רעאליסטישער קונסט; אָבער דא וואלט דאָס שוין געוועזן ריינער ראמאנטיזם.

ווידער און אָבער קעהרט זיך גאָרקי אום צום געדאנק, אז עס מוז זיין עפּעס אַן אידעאַל אין דעם ווערק פון דעם גאָוועלעןשרייבער. „די אורזאך פון דער היינטיגער מיינונג (אין דער רוסישער געזעלשאפט), זאגט ער, איז די פארנאכלעסיגונג פון אידעאליזם. יענע, וואָס האָבען פארטריבען פון לעבען יעדען ראָמאנטיזם, האָבען אונז איינגאנצען אויסגעטאָן און געלאָזט נאַקעט; אָט דערפאר זיינען מיר אזוי ניט־אינטערעסאנט איינער פאר דעם אנדערן, אזוי אפשטויסענד איינער צום אנדערן". (א „טעות" 1, ז. 151). און אין דעם „לעזער" (1898) אנטוויקעלט ער זיינע עסטעטישע עיקרים פולשטענדיג. ער דערצעהלט, ווי איינמאל אין אן אווענט האָט מען אין א קרייז פון זיינע פריינד פארגעלייענט איינס פון זיינע ערשטע ווערק, גלייך ווי עס איז ערשינען פון דרוק. ער האָט געקראגען א סך קאָמפּלימענטען פאר זיין ארבייט, און נאָכדעם ווי ער האָט פארלאָזט דאָס הויז, האָט ער שפּאַצירט אויף א שטילער גאס, און צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען זיך געפיהלט גליקליך. דאָ אָבער האָט איהם אנגעיאָגט אן אומבאַקאַנטער מענש, וועמען ער האָט ניט באמערקט צווישען די וואָס זיינען אנוועזענד געוועזן ביי דער פארלעזונג, און האָט אנגעפאנגען מיט איהם צו רעדען וועגען די פליכטען פון דעם פארפאסער.

„איהר וועט מיט מיר איינשטימען", זאָגט דער פרעמדער, „אז די פליכט פון דער ליטעראַטור איז צו העלפען דעם מענשען פארשטעהן זיך אליין, אויפהויבען זיין גלויבען אין זיך, אנטוויקלען אין איהם א שטרעבונג צום אמת; צו באקעמפען אלץ וואָס איז שלעכט אין דעם מענשען; אָפצוזוכען דאָס גוטע אין איהם און אויפוועקען אין זיין נשמה שאנד, צאָרן, מוט; אין קורצען, צו טאָן אלצדינג, כדי איהם צו מאכען שטארק, אין דעם איידעלען זין פון אָט־דעם וואָרט, כדי ער זאָל קענען באגייסטערן זיין לעבען מיט דעם הייליגען גייסט פון שעהנקייט" (3, ז. 271).

„מיר שיינט, אז מיר נויטיגען זיך ווידער אמאָל אין טרוימען, אין שעהנע שאפונגען פון אונזער פאנטאזיע, אין וויזיאָנען, ווייל

דאָס לעבען, וואָס מיר האָבען אויפגעבויט, איז אָרים אין קאָלירן, איז טונקעל און אומעטיג... לאָמיר א פּרואוו טאָן, אפשר וועט די פאנטאזיע העלפען א הויב טאָן אויף א מינוט דעם מענשען העכער פון דער ערד, כדי ער זאָל קאָנען אויף איהר אפּזוכען זיין ריכטיגען פּלאץ, דעם פּלאץ וואָס ער האָט פארלוירן". (245).

אָבער אביסעל ווייטער מאכט גאָרקי א באהויפּטונג וועגען זיך, וואָס דערקלערט אפשר פארוואָס איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען צו שאפען א גרעסערן ראָמאן, מיט א פולשטענדיגער אנט־וויקלונג פון די כאראקטערען. „איך האָב אנטדעקט אין זיך", זאָגט ער, „א סך גוטע געפיהלען און וואונשען — א היפּשען טייל דערפון, וואָס מען רופט געוועהנליך גוטס; אבער דעם געפיהל, וואָס זאָל דאָס אלץ קענען פאראייניגען — א גוט־באגרינדעטען, קלאָרן געדאנק, וואָס זאָל ארומכאפּען אלע ערשיינונגען פון לעבען — דאָס האָב איך אין זיך ניט געפונען" (3, 247). און בעת מען לייענט דאָס, דערמאָנט מען זיך גלייך אָן טורגענעוו'ן, וועלכער האָט געזעהן אין אזא „פרייהייט", אין אזא פאראייניגענדיגער אויפפאסונג פון דער וועלט און דעם לעבען, דעם ערשטען באדינג צו קענען ווערן א גרויסער קינסטלער.

„קענט איהר, — פרעגט ווייטער „דער לעזער", — שאפען פאר מענשען כאָטש א קליינינקע אילוזיע, וואָס זאָל דערהויבען זייער נשמה? ניין!"... „איהר אלע, לעהרער פון אונזער צייט, נעמט גראָד אוועק פון די מענשען פיעל מעהר איידער איהר גיט זיי, ווייל איהר אלע רעדט נאָר וועגען די פעהלערן—נאָר זיי זעהט איהר. אבער אין דעם מענשען מוזען דאָך אויך זיין מעלות: איהר האָט דאָך מעלות?... און איהר, טאקע, מיט וואָס אונטערשיידט איהר זיך פון די הונדערטע אלטעגליכע מענשען, וועלכע איהר באשרייבט אזוי שטרענג און האַרט, האלטענדיג זיך פאר נביאים און חטאים־זוכער, צוליעב דעם זיעג פון טוגענהאפטיגקייט? אבער, צי באמערקט איהר, אז די טוגענד און די זינד, וואָס איהר שטרענגט זיך אָן צו דעפי־נירן, זיינען נאָר צונויפגעפלאָנטערט ווי צוויי קנייל־כלאָך פאָדים, שווארצע און ווייסע, וועלכע זיינען געוואָרן גרוי, ווייל זיי ליגען איינער לעבען אנדערן און נעהמען־אָן א טייל פון דעם פריהער־דיגען קאָליר איינער פון אנדערן? און ס'איז נאָר א ספק צי גאָט האָט אייך געשיקט אויף דער ערד... ער וואָלט געוויס אויסגעקליבען

שטארקערע מענשען פאר איך. ער וואלט אנגעצונדען זייערע הער־צער מיט דעם פייער פון לײדענשאפטליכער ליבע צום לעבען, צום אמת, צו מענשען...״ (ז. 249).

„אלע וואכעדיג, וואכעדיג, וואכעדיגע מענשען, וואכעדיגע גע־דאנקען, פאסירונגען״ — זאגט ווייטער דער אומדערבארעמליכער „לעזער״ — „ווען וועט מען שוין אנפאנגען צו רעדען וועגען דעם רעבעלירנדען גייסט, וועגען דער נויטוונדיגקייט ווידער אויפצולע־בען דעם גייסט? וואו איז דער רוף צו שאפען א ניי לעבען? וואו זיינען די לעקציעס אין מוט? וואו זיינען די גוטע ווערטער, וואס באפליגלען די נשמה?״

„ווארים, זיי זיך מודה! דו קענסט ניט אזוי מאלען דאס לעבען, אז דיין בילד פון לעבען זאל ארויסרופען אין׳ם מענשען א נקמה־נעמענדע שאנד און א ברענענדיגען ווונש צו שאפען אנדערע פאר־מען פון לעבען... קענסטו דען פארשנעלערן דאס קלאפען פון דעם פולס פון לעבען? קענסטו דען ארייגבלאזען אין לעבען ענערגיע, ווי אנדערע האבען דאס געטאן?״ (251).

„איך זעה ארום זיך א סך קלוגע מענשען, אבער ווייניג צווי־שען זיי נאבעלע מענשען, און אפילו די וואס זיינען שוין דא, זיי־נען צעבראכענע און קראנקע נשמות. און עפעס שטענדיג אזוי באַ־מערק איך: וואס בעסער דער מענש איז, וואס ריינער און ערענט־ליכער עס איז זיין נשמה, אלץ ווייניגער ענערגיע האט ער, אלץ קרענקליכער איז ער, און שווער איז איהם דאס לעבען... אבער ווי־פיעל זיי זאלען ניט בייגקען נאך בעסערס, האבען זיי דאך ניט קיין כח דאס צו שאפען״. (251).

„און נאך עפעס, — האט ווידער, אנגעהויבען רעדען דער דאזיגער מאדנער מענש — קענסטו דען דערוועקען אין דעם מענ־שען א לעבענס־פריידיגען געלעכטער, וואס לייטערט די נשמה? זעה, די מענשען האבען דאך פארגעסען לאכען גוט!״ (251).

„ניט אין גליק איז דער זין פון לעבען, און מיט זעלבסטצופרי־רענהייט וועט דער מענש זיך ניט באנוגענען. ער איז נאך אלעמען העכער דערפון. דער זין פון לעבען ליגט אין דער שעהנקייט און קראפט פון שטרעבען צו ציעלען, און מען דארף, אז יעדער מא־מענט פון לעבען זאל האבען זיין הויכען צוועק״ (254).

„צארן, האס, מוט, שאנד, עקעל און ענדליך די בייזע פאר־

צווייפלונג — אט דאס זיינען די הויב־שטאנגען מיט וועלכע מען קען פארניכטען אלץ אויף דער וועלט"... „אבער וואס קענט איהר טאן כדי אויפצואוועקען אינ'ם מענשען דעם דורשט צום לעבען, ווען איהר אכצט נאר און זיפצט און קרעכצט אדער איהר מאלט גלייכגילטיג, ווי ער קומט־אום".

„א, ווען עס באווייזט זיך א שטרענגער און ליבענדיגער מענש, מיט א ברענענדיג הארץ און מיט א מעכטיגען אל־אומפאסענדיגען מח! אין דער שטיקיגער לופט פון דעם שענדליכען שווייגען וואל־טען זיינע נביא'ישע ווערטער אפגעקלונגען ווי די קלעפ פון א גלאק, און, קען זיין, עס וואלטען אויפגעציטערט די נידערטרעכ־טיגע נשמות פון די לעבעדיגע מתים!" (253).

אט־די אידעען גארקי'ס, אז מיר נויטיגען זיך אין עפעס, וואס זאל זיין בעסער פון דעם טאג־טעגליכען לעבען, וואס זאל דערהויבען די נשמה, דערקלערן פולשטענדיג אויך זיין לעצטע דראמע „אויפ'ן דעק", וועלכע האט געהאט אזא ערפאלג אין מאסק־ווע. אבער, הגם אויפגעפיהרט דורך די זעלביגע ארטיסטען, האט זי אין פעטערבורג ניט ארויסגערופען קיין באזונדערן ענטוזיאזם. די אידעע פון אט־דער דראמע דערמאנט אן איבסען'ס „דאס וויל־דע ענטעל". די איינוואוינער פון דעם נאכטלעגער־הויז קענען נאר ווי עס איז לעבען, כל זמן זיי האבען עפעס אן אילוזיע: דער אקטיאר, דער שיכור, חלומ'ט ווענען אויסהיילען זיך פון זיין שיכרות ערגעץ אין א ספעציעלען אנשטאלט; א געפאלען מיידעל זוכט איהר רעטונג אין דער אילוזיע פון אמת'ער ליבע, און אזוי ווייטער. און די דראמאטישע לאגע פון אט־די ברואים, וואס הא־בען שוין אזא קנאפען צובונד צום לעבען, ווערט נאך שארפער, ווען די דאזיגע אילוזיעס ווערן צעשטערט. די דראמע איז זעהר א שטארקע. אויף דער ביהנע אבער מוז זי אביסעל פארלירען, צוליעב עטליכע רייזן־טעכנישע פעהלערן (אן אומנוצליכער פערטער אקט, די איבעריגע פערזאנען פון עפעס א פרוי, וואס ער פיהרט אריין אין דעם ערשטען אקט און נאכדעם פארשווינדט זי); אזוי אבער, זיינען די סצענעס זעהר דראמאטיש. די פאזיציעס זיינען באמת טראגיש, די האנדלונג — לויפיג, און די געשפרעכען פון די איינוואוינער פון דעם נאכטלעגער־הויז און זייער לעבענס־פילא־

זאַפיע זיינען איבערגעגעבען מערקווירדיג קינסטלעריש. בכלל פיהלט מען, אז גאַרקי האָט נאָך ניט געזאָגט זיין לעצט וואָרט. די פראַגע איז נאָר — צי וועט ער געפינען צווישען די קלאַסען, מיט וועלכע ער טרעפט זיך איצט, די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג — וואָס עקזיסטירט אָהן יעדען ספק — פון יענע טיפּען, וועלכע ער פאַרשטעהט אם בעסטען. וועט ער צווישען זיי געפינען די ווייטערדיגע מאַטעריאַלען, וואָס אַנטשפּרעכען זיינע עסטעטישע עיקרים, וועלכע זיינען ביז איצטער געוועזן דער קוואַל פון זיין קראַפט?

## קאפיטעל אכט.

# פאליטישע ליטעראטור: סאטירע, קונסט־קריטיק, היינטיגע נאוועליסטען.

**די פאליטישע ליטעראטור** — די שטערונגען מצד דער צענזור — די קרייזען (קרוזשקי) — מערב'ניקעס און סלאוויאַנאפילען. — **די אויסלענדישע פאליטישע ליטעראטור:** הערצען — אגאראוו — באקונין — לאווראוו — סטעפניאק — דער „סאווריעמעניק" און טשערנישעווסקי. — **סאטירע:** שטשעדרין (סאלטיקאוו). **די קונסט־קריטיק:** איהר וויכטיגקייט אין רוסלאנד — ביעלינסקי — דאבראליובאוו — פיסארעוו — מיכאילאווסקי — טאלסטאי'ס „וואס איז קונסט?". — **היינטיגע נאוועליסטען:** ערטעל — קאראלענקא. **היינטיגע ריכטונג אין דער ליטעראטור:** גארשין — מערעזשקאווסקי — באבאריקין — פאטאפענקא — טשעכאוו.

## די פאליטישע ליטעראטור.

רעדען וועגען פאליטישער ליטעראטור אין א לאנד, וואס האט ניט קיין פאליטישע פרייהייט, און וואו מען קאן קיין זאך ניט דרוקען איידער עס ווערט ערלויבט פון א שטרענגער צענזור, קלינגט כמעט ווי אן איראניע. און דאך, ניט קוקענדיג אויף אלע אנשטרענגונגען פון דער רעגירונג ניט צו דערלאזען קיינע דיסקוסיעס פון פאליטישע ענינים אין דער פרעס, אדער אפילו אין פריוואטע קרייזען, קומען אזוינע דיסקוסיעס פאר אונטער אלע מעגליכע פארמען און אונטער אלע אויסרעדן, וואס מען קאן זיך יאר פאר־

שטעלען. דער רעזולטאַט איז — און דאָס איז גאָרניט איבערטרײַבען — אַז אַרום און אַרום געפינט זיך אין דעם נויטיגערווייזענגען קרייז פון געבילדעטע רוסישע אינטעליגענטען פונקט אַזוי פיל וויכען וועגען פּאָליטישע ענינים, וויפיל מען קאָן געפינען אין די געבילדעטע קרייזען פון יעדען אַנדערן אייראָפּעאישען לאַנד, און אַז אַ געוויסע באַקאַנטשאַפט מיט דעם פּאָליטישען לעבען פון אַנדערע פעלקער איז ווייט פאַרשפּרייט צווישען דעם לעזענדען טייל פון דער רוסישער געזעלשאַפט.

עס איז גאַנץ גוט באַוואוסט, אַז יעדע זאַך, וואָס ווערט געדרוקט אין רוסלאַנד, אפילו נאָך הייניטיגען טאָג, מוז דורכגעהן דורך דער צענזור אפריהער איידער עס געהט אין דרוק, אָדער דערנאָך. כדי צו גרינדען אַ זשורנאַל אָדער אַ צייטונג, מוז דער אַרויסגעבער צושטעלען צופרידענשטעלענדע גאַראַנטיעס, אַז זייַנע פּאָליטישע מיינונגען זיינען ניט „צופיעל פּראָגרעסיוו“, זאָנסט וועט ער ניט קריגען קיין ערלויבעניש פון דעם מיניסטעריום פון אינערן אַרויסצוגעבען די צייטונג אָדער דעם זשורנאַל, אָדער פאַרנעמען אַ שטעלע אַלס רעדאַקטאָר. אין געוויסע איינצעלנע פאַלען קאָן אַ צייטונג אָדער זשורנאַל, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען אין איינער פון די צוויי „סטאָליצעס“ — אָבער בשום אופן ניט אין דער פּראָווינץ — קריגען די ערלויבעניש צו דערשיינען ניט דורכגעהענדיג דורך דעם צענזאָר'ס הענט איידער עס ווערט פאַרטיג צום דרוק; אָבער גלייך ווי עס הויבט זיך אָן צו דרוקען מוז מען אָוועקשיקען אַ קאָפּיע צום צענזאָר, און יעדער נומער קאָן אָפּגעשטעלט און פאַרווערט ווערן צו געהן אין צירקולאַציע איידער עס געהט אַרויס פון דער דרוקערײַ, שוין ניט צו רעדען פון די פאַרפאָלגונגען, וואָס קומען שפּעטער. דאָס דרוקען פון ביכער איז אויך אונטערוואָרפען אונטער דיזעלביגע באַדינגונגען. אפילו נאָכדעם ווי די צייטונג אָדער דאָס בוך איז ערלויבט געוואָרן פון צענזאָר, קאָן עס נאָך אַלץ אַרויסרופען פאַרפאָלגונגען. דאָס געזעץ פון 1864 האָט גאַנץ גענוי אָנגעוויזען די אומשטענדען, אונטער וועלכע אַזוינע פאַרפאָלגונגען קאָנען פאָרקומען, דהיינו — די אַנקלאַגע מוז געבראַכט ווערן פאַר'ן געריכט און ניט שפּעטער ווי אַ מאָנאַט נאָכדעם ווי עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן; די רעגירונג האָט זיך אָבער מיט דעם געזעץ קיינמאָל ניט גערעכענט. ביכער זיינען

קאנפיסקירט און פארניכטעט געווארן — פארברענט אדער גע־
מאכט פון זיי א פאפיער־קאשע — קיינמאל ניט פארברענגענדיג
די זאך פאר'ן געריכט; און איך ווייס פון פאלען וואו די ארויס־
געבער האבען געקראגען א ווארנונג, אז אויב זיי וועלען באשטעהן
אויף זייער רעכט זיך צו ווענדען צום געריכט, וועט מען זיי איינ־
פאך פארשיקען אדמיניסטראטיוו אין די ווייטע גובערניעס. אבער
דאס איז נאך אויך ניט אלץ. א צייטונג אדער א זשורנאל קאן
קריגען אן ערשטע, א צווייטע און א דריטע ווארנונג, און נאך דער
דריטער ווארנונג ווערט ער שוין במילא אפגעשטעלט. א חוץ
דעם קאן דאס מיניסטעריום פון איגערן צו יעדער צייט פארבא־
טען דעם פארקויף פון דער צייטונג אויף די גאסען און אין די
בוכהאנדלונגען, אדער אוועקנעמען דאס רעכט פון דער צייטונג צו
דרוקען אנאנכען.

די כלי זיין פון באשטראפונגען זיינען הייסט עס היפשלאך
פיעל; אבער עס זיינען פאראן נאך אנדערע מיטלען. דאס איז דער
סיסטעם פון מיניסטערשע צירקולארן. לאמיר זאגען עס קומט
ערגעץ פאר א שטרייק, אדער אין א געוויסען צווייג פון דער אד־
מיניסטראציע איז אנטדעקט געווארן א סקאנדאליעזער פאל פון
כאבאר. באלד באקומען אלע צייטונגען און זשורנאלען א ציר־
קולאר פון דעם אינערן מיניסטעריום, וואס פארבאט זיי צו שריי־
בען וועגען דעם דאזיגען סטרייק אדער דעם סקאנדאל. אפילו ווע־
ניגער וויכטיגע זאכען ווערן אויך פארשטיקט אויף דעמזעלביגען
אופן. עטליכע יאהר צוריק איז אויף דער פעטערבורגער ביהנע
געשטעלט געווארן אן אנטיסעמיטישע קאמעדיע. די פיעסע איז
געוועזן דורכגעדרונגען מיט דעם ערגסטען גייסט פון נאציאנאלען
האס צו די אידען, און די אקטריסע, וואס האט געהאט די הויפט
ראלע, האט זיך אנטזאגט צו שפילען אין דער קאמעדיע. זי האט
פארגעצויגען צו ברעכען דעם קאנטראקט מיט'ן מענעדזשער איי־
דער צו שפילען איהר ראלע. אויף איהר פלאץ איז אנגאזשירט
געווארן אן אנדער אקטריסע. דאס פובליקום האט זיך דערוואוסט
וועגען דער מעשה, און ביי דער ערשטער פארשטעלונג איז פאר־
געקומען א שטארקע דעמאנסטראציע אנטקעגען די אקטיארן,
וואס האבען אנגענומען ראלען אין דער פיעסע, און אויך אנטקעגען
דעם פארפאסער. ארום 80 פערזאן — הויפטזעכליך סטודענטען,

ליטעראַטען און אַנדערע יונגעלייט — זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין טעאַטער, און צוויי טעג נאָכאַנאַנד זיינען די פּעטערבורגער ציימונגען געווען פול מיט דיסקוסיעס וועגן דעם דאָזיגען אינ־צידענט. נאָכדעם אָבער איז אָנגעקומען אַ מיניסטערשער ציר־קולאַר, וואָס האָט פאַרבאָטען צו דערמאָנען ווייטער עפּעס־וואָס וועגען דעם עפּיזאָד, און אויפ׳ן דריטען טאָג איז שוין מעהר אַ וואָרט ניט געווען וועגען דער מעשה אין דער גאַנצער רוסישער פּרעסע.

דער סאָציאַליזם, די סאָציאַלע פראַגע בכלל און די אַרבייטער באַוועגונג ווערן שטענדיג פאַרשטיקט דורך מיניסטערשע צירקו־לאַרן — שוין ניט צו רעדען וועגען די סקאַנדאַלען פונ׳ם הויף און דער הויכער געזעלשאַפט, אָדער פון די גנבות, וואָס ווערן פון צייט צו צייט אַנטדעקט אין די רייהען פון דער העכערער אַדמי־ניסטראַציע. אין די לעצטע יאָהרן פון אַלעקסאַנדער דעם צוויי־טענ׳ס הערשאַפט זיינען די טעאָריעס פון דאַרווין, ספּענסער און באָקל געווען פאַרבאָטען אויף דעמזעלביגען אופן, און זייערע ווערק האָבען זיך ניט געטאָרט געפינען אין די לייה־ביבליאָטעקען.

אָט דאָס איז וואָס די צענזור באַטייט היינטיגען טאָג.* וואָס די צענזור איז געווען אין די פריהערדיגע צייטען — וועגען דעם וואָלט מען געקאָנט צוזאַמענשטעלען אַ זעהר אַמוזאַנטען בוך, פּשוט אַרויסנעמענדיג פון סקאַביטשעווסקי׳ס „געשיכטע פון דער צענזור" די קוריאָזע האַנדלונגען פון די פאַרשיידענע צענזאָרס. עס איז גענוג נאָר צו דערמאָנען, אַז ווען פּושקין האָט געשריבען אין אַ פּאָעמע וועגען אַ פרוי: „דיינע געטליכע געזיכטציגען", אָדער „הימעלשע שעהנקייט", האָט די צענזור אויסגעשטראָכען די דאָ־זיגע פערזען און אָנגעשריבען מיט רויטער טינט אויפ׳ן מאַנוס־קריפּט, אַז אַזוינע אויסדרוקען זיינען אַ חלול השם און קאָנען ניט ערלויבט ווערן. פערזען פלעגען צעקאַליעטשעט ווערן פונ׳ם צענ־זאָר אָהן שום אַכטונג פאַר די כללים פון פערזען־בילדונג, און זעהר אָפט פלעגט דער צענזאָר אַריינשטעלען אפילו זיינע אייגענע סצע־נעס אין אַ נאָוועלע.

---

* דאָס איז געשריבען געוואָרן אין יאָהר 1905. נאָך דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג פון יענעם יאָהר האָט זיך די לאַגע געענדערט—איב.

אונטער אַזוינע באַדינגונגען האָט דער פּאָליטישער געדאַנק שטענדיג געמוזט אויסזוכען נייע וועגען, כדי צו געפינען פאַר זיך אַן אויסדרוק. עס האָט זיך דעריבער אַנטוויקעלט אַ גאַנץ ספּע־ציעלע שפּראַך אין די זשורנאַלען און צייטונגען פאַר דער באַ־האַנדלונג פון די פאַרבאָטענע ענינים און פאַר דעם אויסדרוק פון אידעען, וועלכע די צענזור וואָלט ניט ערלויבט; און דער דאָזיגער אופן פון שרייבען איז אַנגעווענדט געוואָרן אפילו אין קונסט־ווערק. עטליכע ווערטער, וואָס אַ רודין אדער אַ באַזאַראָוו האָט געלאָזט פאַלען אין טורגענעוו׳ס אַ ראָמאַן, האָט אויפגעוועקט פאַר׳ן לעזער אַ וועלט מיט אידעען. עס איז אבער נויטיג געווען צו געפינען אַנדערע אויסדרוק־מיטלען אחוץ בלויזע אַנדייטונגען, און דער פּאָליטישער געדאַנק האָט פאָלגליך געפונען זיין אויסדרוק אויף פאַרשיידענע אַנדערע אופנים: קודם כל אין ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע קרייזלעך, וועלכע האָבען געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער גאַנצער ליטעראַטור פון די פערציגער יאָהרען; און דאַן אין די קריטיקען איבער קונסט, אין סאַטירע, און אין דער ליטע־ראַטור, וואָס איז ערשינען אין אויסלאַנד, אין דער שווייץ אדער אין ענגלאַנד.

## די „קרייזלעך" — די מערב׳ניקעס און די סלאַוויאַנאָפילען.

די „קרייזלעך" האָבען ספּעציעל אין די פערציגער און פופ־ציגער יאָהרען פון 19טען י. ה. געשפּילט אַ וויכטיגע ראָליע אין דער אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג פון רוסלאַנד. אין יענער צייט איז קיין סאָרט אויסדרוק פון אַ פּאָליטישען געדאַנק ניט געווען מעגליך דורכצופיהרען אין דרוק. די צוויי אדער דריי האַלב־אָפּי־ציעלע צייטונגען, וועלכע די צענזור האָט ערלויבט, האָבען אַבסאָ־לוט קיין ווערט ניט געהאַט; די נאָוועלע, די דראַמע און די פּאָעמע האָבען געקאָנט באַריהרען בלויז די אויבערפלעכליכסטע ענינים, און די שווערסטע ביכער פון וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע האָבען גע־קאָנט פאַרבאָטען ווערען פּונקט אַזוי ווי דער לייכטערער סאָרט ליטעראַטור. דער איינציג מעגליכער מיטעל אויסצובייטען זיך מיט געדאַנקען איז געווען דער פּריוואַטער געשפּרעך, און דעריבער זיינען די בעסטע מענשען פון יענער צייט אריינגעטראָטען אין אַ

וועלכען עס איז „קרייזעל“, וואו מעהר אדער ווייניגער פראגרע־
סיווע אידעען זיינען דיסקוטירט געווארן אין פריינדליכע געשפרע־
כען. בראש פון די קרייזלעך זיינען געשטאנען מענשען ווי למשל
סטאנקעוויטש (1817-1840), וועלכער ווערט דערמאנט אין יעדען
קורס פון רוסישער ליטעראטור, אבוואהל ער האט כמעט גארנישט
ניט אנגעשריבען, פשוט צוליב דעם מאראלען איינפלוס, וואס זיי
האבען אויסגעאיבט אויף זייערע קרייזלעך. (טורגענעוו'ס ער־
צעהלונג „יאקאוו פאסינקאוו“ איז אנגעשריבען געווארן אונטער
דער השפעה פון איינעם פון אזוינע פערזענליכקייטען).

עס איז קלאר, אז אונטער אזוינע אומשטענדען איז קיין פלאץ
ניט געווען פאר דער אנטוויקלונג פון פאליטישע פארטייען אין
ריכטיגען זין פון ווארט. פונדעסטוועגען האבען זינט דעם מיטען
פון 10טען י. ה. זיך שטענדיג ארויסגעוויזען צוויי הויפט שטראמען
פון פילאזאפישען און סאציאלען געדאנק אונטער די נעמען „מערב'־
ניקעס“ און „סלאוויאנאפילען“. די מערב'ניקעס (כאראקטעריזי־
רענדיג זיי אין אלגעמיינע שטריכען) זיינען געשטאנען פאר דער
מערב־איירָאפעאישער ציוויליזאציע. רוסלאנד — האבען זיי בא־
הויפטעט — שטעלט מיט זיך לחלוטין ניט פאר קיין אויסנאהם
אין דער גרויסער משפחה פון די איירָאפעאישע פעלקער. זי וועט
נויטיגערווייז מוזען דורכגעהן דיזעלביגע פאזען פון אנטוויקלונג,
וואס מערב־איירָאפא איז דורכגעגאנגען, און פאלגליך וועט איהר
נעקסטער שריט זיין די אפשאפונג פון לייבאייגענשאפט, און דער־
נאך די אנטוויקלונג פון דיזעלביגע קאנסטיטוציאנעלע אינסטיטור־
ציעס, וואס זיינען אויסגעארבייט געווארן אין מערב־איירָאפא. די
סלאוויאנאפילען פון דער אנדער זייט האבען געהאלטען, אז רוס־
לאנד האט איהר אייגענע באזונדערע מיסיע. זי האט ניט געוואוסט
פון אזא פרעמדען איבערפאל ווי דער איבערפאל פון די נארמאַ־
נער; זי האט די גאנצע צייט אויפגעהאלטען די געזעלשאפטליכע
סטרוקטור פון דעם אלטען קלאן־פעריאד, און פאלגליך מוז זי
דורכפיהרן איהרע אייגענע גאנץ־אריגינעלע אנטוויקלונג־ליניעס
אין איינקלאנג מיט דאס, וואס די סלאוויאנאפילען באשרייבען
אלס די דריי פונדאמענטאלע פרינציפען פון רוסישען לעבען: די
גריכיש־ארטאדאקסישע קירך, די אבסאלוטע מאכט פון דעם צאר
און די פרינציפען פון דער פאטריארכאלער פאמיליע.

די דאָזיגע פּראָגראַמען זיינען, פאַרשטעהט זיך, געווען זעהר ברייטע, וואָס האָבען דערלאָזט פיעל מיינונגס־שאַטירונגען און גראַדאַציעס. אַזוי איז ביי דעם גרויסען רוב פון די מערב׳ניקעס דער ליבעראַליזם פון דעם טיפּ פון די ענגלישע „וואהיגס" אָדער פון דעם פראַנצויז גיזאָ געווען דער העכסטער אידעאַל, צו וועלכען רוס־לאַנד האָט געדאַרפט שטרעבען. נאָך מעהר, זיי האָבען געהאַלטען, אַז אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין מערב־אייראָפּאַ אין דעם פאַר־לויף פון איהר אַנטוויקלונג — די ענטפעלקערונג פון די דערפער, די שרעקען פון דעם אָקאָרשט אַנטוויקלענדען קאַפּיטאַליזם (וואָס די פּאַרלאַמענטאַרע קאָמיסיעס האָבען אויפגעוויזען אין ענגלאַנד און די פּערציגער יאָהרן), די מאַכט פון דער ביוראָקראַטיע, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט אין פראַנקרייך א. אַז. וו. — אַז דאָס אַלץ מוז נויטיגערווייז זיך ווידערהאָלען אויך אין רוסלאַנד, ווייל אַזוי זיינען די אומפאַרמיידליכע געזעצען פון אַנטוויקלונג. דאָס איז געווען די מיינונג פון דעם דורכשניטליכען מערב׳ניק.

די מעהר אינטעליגענטע און בעסער געבילדעטע פאַרשטעהער פון דערזלביגער פּאַרטיי — ביעלינסקי, הערצען, טורגעניעוו, טשער־נישעווסקי — וועלכע זיינען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם פאָרטגעשריטענעם אייראָפּעאישען געדאַנק, האָבען געהאַלטען גאַנץ אַנדערע מיינונגען. לויט זייער מיינונג איז די שווערע לאַגע פון די פאַבריק־ און אַגריקולטור־אַרבייטער אין מערב־אייראָפּאַ, וואָס האָט זיך גענומען פון דער אומבאַשרענקטער מאַכט, וואָס די לאַנד־איינענטימער און די קאַפּיטאַליסטען האָבען געוואונען אין די פּאַרלאַמענטען, ווי אויך די באַגרעניצונגען פון די פּאָליטישע פרייהייטען, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרן אין די קאָנטינענטאַלע שטאַאַטען פון אייראָפּאַ דורך זייער ביוראָקראַטישער צענטראַלי־זאַציע — בשום אופן ניט געווען קיין „היסטאָרישע נויטווענדיג־קייטען". זיי האָבען באַהויפּטעט, אַז רוסלאַנד מוז ניט נויטיגער־ווייז ווידערהאָלען דיזעלביגע טעות׳ן; פאַרקעהרט, זי מוז פּראָפּי־טירן פון דער ערפאַהרונג פון איהרע עלטערע שוועסטער, און אויב רוסלאַנד וועט זיך איינגעבען צו גרייכען די ערע פון אינדוסטריא־אַליזם און וועט דערביי ניט האָבען פאַרלאָרן איהר קאָמונאַלען לאַנד־איינענטהום, אָדער די אויטאָנאָמיע פון געוויסע טיילען פון דער אימפּעריע, אָדער די זעלבסטרעגירונג פון דעם „מיר" אין

איהרע דערפער, וועט דאס זיין פאר איהר א זעהר גרויסער פארצוג.
עס וואלט דעריבער געווען דער גרעסטער פאליטישער טעות צו העלפען פארניכטען איהר דארף־געמיינדע, צו לאזען קאנצענטרירען דאס לאנד אין די הענט פון דער לאנד־אריסטאקראטיע און צו דערלאזען, אז דאס פאליטישע לעבען פון אזא גרויסער און פאר־שיידענארטיגער טעריטאריע זאל ווערן קאנצענטרירט אין די הענט פון א צענטראלער רעגירונג־קערפערשאפט אין איינקלאנג מיט די פריסישע אדער נאפאלעאנישע אידאלען פון פאליטישער צענט־ראליזאציע — ספּעציעל איצטער, ווען די מאכט פון קאפּיטאליזם איז אזוי גרויס.

עהנליכע גראדאציעס אין די מיינונגען האבען זיך געפונען אויך ביי די סלאוויאנאפילען. זייערע בעסטע פארשטעהער — די צוויי ברידער אקסאקאוו, די ברידער קירעעווסקי, כאמיאקאוו און אנדערע — זיינען געווען פיעל מעהר פארטגעשריטען איידער דאס רוב פון דער פארטיי. דער דורכשניטליכער סלאוויאנאפיל איז פשוט געווען א פאנאטיקער פון דעם צארישען אבסאלוטיזם און דער ארטאדאקסישער קירך, און האט געוועהנליך צוגעגעבען צו די דאזיגע געפיהלען א מין סענטימענטאלען צובונד צו „די אלטע גוטע צייטען", וואס אונטער דעם האבען זיי פארשטאנען אלערליי זאכען: די פאטריארכאלע מנהגים פון די צייטען פון פאנשטשיזנע, די פארמען פון דארפישען לעבען, פאלקס־ליעדער, טראדיציעס און די נאציאנאלע קליידונג. אין יענער צייט האט די ריכטיגע געשיכטע פון רוסלאנד נאך קוים אנגעהויבען אויסגע־פארשט צו ווערן, און די סלאוויאנאפילען האבען גאר קיין השגה ניט געהאט, אז אין רוסלאנד האט געהערשט דער פעדעראליס־טישער פרינציפ ביז דער צייט פון מאנגאלישען יאך; אז די אוי־טאריטעט פון די מאסקווער צארן איז א לפי ערך א שפעטיגערע באשאפונג (אין דעם 15טען, 16טען און 17טען י. ה.), און אז די אויטאקראטיע איז גאר אינגאנצען ניט קיין ירושה פון דער א ל־ט ע ר רוסלאנד, נאר איז הויפטזעכליך די ארבייט פון דעם איי־גענעם פיאטר דעם ערשטען, וועלכען זיי האבען פארהאסט, פאר־וואס ער האט איבערגעוואלט אריינגעפיהרט אין רוסלאנד דעם מערב־אייראפעאישען ארט לעבען. אויך האבען ווייניג זייערע געוואוסט, אז די רעליגיע פון דער גרויסער מאסע פון רוסישען

פאָלק איז נ י ט געווען די רעליגיע, וואס ווערט געפּרעדיגט פון דער אָפיציעלער אָרטאָדאָקסישער קירך, נאָר הונדערטערליי פאָרמען פון אָפּטריניגע אמונות פון מיסטישע און ראַציאָנאַליס־טישע סעקטען. אַט אַזוי האָבען זיי זיך איינגעבילדעט, אַז זיי פאַרטרעטען די אידעאַלען פון דעם רוסישען פאָלק, בעת אין דער אמת'ן האָבען זיי פאַרטראַטען די אידעאלען פון דעם רוסישען ש ט אַ א ט און דער מאָסקווער ק י ר ך, וועלכע קומען אַרויס פון א געמישטען ביזאַנטינישען, לאַטיינישען און מאָנגאָלישען אור־שפּרונג. אין דעם טומאַן פון דער דייטשער מעטאַפיזיק, דער־הויפּט העגעל'ס, וואס איז דאַמאָלסט געווען אין דער מאָדע, און אויך מחמת דער אַבסטראַקטער טערמינאָלאָגיע, וואס האָט גע־הערשט אין דער ערשטער העלפט פון 19טען י. ה., האָבען די דיס־קוסיעס אויף אַזוינע טעמעס גאַנץ זיכער געקאָנט אָנהאַלטען יאָהרען לאַנג און ניט פיהרען צו קיין באַשטימטען רעזולטאַט.

דאָך, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם מוז מען צוגעבען, אַז די סלאַוויאַנאָפילען האָבען דורך זייערע בעסטע פאָרשטעהער זעהר פיעל ביי געטראָגען צו באַשאַפען א שולע פון געשיכטע און רעכטס־וויסענשאַפט, וועלכע האָט אוועקגעשטעלט די היסטאָרישע פאָר־שונגען אין רוסלאַנד אויף א ריכטיגען פונדאַמענט, דערמיט וואס זיי האָבען געמאַכט א שאַרפען חלוק צווישען דער געשיכטע און דעם רעכט פון דעם רוסישען ש ט אַ א ט און דער געשיכטע און דעם רעכט פון רוסישען פ אָ ל ק. ק אָ ס ט אָ מ אַ ר אָ ו ו (1818-1885), ז אַ ב י ע ל י ן (געב. אין 1820) און ב י ע־ ל אַ י ע ו ו (1810-1873) זיינען געווען די ערשטע, וואס האָבען געשריבען א ווירקליכע געשיכטע פון דעם רוסישען פאָלק; און פון אַט די דריי זיינען די צוויי לעצטע געווען סלאַוויאַנאָפילען און דער ערשטער, אַן אוקראַאינישער נאַציאָנאַליסט, האָט אויך גע־נומען ביי די סלאַוויאַנאָפילען זייערע וויסענשאַפטליכע אידעען. זיי האָבען אַרויסגעבראַכט דעם פעדעראַליסטישען כאַראַקטער פון דעם ערשטען פעריאָד פון דער רוסישער געשיכטע. זיי האָבען צעשטערט די לעגענדע, וואס קאַראַמזין האָט געשאַפען, וועגען דער צאַרישער מאַכט, וואס איז כלומרשט איבערגעגאַנגען בירושה אָהן הפסקות א טויזענד יאָהר נאָכאַנאַנד, פון רוריק'ס צייטען ביז אויף היינטיגען טאָג. זיי האָבען קלאָר אַרויסגעבראַכט די גוואַלט־

מיטלען, מיט וועלכע די מאָסקווער קניאַזען האָבען דערשטיקט די אומאָפּהענגיגע שטעדט־רעפּובליקען פון דעם פאַר־מאָנגאָלישען פּעריאָדע, און זיינען בּיסלעכווייז געוואָרן, מיט דער הילף פון די מאָנגאָלישע כאַנען, די צאַרען פון רוסלאַנד. און זיי האָבען דערצעהלט (דערהויפּט ביעלאַיעוו אין זיין „געשיכטע פון די פּויערים אין רוסלאַנד”) די טרויעריגע געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון פאַנטשטיזנע, אנפאַנגענדיג פון 17טען י. ה., אונטער די מאָסקווער צאַרען. אויסערדעם האָבען מיר צו פאַרדאַנקען הויפּטזעכליך די סלאַוויאַנאָפילען פאַר דער אנערקענונג פון דעם פאַקט, אז אין רוסלאַנד זיינען פאַראַן צוויי פאַרשיידענע קאָדעקסען — דער *אימפּעריע־קאָדעקס* פון די געבילדעטע קלאַסען און דאָס *געוועהנהייט־רעכט*, וואָס איז (ווי דאָס נאָרמאַנישע רעכט אין דזשערסיע) ווייט פאַרשיידען פון דעם ערשטען, און זעהר אָפט בעסער, פאַר איהם, צוליעב זיינע באַגריפען פון לאַנד־אייגענטהום, ירושה־רעכט א. אז. וו. דאָס דאָזיגע געוועהנהייט־רעכט איז נאָך עד היום אין קראַפט צווישען די פּויערים, נאָר אונטערשיידט זיך אין פּרטים אין פאַרשיידענע פּראָווינצען. די אנערקענונג פון אָט דעם פאַקט האָט שוין געפיהרט צו ווייטגרייכענדע רעזולטאַטען אין דעם גאַנצען לעבען פון רוסלאַנד און איהרע קאָלאָניעס.

אזוי ווי קיין פּאָליטיש לעבען איז ניט געווען, האָבען די פילאָזאָפישע און ליטעראַרישע מחלוקות צווישען די סלאַוויאַנאָפילען און די מערב׳ניקעס פאַרנומען די מחות פון די בעסטע מענשען פון די ליטעראַרישע קרייזען פון פּעטערבורג און מאָסקווע אין די יאָהרן פון 1840 ביז 1860. די פראַגע, צי יעדע נאַציאָנאַליטעט טראָגט אין זיך א געוויסע פאָראויסבאַשטימטע היסטאָרישע מיסיע, און צי רוסלאַנד האָט אזא געוויסע ספּעציעלע מיסיע, איז היציג דיסקוטירט געוואָרן אין די קרייזלעך, צו וועלכע עס האָבען געהערט אין די פערציגער יאָהרן, באַקונין, דער קריטיקער ביעלינסקי, הערצען, טורגענעוו, די אַקסאַקאָווס און קירעעווסקים, קאַוועלין, באָטקין, און פּאַקטיש אַלע בעסטע מענשען פון יענער צייט. שפּעטער, ווען פּאַנשטשיזנע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן (אין 1857-1863), האָבען די ווירקליכקייטען גופא פון דעם געגעבענעם מאָמענט איינגעשטעלט בנוגע געוויסע וויכטיגע פראַגען א העכסט מערקוויר־

דיגע איינפאַרשטענדניש צווישען די בעסערע סלאַוויאַנאָפילען און איינינע מערב'ניקעס — די העכסט־פּאַרטגעשריטענע סאָציאַליס־טען־מערב'ניקעס, ווי טשערנישעווסקי, זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די פּאַרטגעשריטענע סלאַוויאַנאָפינען אין זייער פאַרלאַנג אויפצוהאַלטען די ווירקליך פונדאַמענטאַלע אינס־טיטוציעס פון די רוסישע פּויערים: די דאָרף - געמיינדע, דאָס געוועהנהייט־רעכט און די פעדעראַליסטישע פּרינציפּען. פון דער אנדער זייט האָבען די מעהר פּראָגרעסיווע סלאַוויאַנאָפילען געמאַכט גרינדליכע הנחות בנוגע די מערב־אייראָפּעאישע אידעאַ־לען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין דער „דעקלאַראַציע פון אומאָפּ־הענגיקייט" און אין דער „דעקלאַראַציע פון די מענשליכע רעכט". אויף אָט די יאָהרען (1861) האָט זיך דאָס טורגענעוו באַצויגען, ווען ער האָט געזאָגט, אז אין דער דיסקוסיע צווישען לאַווערעצקי'ן און פּאַנשינ'ען, אין „אַ פּריצישען הויף", האָט ער, טורגענעוו, „דער פאַרפאַלענער מערב'ניק", אַריינגעלעגט אין מויל שטאַרקערע אַרגומענטען דעם פּאַרטיידיגער פון די סלאַוויאַנאָפּילישע אידעען, צוליעב דער אכטונג, וואָס זיי האָבען דאַן פאַרדינט אין ווירקלי־כען לעבען. עס פאַרשטעהט זיך אָבער, אז די דאָזיגע איינשטי־מונג האָט זיך ניט געקאָנט לאַנג האַלטען, און די מערב'ניקעס זיי־נען זיך באַלד פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די סלאַוויאַנאָפּילען שוין אין דער פראַגע וועגען די באַלקאַנישע סלאַווען.

דער קאַמף צווישען די מערב'ניקעס און די סלאַוויאַנאָפילען איז שוין איצטער געענדיגט. וולאַדימיר ס אָ ל אָ װ י אָ ו (1853-1900), דער העכסט סימפּאַטישער פילאָזאָף, וועמעס פריה־צייטיגער טויט האָט אַרויסגערופען אַזויפיעל באַדויערן אין אַלע קרייזען, האָט מיטגעאַרבייט מיט איוואַן אַקסאַקאָוו'ן אין זיין „רוסי" בלויז די ערשטע יאָרן פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט. ער איז געווען צו גוט באַקאַנט מיט היסטאָריע און פילאָזאָפיע און האָט געהאַט אַזאַ שאַרפען מוח, אז ער האָט לאַנג זיך ניט געקאָנט האַלטען ביי דעם סלאַוויאַנאָפילישען „נאַציאָנאַליזם", און שוין אין יאָהר 1884 איז ער אַרויסגעטראָטען מיט אַ מערקוויר־דיגער פּאָלעמיק אנטקעגען אַקסאַקאָוו'ן, און בכלל אנטקעגען די הויפּט פונדאַמענטאַלע עיקרים פון סלאַוויאַנאָפּיליזם. וואָס איז שייך די היינטיגע פאַרשטעהער פון דער דאָזיגער שולע, איז

אזוי ווי זיי האָבען ניט די באַגייסטערונג, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די גרינדער פון דער שולע, זיינען זיי געזונקען צו דעם גראָד פון פשוטע אימפּעריאַליסטישע טרוימער און קריגערישע נאַציאָנאַליסטען, אדער פון אָרטאָדאָקסאַלע אולטראַמאָנטאַנען, אָהן דעם מינדעסטען אינטעלעקטועלען איינפלוס. היינטיגע צייט געהט אָן דער הויפּט קאַמף צווישען די פאַרטיידיגער פון אויטאָקראַטיע און די קעמפּער פאַר פרייהייט; צווישען די פאַרטיידיגער פון קאַפּיטאַל און די פאַרטיידיגער פון ארבייט; צווישען די פאַרטיידיגער פון צענטראַליזאַציע און ביוראָקראַטיע און די פאַרטיידיגער פון דעם רעפּובליקאַנישען פעדעראַליסטישען פּרינציפּ, פון מוניציפּאַלער זעלבסטשטענדיגקייט און פון דער אומאָפּהענגיגקייט פון דער דאָרפס־געמיינדע, דעם „מיר“.

## די פּאָליטישע ליטעראַטור אין אויסלאַנד.

עס איז געווען א גרויסער שטער פאַר רוסלאַנד, וואָס קיין איין טייל פון די סלאַווישע לענדער האָט ניט געהאַט אַזאַ גראַד פון פּאָליטישער פרייהייט, ווי צום ביישפּיל די שווייץ אדער בעלגיען, וואָס וואָלט געקאָנט געבען אן עיר מקלט פאַר די פּאָליטישע גרים פון רוסלאַנד, וואו זיי וואָלטען זיך ניט געפיהלט אזוי איזאָלירט פון זייער פאָטערלאַנד. די רוסישע, וועלכע זיינען אנטלאָפען פון רוסלאַנד, האָבען דעריבער זיך געמוזט באַזעצען אין דער שווייץ אדער אין ענגלאַנד, וואו זיי זיינען געבליבען ביז דאַ נאָר ניט לאַנג צוריק אבסאָלוטע פרעמדע. אפילו פראַנקרייך, מיט וועלכער זיי האָבען געהאַט א סך מעהר באַריהרונג־פּונקטען, האָט ניט אלעמאָל געגרן געעפענט פאַר זיי איהרע טירן; בעת די צוויי נעהענטסטע לענדער צו רוסלאַנד — דייטשלאַנד און עסטרייך — אליין ניט זייענדיג פריי, זיינען געבליבען פאַרשלאָסען פאַר אלע פּאָליטישע פאַרטריבענע. צוליעב אָט די אורזאַכען איז ביז גאָר ניט לאַנג די עמיגראַציע פון רוסלאַנד מחמת פּאָליטישע און רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען געווען גאַנץ אומבאַדייטענד, און פאַר דעם גאַנצען 19טען י. ה. האָט די אויסלענדישע פּאָליטישע ליטעראַטור בלויז אין משך פון עטליכע יאָהר אויסגעאיבט אווירקליכען איינפלוס אויף רוסלאַנד. דאָס איז געווען אין דער

צייט, וואָס הערצען האָט ארויסגעגעבען זיין צייטונג „קאָלאָקאָל“ (די גלאָק).

**א. אי. הערצען** (1812-1870), איז געבאָרן געוואָרן ביי רייכע עלטערן אין מאָסקווע — זיין מוטער איז געוועזן א דייטשקע — און האָט זיך געהאָדעוועט אין דעם אלטען מאָסקווער פּריצישען קווארטאל אין „סטארא קאָניושענאָיא“. א פראנצויזישער עמיג־ראנט, א דייטשער גוּאווערנאָר, א רוסישער לערער, וועלכער איז געווען א שטארקער פאַרעהרער פון פרייהייט, און זיין פאָטער׳ס רייכע ביבליאָטעק, וואָס איז באַשטאַנען אין גרעסטענטייל פון פראנצויזישע און דייטשע פילאָזאָפען פון 18טען י. ה. — אונטער אָט די איינפלוסען האָט זיך הערצען ערצויגען. זיין לעזען די פראנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטען האָט געמאכט א טיפען איינדרוק אויף זיין מוח, אזוי או אפילו שפּעטער, ווען ער, ווי אלע זיינע פריינד, האָט זיך אָפּגעגעבען מיט שטודירן די דייטשע מעטאַפּי־זיק, האָט ער דאָך אָנגעהאלטען די קאָנקרעטע מעטאָדען פון דענ־קען און דעם רעאליסטישען בליק אויף זאכען, וואָס ער האָט אי־בערגענומען פון די פראנצויזישע פילאָזאָפען פונ׳ם 18טען יאָהר־הונדערט.

ער איז אריין אין מאָסקווער אוניווערזיטעט אויף דעם פיזי־קאל־מאַטעמאַטישען פאַקולטעט. אין יענע יאָהרן האָט די פראנ־צויזישע רעוואָלוציע פון 1830, וואָס האָט דורכגעבראכען די פינס־טערע רעאַקציע, וועלכע האָט געהערשט זינט דעם אָנהויב פון יאָהרהונדערט, געמאכט א טיפען איינדרוק אויף אלע דענקענדע מענשען פון אייראָפּא, און דער קרייז פון יונגע לייט, אין וועלכען עם זיינען אריין הערצען, זיין אינטימער פריינד דער פּאָעט אָגאַ־רעוו, דער שפּעטערדיגער פאַרשער פון רוסישען פאָלקלאָר וו. פּאַססעק, און אייניגע אַנדערע, האָט פארבראכט גאַנצע נעכט אין לעזען און דיסקוטירן פּאָליטישע און סאָציאלע ווערק, און ספּע־ציעל דעם סען־סימאָניזם. אונטער דעם איינדרוק פון דאָס, וואָס זיי האָבען געהערט וועגען די דעקאַבריסטען, האָבען הערצען און אָגאַרעוו, נאָך אלס אינגלאָך, זיך געגעבען די „האַניבאַל־שבועה“ צו נעמען נקמה פאַר אָט די ערשטע קעמפער פאַר פרייהייט. אויף איינער פון די פארזאַמלונגען פון דעמדאָזיגען יונגען קרייזעל, ביי דער געלעגענהייט פון א חבר׳שער הוליאַנקע, האָט מען געזונגען

איינינע ליעדלעך, אין וועלכע ניקאָלאַי דעם ערשטענס נאָמען איז ניט בכבוד'יג דערמאָנט געוואָרן. די געהיים־פּאָליציי האָט זיך דערפון דערוואוסט, די קוואַרטירן פון די יונגע לייט זיינען באַפאַלען געוואָרן און זיי זיינען אַלע אַרעסטירט געוואָרן. איינינע פון זיי האָט מען אַרויסגעשיקט פון מאָסקווע און אַנדערע וואָלט מען געוויס אָפּגעגעבען אין סאָלדאַטען, אַזוי ווי מען האָט אָפּגעגעבען פּאָלעזשאַיעוו'ן און שעווטשענקאָ'ן, ווען געוויסע הויכע פּערזענליכקייטען וואָלטען זיך ניט איינגעשטעלט פאַר זיי. הערצען איז פאַרשיקט געוואָרן אין דער פאַרוואָרפענער שטאָדט פּערם, פון וואַנען מען האָט איהם דערנאָך אַריבערגעפיהרט אין וויאַטקאַ, און נאָך שפּעטער אין וולאַדימיר. אַלץ צוזאַמען איז ער געווען פאַרשיקט אַרום פינף יאָהר.

אין יאָהר 1840, ווען מען האָט אים ערלויבט זיך אומצוקעהרען אין מאָסקווע, האָט ער געפונען די ליטעראַרישע קרייזלעך אונטערן איינפלוס פון דער דייטשער פילאָזאָפיע און פאַרטיפט אין מעטאַפיזישע אַבסטראַקציעס. העגעל'ס „אַבסאָלוט", זיין טריאַדע וועגען מענשליכען פּראָגרעס, און זיין באַהויפּטונג, אַז „אַלץ וואָס עקזיסטירט איז פאַרנינפטיג", זיינען היציג דיסקוטירט געוואָרן. די העגעלשע באַהויפּטונג וועגען דער פאַרנינפטיגקייט פון דאָס עקזיסטירענדע האָט געפיהרט די רוסישע העגעליאַנער — בראַש פון וועלכע עס איז געשטאַנען נ. וו. ס ט אַ נ ק ע וו י ט ש (1813-1840) און מיכאַאיל באַקונין (1814-1879) — צו דעם שלוס, אַז אפילו דער דעספּאָטיזם איז פאַרנינפטיג. ביעלינסקי, אַנערקענענדיג די „היסטאָרישע נויטווענדיגקייט" אפילו פון דעם אַבסאָלוטיזם פון יענע צייטען, האָט אויסגעדריקט אָט דעם געדאַנק מיט זיין געוועהנליכער היציגקייט אין דעם בארימטען אַרטיקעל וועגען פּושקין'ס „דער יאָהרצייט פון באָראָדינאָ". הערצען האָט, פאַרשטעהט זיך, אויך זיך געמוזט נעמען פאַר העגעל'ן, אָבער דער דאָזיגער שטודיום האָט ניט איבערגעביטען זיינע פריהערדיגע אַנשויאונגען: ער איז געבליבען אַ פאַרעהרער פון די פּרינציפּען פון דער גרויסער רעוואָלוציע. שפּעטער, דאָס הייסט ווען באַקונין האָט זיך אַריבערגעצאָגען אין אויסלאַנד, אין יאָהר 1842, און אָפּרייסענדיג זיך פון דער פאַרנעפּעלטער דייטשער פילאָזאָפיע, האָט ער פאַרלאָזט בערלין און אָנגעהויבען באַקאַנט מאַכען זיינע מאָסק־

ווער און פּעטערבורגער פריינד מיט די סאָציאַליסטישע לעהרען, וואָס האָבען זיך דאַמאָלסט אנטוויקעלט אין פראַנקרייך — האָט זיך די ריכטונג פון דידאָזיגע קרייזלאך שאַרף געענדערט, און ביעלינסקי צוזאַמען מיט די אַנדערע האָט זיך גענומען לערנען דעם כאָציאַליזם פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען, און האָט ספּעציעל ליעב געקראָגען פיער לערו'ן. זיי האָבען דאַן געבילדעט דעם לינקען פליגעל פון די מערב'ניקעס, צו וועלכען עס זיינען צוגעשטאַנען טורגענעוו, קאַוועלין און פילע אַנדערע, און האָבען זיך איינגאַנצען אָפּגעטיילט פון די סלאַוויאַנאָפילען. צום סוף פון יאָהר 1840 איז הערצען ווידער פארשיקט געוואָרן, דאָס מאָל אין נאָווגאָראָד, וואו ער איז אַנגעקומען אין יוני, 1841, און נאָר א דאַנק די שטאַרקע באַמיהונגען פון זיינע פריינד האָט מען איהם אין א יאָהר ארום ווידער ערלויבט זיך אומצוקערען וואוינען אין מאָסקווע. זיך באַזעצענדיג אין מאָסקווע האָט הערצען אַנגעווענדט אלע זיינע כחות צו דערשלאָגען זיך און ערלויבניש אוועקצופאָהרען אין אויסלאַנד, וואָס איהם האָט זיך ענדליך טאַקע איינגעגעבען. ער איז אוועקגעפאָהרען פון רוסלאַנד אין יאָהר 1847 און האָט זיך שוין קיינמאָל מעהר ניט אומגעקערט צוריק. אין אויסלאַנד האָט הערצען באַגעגענט איניגע פון זיינע פריינד, און נאָכדעם ווי ער האָט ארומגערייזט אין איטאַליע, וועלכע האָט דאַמאָלסט געמאַכט העראָישע אַנשטרענגונגען ארונטערצוואַרפען פון זיך דעם עסטרייכישען יאָך, איז ער זיך צונויפגעקומען מיט זיינע פריינד אין פּאַריז ערב דער רעוואָלוציע פון 1848טען יאָהר.

דאָ האָט הערצען דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט אי דעם יוגענדליכען ענטוזיאַזם פון דער באַוועגונג, וואָס האָט ארומגעכאַפּט גאַנץ מערב־אייראָפּא אין פרילינג פון יאָהר 1848, אי די אלע שפּעטערדיגע אנטוישונגען און די שלאַכט אויף די פּאַריזער פּראָלעטאַריער אין די שרעקליכע יוני טעג. דער גאַנצער קוואַרטאַל, וואו ער און טורגענעוו האָבען דאַן געוואוינט, איז ארומגערינגעלט געוואָרן מיט א קייט פון פּאָליציי־אַגענטען, וועלכע האָבען ביידען געקענט פּערזענליך, און איינגעשפּאַרט אין זייערע צימערן האָבען זיי נאָר געקענט בייסען די ליפּען פון צאָרן, צוהערענדיג די קנאַלען פון די ביקסען, וואָס האָבען זיי געלאָזט וויסען, אז די אין פּלען געפּאַלענע באַזיגטע ארבייטער ווערן דערשאָסען גרופּעסווייז פון דער טריאומ־

פירנדער בורזשואזיע.ביידע שריפטשטעלער האָבן איבערגע־לאָזט העכסט מערקווירדיגע באַשרייבונגען פון יענע טעג — הער־צען'ס באַשרייבונג פון די יולי טעג אין די טיף־דורכגעפיהלטע זייט־לעך פון זיין ווערק („פון יענעם ברעג") געהערט צו די בעסטע שאַ־פונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור.

א טיפע פאַרצווייפלונג האָט אַרומגעכאַפּט הערצענען, ווען פון די אַלע האָפענונגען, וואָס די רעוואָלוציע האָט דערוועקט, האָט זיך אַזוי שנעל גאָרנישט אויסגעלאָזט, און א מורא'דיגע רעאַקציע האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ, ווידער איינפיהרענדיג די עסטרייכישע הערשאַפט איבער איטאַליע און אונגאַרן, צוגרייטענ־דיג דעם וועג פאַר נאַפּאָלעאָן דעם דריטען אין פּאַריז, און אויסראָ־מענדיג אומעטום ביז די מינדסטע שפּורן די ווייט־פאַרשפּרייטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. הערצען האָט געפיהלט א טיפע פאַר־צווייפלונג בנוגע דער מערב־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע בכלל, און האָט עס אויסגעדריקט אין העכסט ריהרענדע ווערטער אויף די זייטלאַך פון זיין בוך „פון דעם אַנדער ברעג". דאָס איז א געשריי פון פאַרצווייפלונג — א געשריי פון א פּאָליטישען נביא מיט א שטים פון א גרויסען פּאָעט.

שפּעטער האָט הערצען געגרינדעט אין פּאַריז, צוזאַמען מיט פּרודאָנ'ען, א צייטונג „די שטים פון פּאָלק", וואָס כמעט יעדער נומער איז קאָנפיסקירט געוואָרן דורך נאַפּאָלעאָן דעם דריטענס פּאָליציי. די צייטונג האָט ניט געקאָנט עקזיסטירן, און הערצען אַליין איז באַלד אַרויסגעטריבען געוואָרן פון פראַנקרייך. ער איז געוואָרן א בירגער אין דער שווייץ, און שפּעטער, נאָך דעם טראַגי־שען טויט פון זיין מוטער און זיין אינגערן זוהן, וועלכע זיינען אומגעקומען אין א שיפּברוך, האָט ער זיך ענדליך באַזעצט אין לאָנדאָן, אין הערבסט פון יאָהר 1852. דאָ זיינען ערשינען אין דעמ־זעלביגען יאָהר די ערשטע בלעטער פון א פרייער רוסישער פּרעס, און הערצען האָט זיך באַלד ערוואָרבען אַן אומגעהויער גרויסען איינ־פלוס אין רוסלאַנד. צוערשט האָט ער אַרויסגעגעבען א זשורנאַל, אָדער ריכטיגער א זאַמעלבוך, וואָס ער האָט א נאָמען געגעבען דער „פּאָלאַרער שטערן", אין אָנדענקען פון דעם ליטעראַרישען אַלמאַ־נאַך, וואָס דער פּאָעט רילעעוו האָט אַרויסגעגעבען אונטער דעמ־זעלביגען נאָמען (זעה קאַפּיטעל 1). אין אָט דעם זאַמעלבוך, וואָס

האָט גלייך געמאַכט אַ טיפען איינדרוק אין רוסלאַנד, האָט הערצען פאַרעפענטליכט, אחוץ פּאָליטישע אַרטיקלען און העכסט וויכטיגע מאַטעריאַלען בנוגע רוסלאַנד׳ס ניט־לאַנגיגער פאַרגאַנגענהייט, אויך זיינע וואונדערבאַרע מעמואַרען „געוועזענע פאַקטען און געדאַנקען“.

די דאָזיגע מעמואַרען, אַ חוץ זייער היסטאָרישען ווערט — הערצען האָט פּערזענליך געקענט פילע היסטאָרישע פּערזענליכקייטען פון זיין צייט — זיינען זיי אָהן צווייפעל איינע פון די בעסטע מוסטערן פון דער אַלוועלטליכער פּאָעטישער ליטעראַטור. די באַשרייבונגען פון מענשען און פּאַסירונגען, וואָס זיי אַנטהאַלטען, אָנהויבענדיג מיט רוסלאַנד אין די פערציגער יאָהרן און אויסלאָזענדיג מיט די גלות־יאָהרן, ווייזען אַרוים פון יעדען זייטעל אַן אויסערגעוועהנליכע פילאָזאָפישע פאַרשטענדעניש, אַ טיף־סאַרקאַסטישען שכל פאַראייניגט מיט אַ סך גוטהאַרציגען הומאָר, אַ טיפען האַס פאַר די אונטערדריקער און אַ ניט ווענינער טיפע פּערזענליכע ליבשאַפט צו די באַהאַרציגט־ריינע העלדען פון דער מענשליכער באַפרייאונג. אין דערזעלביגער צייט אַנטהאַלטען די מעמואַרען אַזוינע פיינע פּאָעטישע סצענעס פון דעם פאַרפאַסערס פּערזענליכען לעבען, ווי זיין ליעבע צו נאַטאַליע׳ן, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זיין פרוי, אָדער אַזוינע איינדרוקספולע קאַפּיטלען, ווי די „אָקעאַנאָ נאָקס“, אין וועלכע ער דערצעהלט וועגען דעם פאַרלוסט פון זיין מוטער און זוהן. איין קאַפּיטעל פון די מעמואַרען איז געבליבען ניט פאַרעפענטליכט ביז היינטיגען טאָג, און אורטיילענדיג פון דאָס, וואָס טורגענעוו האָט מיר דערצעהלט וועגען דעמדאָזיגען קאַפּיטעל, מוז ער זיין אומגעוועהנליך שעהן און געפיהלרייך. „קיינער קאָן מעהר אַזוי ניט שרייבען“, האָט מיר געזאָגט טורגענעוו, — „דער גאַנצער קאַפּיטעל איז געשריבען מיט טרערן און בלוט“.

נאָך דעם „פּאָלאַרישען שטערן“ האָט הערצען אַרויסגעגעבען די צייטונג „קאָלאָקאָל“ (די גלאָק), און דורך אָט דער צייטונג איז זיין איינפלוס געוואָרן אַ ווירקליכע מאַכט אין רוסלאַנד. ווי מען קאָן איצט זעהן פון דער ניט לאַנג צוריק אָפּגעדרוקטער קאָרעספּאָנדענץ צווישען טורגענעוו און הערצען, האָט אונזער גרויסער נאָוועליסט גענומען אַ זעהר לעבעדיגען אַנטייל אין דעם „קאָלאָקאָל“

ער האָט צוגעשטעלט הערצען'ען די אינטערעסאנטעסטע מאטערי־אַלען און האָט אים אַפּט געגעבען אַ פריינדליכען וואונק ווי אַזוי די ציַיטונג דאַרף זיך האַלטען בנוגע דער אָדער יענער פראַגע.

עס זיינען דאַן געווען די יאָהרען ערב דער אָפּשאַפונג פון פאַנ־שטשיזנע און פון גרינדליכע רעפאָרמען פון די מעהרסטע פאַר־עלטערטע אינסטיטוציעס פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס ציַיטען. אַלע האָבען זיך דאַמאָלסט אינטערעסירט מיט געזעלשאַפטליכע פראַ־גען. אַ גרויסע צאָהל צושריפטען וועגען די פראַגען פון טאָג זיינען אַדרעסירט געוואָרען צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען פון פריוואַטע פערזאָנען, אָדער פלעגען איינפאַך ארומגעהן פון האַנט אין האַנט אין מאַנוסקריפט. טורגענעוו פלעגט באַקומען די דאָזיגע צושריפ־טען און פלעגט זיי צושיקען צום קאָלאָקאָל, וואו זיי פלעגען דיס־קוטירט ווערן. אין דערזעלביגער ציַיט פלעגט דער „קאָלאָקאָל" אויפדעקען אַזוינע פאַקטען וועגען דער טעטיגקייט פון דער רעגי־רונג, וואָס עס איז געווען אוממעגליך צו שרייבען וועגען דעם אין רוסלאַנד גופא; דערצו זיינען די לייט־אַרטיקלען געווען געשריבען פון הערצען מיט אַזאַ קראַפט און וואַרימקייט, און האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַזאַ שעהנער פאָרם, וואָס מען קאָן זעלטען געפינען אין דער פובליציסטישער ליטעראַטור. איך ווייס ניט פון קיין פובליציסט אין דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור, וועל־כען מען וואָלט געקאָנט פאַרגלייכען אין דעם פּרט צו הערצען'ען. דער „קאָלאָקאָל" פלעגט בגנבה אריינגעפיהרט ווערן אין רוסלאַנד אין אַ גרויסער צאָהל עקזעמפּלאַרען און איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרען. צווישען זיינע שטענדיגע לעזער זיינען געווען דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער און די צאַרינאַ מאַריע אַלעקסאַנד־ראָוונאַ.

צוויי יאָהר נאָכדעם ווי פאַנשטשיזנע איז אָפּגעשאַפט געוואָרען און פּונקט אין דער ציַיט ווען מען האָט דיסקוטירט אַלערליי העכסט נויטיגע רעפאָרמען — ד. ה. אין יאָהר 1863 — איז אויסגעבראָכען, ווי באַקאַנט, דער פוילישער אויפשטאַנד; און דער דאָזיגער אויפ־שטאַנד, וואָס איז דערשטיקט געוואָרען אין בלוט און אויף די תּליות, האָט פולשטענדיג אָפּגעשטעלט די באַפרייאונגס באַוועגונג אין רוסלאַנד. די רעאַקציע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און הערצען'ס פּאָפּולאַריטעט, וועלכער האָט געשטיצט די פּאָליאַקען,

איז אונטערגעגראַבען געוואָרען. דעם „קאָלאָקאָל“ האָט מען אין רוסלאַנד אויפגעהערט צו לעזען, און הערצען'ס מיה איהם ארויס־צוגעבען אין פראַנצויז האָט ניט געגעבען קיינע רעזולטאַטען. א נייער דור איז דאַן געווען אויפגעשטאַנען אויפ'ן פעלד פון פּאָלי־טישער טעטיגקייט — דער דור פון באַזאַראָוו'ן און פון די „נאַ־ראָדניקעס“, וואָס הערצען האָט זיי פון אַנהויב אַן ניט פאַרשטאַ־נען, הגם זיי זיינען געווען זיינע אייגענע אינטעלעקטועלע זיהן און טעכטער, נאָר אנדערש אָנגעטאָן, אין נייע מעהר דעמאָקראַ־טישע און רעאַליסטישע בגדים. שטעהענדיג אַן א זייט פון אַט דער נייער באַוועגונג, איז הערצען געשטאָרבען אין פּאַריז, אין יאָהר 1870.

הערצען'ס ווערק זיינען נאָך אפילו איצטער * ניט ערלויבט אין רוסלאַנד, און דעם יונגען דור זיינען זיי ניט גענוג באַקאַנט. עס איז אבער זיכער, אַז ווען די צייט וועט קומען און מען וועט זיי ווידער אנהויבען צו לעזען, וועלען די רוסען אַנטדעקען אין הער־צען'ען א זעהר טיפען דענקער, וואָס זיינע סימפּאַטיען זיינען אינ־גאַנצען געווען אויף דער זייט פון די ארבייטער קלאַסען, וועלכער האָט פאַרשטאַנען די פאָרמען פון דער מענשליכער אנטוויקלונג אין זייער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט, און וועלכער האָט געשריבען אין א סטיל פון אומפאַרגלייכליכער שעהנקייט — דער בעסטער באַוויז, אַז זיינע אידעען זיינען דורכגעטראַכט געוואָרען אין אלע פּרטים און פון אלע פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטען.

איידער ער האָט עמיגרירט און געגרינדעט א פרייע פּרעס אין לאָנדאָן, האָט הערצען געשריבען אין די רוסישע זשורנאַלען אונ־טער דעם נאָמען א י ס ק א נ ד ע ר, און האָט באַהאַנדעלט פאַרשיידענע וויכטיגע פּראַגען אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך געווען אונטער די באַדינגונגען פון דער צענזור. זיינע טעמעס זיי־נען געווען די מערב־אייראָפּעאישע פּאָליטיק, דער סאָציאַליזם, די פילאָזאָפיע פון די נאַטור־וויסענשאַפטען, פון קונסט און אזוי ווייטער. ער האָט אויך געשריבען א נאָוועלע מיט'ן נאָמען „ווער איז שולדיג?“, וועלכע ווערט אָפט דערמאָנט אין דער געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון די אינטעלעקטועלע טיפּען אין רוסלאַנד.

---

* דאָס איז געווען געשריבען אין 1905. — איב.

דער העלד פון דער דאָזיגער נאָוועלע, בעלטאָוו, איז א דירעקטער יורש פון לערמאנטאָוו'ס פעטשאָרין, און פארנעמט א צווישענ־דיגע פּאָזיציע צווישען איהם און די העלדען פון טורגענעוו'ן.

די ווערק פון דעם פּאָעט א ג א ר ע וו ו (1813־1877) זיי־נען ניט צאָהלרייך און האָבען ניט געלאָזען נאָך זיך קיין טיפע שפּורען. זיין אינטימער פריינד הערצען, וועלכער איז געווען א גרויסער מייסטער אויף פּערזענליכע כאראקטעריסטיקס, האָט דעריבער געקאָנט זאָגען וועגען איהם, אז זיין הויפּט לעבענס־ווערק איז געווען אויסצואַרבייטען אזא אידעאלע פּערזענליכקייט ווי ער איז אליין געווען. זיין פּערזענליך לעבען איז געווען זעהר אן אומ־גליקליכעס, אבער זיין איינפלוס אויף זיינע פריינד איז געווען זעהר גרויס. ער איז געווען אן אמת'ער פאַרעהרער פון פריי־הייט, און איידער ער האָט פאַרלאָזט רוסלאנד האָט ער באפרייט זיינע צעהן טויזענד לייב אייגענע און זיי אפּגעגעבען די גאנצע ערד, וואָס זיי האָבען באארבייט. ער איז זיין גאנצען לעבען גע־בליבען טריי די אידעאלען פון גלייכהייט און פרייהייט, וועלכע ער האָט אנגענומען אין זיין יוגענד. פּערזענליך איז ער געווען דער איידעלסטער מענש, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלען, און אין זיינע געדיכטען קלינגט כמעט אלעמאָל א נאָטע פון שילער'ס „רעזיגנאציע", און נאָר זעלטען ווען טרעפט מען ביי איהם א נאָטע פון פּראָטעסט און מענערליכער ענערגיע.

וועגען מ י כ א י ל ב א ק ו נ י ן, דעם אנדער גרויסען פריינד הערצען'ס, קאָן מען נאָר זאָגען, אז אחוץ זיין פריהער דערמאָנטען איינפלוס אויף די קרייזלעך אין רוסלאנד, געהערט זיין ארבייט הויפּטזעכליך דעם „אינטערנאציאָנאל", און עס לאָזט זיך קוים רעדען וועגען איהר אין אן אפּהאנדלונג וועגען דער רוסי־שער ליטעראטור. זיין פּערזענליכער איינפלוס אויף איניגע פּראָ־מינענטע רוסישע שריפטשטעלער איז געווען זעהר גרויס. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז ביעלינסקי אין זיינע בריף האָט אויסדריק־ליך אָנגערופען באקונינען זיין „גייסטיגער פאָטער", און עס איז א פאקט, אז ער האָט אריינגעבראכט אין דעם מאָסקווער קרייזעל, פון וועלכען איך האָב אקאָרשט גערעדט, ווי אויך אין די פּעטער־בורגער ליטעראַרישע קרייזען, סאָציאליסטישע אידעען. ער איז

געווען דער טיפּישער רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט יעדערן, וואָס איז געקומען נאָהענט צו איהם, אָנגעצונדען מיט דעם רעוואָלוציאָנערן פייער. אויסער דעם, אויב דער פּראָגרעסיווער רוסישער געדאַנק איז אלעמאָל געבליבען טריי דער באפרייאונג פון די פארשיידענע נאַציאָנאַליטעטען — די פּוילישע, פינישע, קליין־רוסישע, קאַווקאַזישע, — וועלכע זיינען אונטערדריקט געוואָרן פון דעם רוסישען צאַריזם אדער פון עסטרייך, האָט ער עס צו פארדאַנקען אין א גרויסען ערך צו אָגאַרעוו'ן און באַקונין'ען. אין דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער באוועגונג איז באַקונין געוואָרן די נשמה פון דעם לינקען פליגעל פון דער גרויסער ארבייטער אסאָציאַציע, און איז געווען דער גרינדער פון דעם מאָדערנעם אנאַרכיזם אדער אנטי־שטאַטליכען סאָציאַליזם, וועלכען ער האָט געבויט אויף די יסודות פון זיין ברייטען היסטאָרישען און פילאָזאָפישען וויסען.

צווישען די רוסישע פּאָליטישע שריפטשטעלער אין אויסלאַנד מוז איך צום שלוס דערמאָנען פּ ע ט ע ר ל אַ וו ר אָ וו'ן (1823-1901). ער איז געווען א מאַטעמאַטיקער און א פילאָזאָף, וועלכער האָט געזוכט צו פאראייניגען אונטער דעם נאָמען „אַנטראָפּאָלאָגיזם" דעם מאָדערנעם נאַטורוויסענשאַפטליכען מאַטעריאַליזם מיט דעם קאַנטיאַניזם. ער איז געווען א פּאָלקאָווניק אין דער ארטילעריע, א פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיקע און א מיטגליד פון דער פּעטערבורגער נאָר־וואָס פּאָרמירטער שטאָדט־רעגירונג בעת מען האָט איהם ארעסטירט און פארשיקט אין איינס פון די פּאַרוואָרפענע שטעדטלעך פון וויאַטקער גובערניע. איינער פון די יונגע סאָציאַליסטישע קרייזלעך האָט איהם ארויסגע'גנב'עט פון דאָרטען און אריבערגעפּעקעלט אין אויסלאַנד, וואו ער האָט אָנגעהויבען ארויסגעבען אין יאָהר 1874 דעם זשורנאַל „וו'פּעראָד" (פאָרווערטס), פון אָנהויב אין צוריך און שפּעטער אין לאָנדאָן. לאַווראָוו איז געווען אַן אויסערגעוועהנליך געלעהרטער ענציקלאָפּעדיסט, וועלכער האָט זיך געמאַכט א רעפּוטאַציע מיט זיין ווערק „די מעכאַנישע טעאָריע פון וועלט־אַל" און מיט די ערשטע קאַפּיטלען פון א זעהר גרינדליכער געשיכטע פון די מאַטעמאַטישע וויסענשאַפטען. זיין שפּעטערע ארבייט „די געשיכטע פון מאָדערנעם געדאַנק", וואָס פון איהר זיינען לײדער ערשינען בלויז די

ערשטע איינלייטונג בענד, וואלט זיכער געווען א וויכטיגער ביי־טראג צו דער עוואלוציאנס פילאזאפיע, ווען זי וואלט פארענדיגט געווארן. אין דער סאציאליסטישער באוועגונג האט לאווראוו גע־הערט צו דעם סאציאלדעמאקראטישען פליגעל, ער איז אבער גע־ווען א צו גרויסער געלעהרטער און צופיעל פילאזאף אנצושליסען זיך אן די דייטשע סאציאלדעמאקראטען מיט זייערע אידעאלען פון א צענטראליזירטען קאמוניסטי״שען שטאאט, אדער האלטען פון זייער ענגער אינטערפרעטאציע פון געשיכטע. די ארבייט אבער, וואס האט לאווראוו'ס נאמען אממעהרסטען געמאכט באקאנט און האט אויפ'ן בעסטען אופן אויסגעדריקט זיין פערזענליכקייט, איז געווען א קליין ביכעל „היסטארישע בריף", וואס איז געווען אפגע־דרוקט אין רוסלאנד, אין יאהר 1870, אונטער דעם פסעוודאנים מ י ר ט א ו ו, און וואס איז ניט לאנג צוריק איבערזעצט געווארן אין פראנצויזיש.

דאסזעלביגע קליין ווערק איז ערשינען פונקט אין דעם ריכ־טיגען מאמענט, אין דער צייט ווען אונזער יוגענד, אין די יאהרן 1870-1873, האבען געזוכט א נייע פראגראם פון טהעטיגקייט צווי־שען פאלק. לאווראוו האט אין די דאזיגע „בריף" גערופען צו טהעטיגקייט אין פאלק און פאר'ן פאלק, אנווייזענדיג דער געביל־דעטער יוגענד אויף איהר חוב צום פאלק און אויף איהר פליכט אפצוצאהלען דעם חוב צו די ארימערע קלאסען פון דער באפעל־קערונג, אויף וועמעס חשבון זיי האבען זיך געבילדעט אין די אוני־ווערזיטעטען. זיין ביכעל איז געווען פול מיט היסטארישע אנדיי־טונגען, פילאזאפישע שלוסען און פראקטישע עצות. די „בריף" האבען געהאט א געוואלדיגען איינפלוס אויף אונזער יוגענד. די אידעאלען, וואס לאווראוו האט געפּרעדיגט אין 1870, האט ער אליין באשטעטיגט מיט זיין גאנצען שפּעטיגערן לעבען. ער איז אלט געווארן 82 יאהר און האט זיין גאנצען לעבען פארבראכט אין שטרענגען איינקלאנג מיט זיין אידעאל. ער האט געלעבט אין צוויי קליינע צימערן אין פאריז, האט ארונטערגעשניטען זיינע טעגליכע הוצאות אויף עסען ביז צו א לעבערליך קליינער סומע, האט פארדינט אויף זיין לעבען מיט זיין פען, און האט אפגעגעבען זיין גאנצע צייט פאר דער פארשפּרייטונג פון די אידעען, וועלכע זיינען איהם געווען אזוי טייער.

**ניקאָלאַי טורגענעוו** (1789-1871) איז געווען א מערקווירדי־גער פאָליטישער שרייבער, וואָס האָט געהערט צו צוויי פארשיי־דענע עפּאָכען. אין יאָהר 1818 האָט ער ארויסגעגעבען אין רוסלאנד א „טעאָריע פון שטייערן" — א בוך, וואָס ביי יענער צייט און אין רוסלאנד איז דאָס געווען זעהר מערקווירדיג, ווארים עס האָט ענט־האלטען אין זיך די אנטוויקלונג פון אדאָם סמיטה'ס ליבעראלע עקאָנאָמישע אידעען. שוין אין יענער צייט האָט נ. טורגענעוו אנגעהויבען ארבייטען פאר דער באפרייאונג פון די לייבאייגענע; ער האָט געמאַכט א פּראקטישען פארזוך באפרייענדיג טיילווייז זיינע אייגענע פּאָנטשעוויקעס און האָט אויך געשריבען וועגען דער פראגע איניגע מעמואַרען פאר דעם קיסר אלעקסאנדער דעם ערשטען. ער האָט זיך אויך באשעפטיגט מיט דער פראגע וועגען א קאָנסטיטוציע אין רוסלאנד, און איז באלד געוואָרן איינער פון די איינפלוסרייכסטע מיטגלידער פון דער געהיימער געזעלשאפט פון די שפּעטערדיגע דעקאבריסטען; עס האָט זיך אבער געמאכט, אז אין דעצעמבער, 1825, איז ער געווען אין אויסלאנד, און אזוי האָט ער אויסגעמיטען דעם גורל פון זיינע פריינט. פון דאַן אָן איז נ. טורגענעוו געבליבען אין גלות, מערסטענטיילס אין פאריז, און ערשט אין 1857, ווען די דעקאבריסטען זיינען אמנעסטירט געוואָ־רען, האָט מען איהם אויך דערלויבט זיך אומקעהרן אין רוסלאנד. ער איז געפאָהרן, אבער איז פארבליבען אין דער היים בלויז עט־ליכע וואָכען.

ער האָט אבער גענומען א לעבעדיגען אנטייל אין דער באפריי־אונג פון די לייבאייגענע, וואָס ער האָט געפּרעדיגט זינט דעם יאָהר 1818 און אויך באהאנדעלט אין זיין גרויסען ווערק „רוסלאנד און די רוסען", וואָס ער האָט געדרוקט אין פאריז, אין 1847. שפּעטער האָט ער געשריבען וועגען דער פראגע איניגע ארטיקלען אין „קאָ־לאָקאָל" און אויך איניגע בראָשורן. אין דערזעלביגער צייט האָט ער נאָכאנאַנד אגיטירט פאר דעם צונויפרוף פון א גענעראל קאָנס־טיטוּאירענדער פארזאמלונג, דעם איינפיהר פון פּראָווינציעלער זעלבסטרעגירונג און אנדערע נויטיגע רעפאָרמען. ער איז גע־שטאָרבען אין פאריז אין 1871, נאָכדעם ווי ער האָט געהאט דאָס גליק, וואָס ניט פילע דעקאבריסטען האָבען געהאט, זיך פּראקטיש צו באטייליגען, ביים ענד פון זיין לעבען, אין דער פאַרווירקליכונג

פון איינעם פון די טרוימען פון זיין יוגענד, פאַר וועלכע אַזויפיעל פון אונזערע איידעלסטע מענשען האָבען אַוועקגעגעבען זייער לע־בען.

איך געה פאַרביי, ניט דערמאָנענדיג עטליכע אַנדערע שריפט־שטעלער, ווי למשל פרינץ דאָלגאָרוקי, און באַזונדערס אַ היפּשע צאָהל פּוילישע שרייבער, וועלכע האָבען עמיגרירט פון רוסלאַנד און געדרוקט זייערע ווערק אין אויסלאַנד מעהרסטענטיילס אין פראַנ־צויז. איך לאָז אויך אויס אַ היפּשע צאָהל סאָציאַליסטישע און קאָנס־טיטוציאָנאַליסטישע צייטונגען און זשורנאַלען, וואָס האָבען זיך גע־דרוקט אין דער שווייץ אָדער אין ענגלאַנד אין די לעצטע צוואַנציג יאָהר, און וועל בלויז דערמאָנען — און דאָס אויך בלויז מיט עט־ליכע ווערטער — פּראָפעסאָר ד ר אַ ג אָ מ אַ נ אָ ו ו׳ן (געבאָרן אין יאָהר 1841) דעם באַרימטען פּאַרטיידיגער פון דער אוקראַי־נער אויטאָנאָמיע און דער פעדעראַליסטישער אָרדענונג פאַר רוס־לאַנד, און אויך דער גרינדער פון אַ סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין דער אוקראַאינישער שפּראַך; און נאָך איינעם מיין פריינט ס. ק ר אַ ו ו ט ש י נ ס ק י (1852—1897), וועלכער האָט גע־שריבען אונטער דעם פּסעוודאָנים ס ט עָ פּ נ י אַ ק. ער האָט געשריבען הויפּטזעכליך אין ענגליש, אָבער איצטער, ווען אייניגע פון זיינע ווערק זיינען איבערזעצט אויף רוסיש און אַרויסגעגעבען אין רוסלאַנד, וועלען זיי געוויס געווינען פאַר איהם אַן עהרענהאָפּ־טען אָרט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור. זיינע צוויי נאָוועלען: „דהי קאַריער אָוו אַ ניהיליסט“ (אויף רוסיש: „אַנדרעי קאָזשוכאָוו“) און „דער שטונדיסט פּאַוועל רודענקאָ“, ווי אויך זיינע פריהערדיגע דערצעהלונגען „אונטערערדישע רוסלאַנד“ און אַנדערע קלענערע דערצעהלונגען, האָבען אַרויסגעוויזען אַ מערקווירדיגען ליטעראַרישען טאַלאַנט. צום אומגליק האָט אַן אומגעלופערטער צופאַל — אַ באַהן־צוג האָט איהם איבערגעפאָהרן — אָפּגעשניטען זיין יונגען לעבען, וואָס איז געווען פול מיט ענער־גיע און געדאַנקען און מיט אַזויפיעל פאַרשפּרעכונג אויף צוקינפ־טיגער טעטיגקייט. מען מוז אויך דערמאָנען, אַז דער גרעסטער שריפטשטעלער פון אונזער צייט, לעוו טאָלסטאָי האָט צוליעב די צענזור־באַדינגונגען ניט געקאָנט דרוקען פילע פון זיינע ווערק אין רוסלאַנד, און דעריבער האָט זיין פריינד וו. ט ש ע ר ט ק אָ ו ו

אנגעהאלטענע א שטענדיגען פארלאַג אין ענגלאנד ארויסצוגעבען טאָלסטאָי'ס ווערק, ווי אויך צו באשרייבען די איצטיגע רעליגיעזע באוועגונגען אין רוסלאנד און די פארפאָלגונגען אויף די סעקטאַנטען מצד דער רוסישער רעגירונג.

## טשערנישעווסקי און דער „סאָווְרעמעניק".

דער פּראָמינענטעסטער פון אלע פּאָליטישע שרייבער אין רוסלאנד גופא איז בלי ספק געוועזן נ. ג. טשערנישעווסקי (1828—1889), וועמעס נאָמען איז אומצעשיידבאר פארבונדען מיט'ן זשורנאל „סאָווְרעמעניק". דער איינפלוס, וואָס דער דאָזיגער זשורנאל האָט אויסגעאיבט אויף דער געזעלשאַפטליכער מיינונג אין די יאָהרן פון דער אָפּשאַפונג פון לייבאייגענטהום (1857—1862) האָט זיך נאָר געקאָנט פארגלייכען צו דעם איינפלוס פון הערצען'ס „קאָלאָקאָל", און דאָס האָט ער געהאט צו פארדאנקען הויפּטזעכליך טשערנישעווסקי'ן און טיילווייז אויך דעם קריטיקער דאָבראָליובאָוו'ן.

טשערנישעווסקי איז געבוירן געוואָרן אין דרום־רוסלאנד, אין סאראַטאָוו. זיין פאָטער איז געווען א גאַנץ געבילדעטער און פון אלעמען געאַכטעטער גייסטליכער אין קאַטעדראַל, און זיין ערשטע ערציהונג האָט טשערנישעווסקי געקראָגען אין דער היים, שפּעטער איז ער אריינגעטראָטען אין סאראַטאָווער סעמינאַר. אין יאָהר 1844 האָט ער פארלאָזט דעם סעמינאַר, און צוויי יאָהר שפּעטער איז ער אָנגעקומען אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט אין דעם אָפּטייל פאר פילאָלאָגיע.

די סומע ארבייט, וואָס טשערנישעווסקי האָט אויפגעטאָן אויף זיין לעבען און די ברייטקייט פון זיינע קענטעניסען אין די פארשיידענע צווייגען פון דער וויסענשאַפט איז איינפאַך ערשטוינענד. ער האָט אָנגעהויבען זיין ליטעראַרישע קאַריערע מיט ווערק אויף פילאָלאָגיע און ליטעראַטור קריטיק, און אויף דעם געביט האָט ער ארויסגעגעבען דריי מערקווירדיגע ווערק: „די עסטעטישע שייכות צווישען קונסט און ווירקליכקייט", „עטיודען וועגען דעם גאָגאָל'שען פעריאָד פון דער רוסישער ליטעראַטור" און „לעססינג און זיין צייט", אין וועלכע ער האָט ענטוויקעלט זיין עסטעטישע און ליטעראַטור קריטישע טעאָריע. זיין הויפּט ארבייט אבער איז

געטאן געווארן אין משך פון די פיר יאהר 1858—1862, ווען ער האט געשריבען אין דעם „סאווועמעניק“ אויסשליסליך וועגען פאליטישע און עקאנאמישע פראגען. דאס זיינען געווען די יאהרען ווען פאנשטשיזנע איז אפגעשאפט געווארן, און די מיינונגען סיי פון פובליקום בכלל, סיי פון די רעגירונג ספערן, זיינען געווען גאנץ אומבאשטימט אפילו בנוגע די הויפט פרינציפען, וואס מען דארף אננעמען כדי דורכצופיהרן די רעפארם. עס זיינען געווען צוויי הויפט פראגען: ערשטענס, זאלען די באפרייטע פויערים באקומען דאס לאנד, וואס זיי האבען באארבעט פאר זיך בעת זיי זיינען געווען לייבאייגענע, און אויב יא — אויף וועלכע באדינגונגען? און צווייטענס, צי זאל מען אנהאלטען די אינסטיטוציעס פון דער דארף־געמיינדע און דאס לאנד זאל געהאלטען ווערן, ווי אין די אלטע צייטען, געמיינשאפטליך, און די דאזיגע דארף־געמיינדע זאל ווערן דער באזיס פון דער צוקינפטיגער זעלבסטרעגירונג? אלע בעסטע מענשען אין רוסלאנד זיינען געווען גענויגט צו ענטפערן יא אויף דיביידע פראגען, און אפילו די העכערע ספערן זיינען געווען גענויגט אנצונעמען דיזעלביגע מיינונג; אבער אלע רעאקציאנערן און די „קרעפאסטניקעס“ פון דעם אלטען שניט האבען זיך צארנדיג אויפגעשטעלט אנטקעגען אזא שטאנדפונקט. זיי האבען געשריבען מעמוארן נאך מעמוארן און האבען זיי אדרעסירט צום צאר און די באפרייאונג־קאמיטעטען, און עס איז דעריבער געווען נויטיג פאנאנדערצוקלייבען זייערע ארגומענטען און ברענגען וואגיקע היסטארישע און עקאנאמישע באווייזען געגען זיי. אין דעם דאזיגען קאמף האט טשערנישעווסקי, וועלכער האט, פארשטעהט זיך, געהאלטען, אזוי ווי הערצענ׳ס „קאלאקאל“, מיט דער פראגרעסיווער פארטיי, זיך ארייגעווארפן מיט אלע כחות פון זיין גרויסען אינטעלעקט, זיין ברייטער ערודיציע און זיין אומגעהויערער ארבייטספעהיגקייט. און ווען די פראגרעסיווע פארטיי האט געזיעגט און לסוף געוואונען אלעקסאנדער דעם צווייטען און די אפיציעלע פיהרער פון די באפרייאונגס־קאמיטעטען אויף איהר זייט, האט זי גאנץ געוויס געהאט צו פארדאנקען איהר ערפאלג אין א גרויסער מאס דער ענערגיע פון טשערנישעווסקי׳ן און זיינע פריינט.

מען מוז אויך באמערקען, אז אין דעם דאזיגען קאמף האט דער „סאווועמעניק“ און דער „קאלאקאל“ געפירט א שטארקע

שטיצע אין די צוויי פּראָגרעסיווע פּאָליטישע שרייבער פון דעם סלאַוויאַנאָפילישען לאַגער: ק א ש ע ל ע ו ו (1806-1883) און י ו ר י ס א מ א ר י ן (1819—1876). דער ערשטער האָט געפּרעדיגט זינט דעם יאָהר 1847, און האָט מקיים געווען אין פּראַקטיקע, די באַפרייאונג פון די לייבאייגענע „מיט דער ערד“, האָט געהאַלטען פאַר דער דאָרף-געמיינדע און פאַר דער זעלבסט-רעגירונג פון די פּויערים. איצטער האָבען קאָשעלעוו און סאַמאַרין, ביידע איינפלוסרייכע פּריצים, ענערגיש געשטיצט דידאָזיגע אידעען און די באַפרייאונגס-קאָמיטעטען, בעת טשערנישעווסקי האָט געקעמפּט פאַר זיי אין „סאָוורעמעניק“ און אין זיינע „בריעף אָהן אַן אדרעס“, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען, ווי עס איז קלאָר אויפ׳ן קוק, צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, און זיינען געדרוקט געוואָרען ערשט א צייט שפּעטער אין דער שווייץ.

טשערנישעווסקי׳ס פאַרדינסט איז אויך געווען גרויס דערמיט וואָס ער האָט ערצויגען די רוסישע געזעלשאַפט אין עקאָנאָמישע פראַגען און אין דער מאָדערנער געשיכטע. אין דעם פּרט האָט ער ארויסגעוויזען א וואונדערבאַרען פּעדאַגאָגישען טאַלאַנט. ער האָט איבערזעצט מילל׳ס פּאָליטישע עקאָנאָמיע און האָט צוגעגעבען זיינע באמערקונגען אין א סאָציאַליסטישען גייסט; אויסער דעם האָט ער אין א סעריע אַרטיקלען, ווי „קאַפּיטאַל און ארבייט“, „די עקאָנאָמישע טעטיגקייט און דער שטאַאַט“ און אַנדערע, אַנגעווענדט אַלע זיינע פעהיגקייטען צו פאַרשפּרייטען געזונטע עקאָנאָמישע אידעען. דאָס אייגענע האָט ער געטאָן אויפ׳ן פעלד פון געשיכטע, סיי אין א רייהע איבערזעצונגען, סיי דורך אָריגינעלע אַרטיקלען וועגען דעם קאַמף פון די פּאַרטייען אין פראַנקרייך פון יענער צייט.

אין יאָהר 1862 איז טשערנישעווסקי ארעסטירט געוואָרען, און זיצענדיג אין קרעפּאַסט האָט ער אָנגעשריבען א מערקווירדיגע נאָוועלע, „וואָס זאָל מען טאָן?“ פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון קונסט איז וועגען דער דאָזיגער נאָוועלע ניטאָ פיעל וואָס צו זאָגען, אבער פאַר דער רוסישער יוגענד פון יענער צייט איז זי געווען א גרויסע אַנטפּלעקונג און איז אפילו געוואָרען א פּראָגראַם. די פראַגען וועגען הייראַט און צעשיידונג נאָך דער הייראַט, ווען דאָס ווערט נויטיג, האָבען אין יענער צייט שטאַרק אינטערעסירט דער געזעל-

שאפט. איגנארירן אזוינע פראגען איז דאמאלסט געווען אבסא־
לוט אוממעגליך. און טשערנישעווסקי האט דיסקוטירט דידאזיגע
פראגען אין זיין נאוועלע, באשרייבענדיג די באציהונגען צווישען
זיין העלדין וויערא פאוולאוונא, איהר מאן לאפוכאוו און דעם
יונגען דאקטאר, אין וועמען זי האט זיך פארליבט נאך איהר
חתונה. דערביי האט ער אנגעוויזען אויף דער איינציג מעגליכער
לייזונג פון דער פראגע, וואס פאלקאמענע עהרליכקייט און דער
געזונטער מענשליכער פארשטאנד קאנען געבען אין אזא פאל. אין
דערזעלבינער צייט האט ער געפרעדיגט — אין פארשטעלטע ווער־
טער, וועלכע די לעזער האבען פונדעסטוועגען גאנץ ריכטיג פאר־
שטאנען — דעם פוריעריזם, און געמאלען אין א העכסט אנציהענ־
דער פארם די קאמוניסטישע אסאציאציעס פון ארבייטער. אין זיין
נאוועלע האט ער אויך באוויזען, וואס די אמת'ע „ניהיליסטען"
זיינען און אין וואס זיי אונטערשיידען זיך פון טורגענעוו'ס בא־
זאראוו. קיין איינציגע נאוועלע פון טורגענעוו און קיינע פון די
שריפטען פון טאלסטאי אדער פון א וועלכען עס איז אנדער שריי־
בער האבען קיינמאל ניט געהאט אזא ברייטען און טיפען איינ־
פלוס אויף דער רוסישער געזעלשאפט ווי אט די נאוועלע טשערני־
שעווסקים. זי איז געווארן דער לאזונג פון דער רוסישער יוגענד,
און דער איינפלוס פון די אידעען, וואס זי האט פראפאגאנדירט
איז נאך קענטיג ביז אויף היינטיגען טאג.

אין יאהר 1864 איז טשערנישעווסקי פארשיקט געווארן אויף
קאטארגא אין סיביר פאר זיין פאליטישע און סאציאליסטישע
פראפאגאנדע (זיין פראצעס איז געווען איינער פון די שענדליכ־
סטע ביישפילען פון יורידישער פאלסיפיקאציע און פון דער רוסי־
שער רעכטלאזיגקייט); און מורא האבענדיג, אז ער וועט קאנען
אנטלויפען פון טראנסבאיקאליע, האט מען איהם אריבערגעפיהרט
אין א זעהר פארווארפענעם ווינקעל, אין וויטען צפון־מזרח פון
סיביר (אין ווילויסק), וואו מען האט איהם געהאלטען ביז'ן
יאהר 1883. ערשט דאמאלסט האט מען איהם ערלויבט זיך אומ־
קעהרן אין רוסלאנד און באזעצען זיך אין אסטראכאן. זיין גע־
זונט איז שוין אבער געווען רואינירט. ניט קוקענדיג דארויף האט
ער זיך אונטערנומען צו איבערזעצען וועבער'ס „אלגעמיינע גע־
שיכטע", מיט גרויסע איינלייטונגען צו פארשיידענע בענד פון דעם

ווערק, און האָט באַוויזען צו איבערזעצען צוועלף בענד, ווען דער טויט איז געקומען אין יאָהר 1889. איבער זיין קבר האָט זיך אויפגעהויבען אַ ביטערע פּאָלעמיקע, הגם אפילו דאַן האָט נאָך זיין נאָמען ניט געטאָרט דערמאָנט ווערן אדער זיינע אידעען דיסקוטירט ווערן אין דער רוסישער פּרעס. קיין אַנדער מענש איז ניט אַזוי־פיעל געהאַסט געוואָרן פון זיינע פּאָליטישע געגנער ווי טשערני־שעווסקי. אָבער אפילו די געגנער מוזען איצט אָנערקענען זיינע גרויסע פאַרדינסטען פאַר רוסלאַנד אין דער צייט פון דער באַ־פרייאונג פון די לייבאייגענע, און די ערציהערישע באַדייטונג פון זיין פּובליציסטישער טעטיגקייט.

## סאַטירע: סאַלטיקאָוו.

צוליעב די נגישות, וואָס די פּאָליטישע ליטעראַטור האָט גע־האַט אויסצושטעהן אין רוסלאַנד, איז די סאַטירע באַין ברירה געוואָרן איינער פון די באַליבטע מיטלען פאַר דעם אויסדרוק פון דעם פּאָליטישען געדאַנק. עס וואָלט אוועקגענומען צופיעל צייט צו געבען אפילו נאָר אַ קורצען היסטאָרישען איבערבליק איבער די ערשטע רוסישע סאַטיריקער, וואָרים כדי צו געבען אַזאַ איבער־בליק וואָלט מען זיך געמוזט פאַרנעמען אַזוי ווייט צוריק ווי צו דעם 18טען י. ה. וועגען גאָגאָל׳ס סאַטירע האָב איך שוין גערעדט פריהער, וועל איך דעריבער איצטער באַשרענקען מיינע באַמער־קונגען בלויז אויף איין פאָרשטעהער פון דער מאָדערנער סאַטירע, אויף סאַלטיקאָוו׳ן, וועלכער איז בעסער באַקאַנט אונטער זיין פּען־נאָמען ש ט ש ע ד ר י ן (1826—1889).

סאַלטיקאָוו׳ס איינפלוס אין רוסלאַנד איז געווען זעהר גרויס, און ניט נאָר ביי די פאָרטגעשריטענע טרעגער פון דעם רוסישען געדאַנק, נאָר פּונקט אַזויפיעל ביי די אַלגעמיינע לעזער. ער איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע רוסישע שרייבער. דאָ אָבער מוז איך מאַכען אַ פּערזענליכע באַמערקונג וועגען מיינע אייגענע באַציהונגען צו סאַלטיקאָוו׳ס שאַפונגען. ווי מען זאָל זיך ניט מיהען אַנגעמען ווי ווייט מעגליך אַן אביעקטיווען שטאַנדפּונקט אין דער אָפּשאַצונג פון געוויסע שרייבער, קאָן מען דאָך ניט אינ־גאַנצען זיך באַפרייען פון אַ געוויסען סוביעקטיווען עלעמענט,

און איך מוז זאָגען, אז מיט מיין גאַנצער באַוואונדערונג פאַר סאַל־טיקאָוו'ס גרויסען טאַלאַנט, האָב איך קיינמאָל ניט געקאָנט ווערען אַזוי ענטוזיאַסטיש איבער זיינע ווערק, ווי דער גרעסטער טייל פון מיינע פריינד זיינען געווען. ניט דערפאַר ווייל איך האָב ניט ליעב קיין סאַטירע; אדרבה פאַרקעהרט; נאָר איך פאָדער פון איהר אַ מעהר באַשטימטען כאַראַקטער ווי זי טראָגט ביי סאַלטיקאָוו'ן. איך אנערקען פולשטענדיג, אז זיינע באַמערקונגען זיינען אָפטמאָל געוועזן זעהר טיפע און אַלעמאָל ריכטיגע, און אז ער האָט אין פיעל פאַלען פאָראויסגעזעהן שפּעטערדיגע געשעהענישען אַ צייט פריהער איידער דער געוועהנליכער לעזער האָט געקלעהרט וועגען זייער אנ־קומען; איך בין פולשטענדיג מודה, אז די סאַטירישע כאַראַקטע־ריסטיקעס, וואָס ער האָט געגעבען די פאַרשיידענע קלאַסען פון דער רוסישער געזעלשאַפט געהערן צום געביט פון אמת'ער קונסט, און אז די טיפּען, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, זיינען ווירקליך טיפּיש — און דאָך געפין איך נאָך אַלעם דעם, אז אָט די אויסגע־צייכענטע כאַראַקטעריסטיקעס און אָט די שאַרפע באַמערקונגען פאַרלירן זיך צו־אָפט אין אַ מבול פון פּוסטע רייד, וואָס זיינען אנ־געדעדט געוואָרן געוויס מיט דער כונה צו פאַרשטעלען זייער מיין פון דער צענזור, אבער נעמען אין דערזעלביגער צייט אַוועק די שאַרפקייט פון דער סאַטירע און הרג'נען אַוועק דעם גאַנצען עפעקט. איך וועל זיך דעריבער האַלטען, אין מיין „אָפּשאַצונג פון סאַלטי־קאָוו'ן, אן די מיינונגען פון אונזערע בעסטע קריטיקער, און דער־הויפּט אן ק. ק. אַרסעניעוו, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען צוויי בענד פון אויסגעצייכענטע „קריטישע שטודיען".

סאַלטיקאָוו האָט אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַרישע קאַריערע זעהר פריה, און ווי די מעהרסטע פון אונזערע בעסטע שרייבער, האָט ער פאַרזוכט דעם טעם פון פאַרשיקונג. אין יאָהר 1848 האָט ער אָנגעשריבען אַן ערצעהלונג אונטער'ן נאָמען אַ „פאַרפּלאָנטערטע געשיכטע", אין וועלכער געוויסע סאָציאַליסטישע טענדענצען זיי־נען געווען אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַ חלום פון אַן אַרימען טשינאָווניק. עס איז גראָד אויסגעקומען, אז די דערצעהלונג איז אַרויס פון דרוק גענוי עטליכע וואָכען נאָך דעם ווי עס האָט אויסגעבראָכען אין פּאַריז די פעברואַר רעוואָלוציע פון 1848, און די רוסישע רעגירונג איז געווען באַזונדערס וואַכזאַם. סאַלטיקאָוו

איז גלייך פארשיקט געווארן אין וויאטקא, וואס איז דאמאלסט געווען א מיזעראבלע פראווינציעלע שטאדט אין מזרח־רוסלאנד, און מען האט איהם באפוילען ארייננצוטרעטען אין ציוויל־דינסט פון דער רעגירונג. די פארשיקונג האט אנגעהאלטען זיבען יאהר, און אין דער צייט האט סאלטיקאוו פולשטענדיג זיך באקענט מיט דער וועלט פון אלערליי טשינאווניקעס, וואס האבען זיך גרופירט ארום דעם דארטיגען גובערנאטאר. אין יאהר 1857 זיינען אנגע־קומען בעסערע צייטען פאר דער רוסישער ליטעראטור, און סאל־טיקאוו, וועלכער האט געקריגען די ערלויבניש זיך אומצוקעהרען אין די הויפט שטעדט, האט אויסגענוצט זיינע באאבאכטונגען פון דעם לעבען אויף דער פראווינץ אין א רייה „פראווינציעלע סקי־צען", וואס זיינען ערשינען אין „רוסקי וויעסטניק".

דער איינדרוק, וואס דידאזיגע סקיצען האבען געמאכט, איז געווען אן אומגעהויער שטארקער. גאנץ רוסלאנד האט גערעדט וועגען זיי. סאלטיקאוו'ס טאלאנט האט זיך ארויסגעוויזען אין זיי אין זיין פולער קראפט, און מיט זיי האט זיך געעפענט א גאנץ נייע עפאכע אין דער רוסישער ליטעראטור. א גרויסע צאהל נאכ־אמער האבען זיך גענומען צעגלידערן אויף זייער אופן די רוסישע אדמיניסטראציע און אויפווייזען די פעהלערן פון איהרע טשינאוו־ניקעס. געוויס, עטוואס דערגלייכען האט שוין גאגאל געטאן, אבער גאגאל, וועלכער האט געשריבען מיט 20 יאהר פריהער, האט זיך געמוזט באשרענקען אויף אלגעמיינהייטען, בעת סאלטיקאוו האט געקאנט אנרופען די זאכען ביי זייערע נעמען און באשרייבען דאס פראווינציעלע לעבען ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט — פאר־דאמענדיג די פארקויפליכקייט פון די באאמטע, די פארפוילטקייט פון דער גאנצער אדמיניסטראציע, זייער ניט־פארשטעהן די בלו־טיגע אינטערעסען פון דאס לאנד, א. אז. וו.

ווען סאלטיקאוו האט געקריגען די ערלויבניש זיך צוריקצו־קעהרען אין פעטערבורג האט ער ניט אוועקגעווארפען די רעגירונג דינסט, וואס מען האט איהם געצוואונגען אנצונעמען אין וויאטקע. אחוץ א קורצער הפסקה איז ער געבליבען אין דינסט ביז'ן יאהר 1868; ער איז צוויי מאל אונטער דער צייט געווען וויץ־גובערנאטאר, און צו איין צייט האט ער אפילו פארנומען דעם פלאץ פון גובער־נאטאר. ערשט אין דעם דאזיגען יאהר 1868 איז ער ארויס אין

דעמיסיע און איז געוואָרן, צוזאַמען מיט נעקראַסאָוו'ן דער רע־דאַקטאָר פון דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „אָטעטשעסטווענייע זאַ־פּיסקי", וועלכער האָט באַלד פאַרנומען אין דער רוסישער ליטע־ראַטור דעם פּלאַץ פון דעם פאַרמאַכטען „סאָוורעמעניק" און איז געוואָרן דער פאַרשטעהער פון דעם פּאָרטגעשריטענעם דעמאָקראַ־טישען געדאַנק אין רוסלאַנד, און האָט אָנגעהאַלטען אָט די פּאָ־זיציע ביז דעם יאָהר 1887, ווען די רעגירונג האָט איהם אויך פאַר־מאַכט. ביי יענער צייט האָט סאַלטיקאָוו שטאַרק געליטען אין געזונט, און נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקהייט, אין משך פון וועלכער ער האָט פונדעסטוועגען ניט אויפגעהערט צו שריי־בען, איז ער געשטאָרבען אין יאָהר 1889.

די „פּראָווינציעלע סקיצען" האָבען באַשטימט דעם כאַראַקטער פון סאַלטיקאָוו'ס ווייטערדיגע אַרבייטען. זיין טאַלאַנט איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר געוואַקסען און זיינע סאַטירעס זיינען אריינ־געדרונגען אַלץ טיפער אין דעם אַנאַליז פון מאָדערנעם ציווילי־זירטען לעבען, אין די אַלערליי אורזאַכען, וואָס שטערן דעם פּראָג־רעס, און אין די פאַרשיידענע פאָרמען, וואָס דער קאַמף פון דער רעאַקציע אַנטקעגען פּראָגרעס נעמט היינטיגע צייטען אָן. אין זיינע „אומשולדיגע מעשיות" האָט סאַלטיקאָוו באַריהרט אייניגע פון די מעהר טראַגישע זייטען פון פּאָנשטשיזנע. שפּעטער, אין זיינע בילדער פון די מאָדערנע ריטער פון אינדוסטריאַליזם און פּלוטאָ־קראַטיע, מיט זייער ליידענשאַפט צו געלט־מאַכען און נידעריגע תאוות, מיט זייער האַרטהערציגקייט און האָפנונגלאָזער געמיינ־הייט, האָט סאַלטיקאָוו דערגרייכט דעם העכסטען שטאַפּעל פון באַשרייבענדער קונסט; אָבער נאָך מעהר. אפשר, האָט זיך איהם איינגעגעבען די אָפּמאָלונג פון דעם „מיטעלמעסיגען מענשען", וועלכער האָט ניט קיין גרויסע ליידענשאַפטען, נאָר צוליעב דעם אַליין, וואָס ער וויל ניט געשטערט ווערן אין דעם גענוס פון זיין פּיליסטערישען וואוילזיין, וועט ער זיך ניט אָפּשטעלען צו באַ־געהן יעדען מין פאַרברעכען אַנטקעגען די בעסטע מענשען פון זיין צייט, און ביי געלעגענהייט העלפען וויפיעל ער קאָן די ערגסטע שונא'ים פון פּראָגרעס. שמייסענדיג אָט דעם „מיטעלמעסיגען מענשען", וועלכער האָט זיך, צוליעב זיין אומפאַרבעסערליכער פיינהייט אַזוי שטאַרק צעוואַקסען אין רוסלאַנד, האָט סאַלטיקאָוו

ארויסגעבראכט זיינע בעסטע שאפונגען. אבער ווען עס איז איהם אויסגעקומען אנצוריהרן די ווירקליכע זשעניען פון דער רעאקציע — די, וואָס האלטען דעם „מיטעלמעסיגען מענשען" אין שטענדי־גען שרעק, און באגייסטערן, ווען מען דארף, די רעאקציע מיט מוט און גרויזאמקייט — דאן האָט סאלטיקאָוו'ס סאטירע אדער זיך צוריקגעצויגען פון דער אויפגאבע, אדער זיינע אטאקעס זיינען געווען פארדעקט מיט אזויפיעל קאָמישע עפיזאָדען און נישטיגע אויסדרוקען און ווערטער, אז איהר גאנצער גיפט איז פארלאָרן געגאנגען.

ווען די רעאקציע האָט ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ אין 1863, און די דורכפיהרונג פון די רעפארמען בנוגע דער באפריי־אונג פון די פויערים איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די סאמע געגנער פון דיזאָזיגע רעפאָרמען; ווען די פריהערדיגע פריצים־„קרעפּאָסטניקעס" האָבען אנגעווענדט זייערע אלע כחות איינצו־פיהרן די פאנשטשיזנע צוריק, אדער ווייניגסטענס אזוי צו בינדען דעם פויער דורך איבערמעסיגע שטייערן און הויכע רענטעס, וואָס זאָלען איהם פּראקטיש ווידער אמאָל מאכען פאר א שקלאַף — האָט סאלטיקאָוו ארויסגעבראכט א מערקווירדיגע סעריע סאטי־רעס, וועלכע האָט פארטרעפליך אָפּגעמאָלט דידאזיגע מענשען. זיין „היסטאָריע פון א שטאָדט", וואָס איז אייגענטליך א סאטי־רישע היסטאָריע פון רוסלאנד, איז פול מיט אָנדייטונגען אויף די פּאָסירונגען און מיינונגען פון זיין צייט. צו דערזעלביגער סעריע געהערן זיין „טאָגבוך פון א פּראָווינציאל אין פּעטערבורג", „בריף פון דער פּראָווינץ" און „די פּאָמפּאַדורען". אין זיין ווערק „די הערן פון טאַשקענט" האָט ער פאָרגעשטעלט די גאנצע חברה דורכ־געטריבענע יונגען, וועלכע האָט זיך א וואָרף געטאָן מאכען פאר־מעגענס אננעהמענדיג פּאָדריאַדען אויף בויען אייזענבאהנען, ארויסטרעטענדיג אלס אדוואָקאטען אין „לינקע" געשעפטען און באַרויבענדיג די ניי־ערוואָרבענע טעריטאָריעס. אין אָט די סקי־צען, ווי אויך אין די אנדערע, וואו ער האָט באשריבען די טרויע־ריגע און אָפּטמאָל פּסיכאָפּאַטישע פּראָדוקטען פון דעם פאנש־טשיזנע־לעבען („די הערן גאָלאָוולעוס", „פּאָשעכאָנסקער אלטער־טום") האָט ער באשאַפען טיפּען, וועלכע, ווי צום ביישפּיל „יודוש־קאַ," קאָנען פארגליכען ווערן, לויט דער מיינונג פון אייניגע רו־

סישע קריטיקער, מיט געוויסע שעקספּירישע טיפּען, און שטעהן ווירקליך ניט אָפּ פון די בעסטע טיפּען, וואָס טורגענעוו און גאנטשאראָוו האָבען געשאַפען.

ענדליך, אינאַנהויב פון די אכציגער יאָהרן, ווען דער שרעקליכער קאַמף פון די טעראָריסטען אַנטקעגען דער אויטאָקראַטיע האָט אָנגעהויבען, און די רעאקציע האָט טריאומפירט מיט אלעקסאַנדער דעם דריטענס ארויפגעהן אויפ׳ן טראָן, האָט זיך שטשעדרינס סאַטירע פארוואנדעלט אין א געשריי פון פארצווייפלונג. דער סאַטיריקער האָט צייטענווייז דערגרייכט אמת׳ע גרויסקייט אין זיין טרויעריגער איראָניע, און זיינע „בריף צו דער מומען" וועלען פארבלייבען אין דער ליטעראַטור ניט נאָר ווי א היסטאָרישער דענקמאָל, נאָר אויך ווי א טיף אינטערעסאַנטער מענשליכער דאָקומענט. מען מוז אבער באַמערקען, אז זיין סאַטירע האָט דאָ אויך ניט דערגרייכט יענע קראַפט, וואָס עס דאַרף דערגרייכען אן אמת מעכטיגע סאַטירע, וועלכע שניידט אזוי, אז די וואָס ווערן געטראָפען פון איהרע שמיץ פיהלען דעם וועהטאָג נאָך מעהר איידער פון דירעקטע קלעפּ. בכלל גערעדט, אויב שטשעדרינ׳ס סאַטירע האָט געהאט א גוטע ווירקונג אויפ׳ן יונגען דור, דערמיט וואָס זי האָט איהם באוויזען די גאנצע געמיינהייט פון די „זעלבסטצופרידענע פּוסט־און־פּאסניקעס" און האָט איהם אָפּגעהאלטען פון צו ווערן אריינגעצויגען אין דעם שטאַנד, האָט זי אבער קוים געקאָנט האָבען א פּאָזיטיווע ווירקונג, וואָס פיהרט די מענשען אריינצוטרעטען „אין דעם שטאַנד פון די, וואָס זיינען זיך מקריב פאר דער גרויסער זאך פון מענשען־ליבע," און נאָך מעהר — פון די, וואָס זיינען אין נאָמען פון דער דאָזיגער ליבע.

עס איז אויך כדאי צו באַמערקען, אז סאלטיקאָוו׳ס טאלאנט האָט זיך באַזאָנדערס ארויסגעוויזען אין זיינע דערצעהלונגען און מעשה׳לאך. איינגע פון זיי, דערהויפּט די, וואָס האָבען צו טאָן מיט קינדער אין די צייטען פון פאנשטשיזנע, צייכענען זיך אויס מיט גרויס קינסטלערישקייט.

# ליטעראַטור־קריטיק

דער הויפּט מיטעל, דורך וועלכען דער פּאָליטישער געדאַנק האָט געפונען זיין אויסדרוק אין רוסלאַנד אין משך פון די לעצטע פופציג יאָהר, איז געוועזן די ליטעראַטור־קריטיק, וועלכע האָט צוליב דעם דערגרייכט ביי אונז אַזאַ אַנטוויקלונג און באַקומען אַזאַ באַדייטונג, וואָס מיר באַגעגענען ניט אין קיין אַנדער לאַנד אַחוץ רוסלאַנד. די נשמה פון אַ רוסישען מאָנאַטליכען זשורנאַל איז זיין ליטעראַטור־קריטיקער. זיין אַרטיקעל איז אַ פיעל גרעסערע פּאַסירונג איידער די נאָוועלע פון אַ באַליבטען שרייבער, וועלכע קאָן זיין געדרוקט אין דעמזעלביגען נומער. דער קריטיקער פון אַ גרויסען זשורנאַל איז דער אינטעלעקטועלער פיהרער פון אַ באַדייטענדען טייל פון'ם יונגען דור; און עס האָט גראָד אַזוי פּאַסירט, אַז אין דעם לעצטען האַלבען יאָהרהונדערט האָבען מיר אין רוסלאַנד געהאַט אַ רייהע ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָבען אויסגעאיבט אַ פיעל גרעסערן און דערהויפּט אַ פיעל ברייטערן איינפלוס אויף די גייסטיגע ריכטונגען פון זייער צייט איידער ווער עס איז פון אונזערע בעלעטריסטען אָדער שרייבער אויף יעדען אַנדערן געביט. דאָס איז אין אַלגעמיין אויף אַזויפיעל ריכטיג, אַז די גייסטיגע ריכטונג פון יעדער געגעבענער עפּאָכע קאָן אַמבעסטען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט דעם נאָמען פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס. ביעלינסקי אין די דרייסיגער און פערציגער יאָהרן, טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו אין די פופציגער און אַנפאַנג זעכציגער יאָהרן, פּיסאַרעוו אין די זעכציגער און אַנפאַנג זיבעציגער — זיינען געווען, יעדערער אין זיין דור, די פיהרער פון די געדאַנקען פון דער געבילדעטער יוגענד. ערשט שפּעטער, ווען עס האָט זיך אַנגעהויבען אַ ווירקליכע פּאָליטישע אַגיטאַציע — וועלכע האָט גלייך אָנגענומען צוויי אָדער דריי פאַרשיידענע ריכטונגען אַפילו אין דעם פאָרטגעשריטענעם לאַגער — האָט מיכאַילאָווסקי, דער

הויפט ליטעראטור־קריטיקער פון די אכציגער ביז'ן סוף נײנציגער יאהרן, פארגעשטעלט ניט די גאנצע באוועגונג, נאר מעהר אדער וועניגער איינע פון איהרע ריכטונגען.

דערפון פארשטעהט זיך, אז די ליטעראטור־קריטיק אין רוסלאנד האט געהאט געוויסע ספעציעלע שטריכען, וועלכע מען געפינט ניט אין אנדערע לענדער. זי האט זיך ניט באגנוגענט מיט דער קריטיק פון א קונסטווערק בלויז פון דעם ריין ליטעראריש־ען אדער עסטעטישען שטאנדפונקט. געוויס האט דער רוסישער קריטיקער, פונקט ווי אלע אנדערע, פריהער פון אלץ באטראכט צי, צום ביישפיעל, רודין אדער קאטערינא זיינען געווען טיפען פון אמת'ע לעבעדיגע מענשען; צי די דערצעהלונג אדער די דראמע איז געווען גוט אויפגעבויט, גוט אנטוויקעלט און גוט אנגעשריבען. אבער אויף די פראגען נעמט ניט לאנג צו ענטפערן, בעת א סך אנדערע פראגען, אומענדליך וויכטיגערע, ווערן ארויסגערופען אין דעם דענקענדיגען לעזער דורך יעדען ווערק, וואס געהערט צום געביט פון ווירקליך גוטער קונסט: די פראגען, אין דעם געגעבענעם ביישפיל, בנוגע רודינ'ס אדער קאטערינא'ס פאזיציע אין דער געזעלשאפט, זייער ראליע, צי א גוטע, צי א שלעכטע, וואס זיי שפילען אין דער געזעלשאפט; בנוגע די אידעען, וואס באגייסטערן זיי און דעם ווערט פון די דאזיגע אידעען; און דאן — וועגען די האנדלונגען פון די העלדען פון דער נאוועלע, און וועגען די אורזאכען, סיי די אינדיווידועלע, סיי די געזעלשאפטליכע, פון די דאזיגע האנדלונגען. אין א גוטען קונסט ווערק זיינען דאך די האנדלונגען פון די העלדען געוויס אזוינע ווי זיי וואלטען אונטער עהנליכע אומשטענדען געווען אין דער ווירקליכקייט; אנדערש וואלט עס דאך ניט געווען קיין גוטע קונסט. פאלגליך קאנען די האנדלונגען פון די העלדען באטראכט ווערן ווי פאקטען פון ווירקליכען לעבען.

אבער די דאזיגע האנדלונגען מיט זייערע אורזאכען און פאלגען עפענען אויף פאר דעם דענקענדיגען קריטיקער די ברייטעסטע האריזאנטען: זיי גיבען איהם א מעגליכקייט אפצושאצען אי די אידעאלען, אי די פאראורטיילען פון דער געזעלשאפט, צו אנאליזירן די ליידענשאפטען, ארומצורעדען די טיפען פון די מענער און פרויען, וואס מען באגעגענט אין דער געגעבענער צייט,

א. אז. וו. ווירקליך, א גוטער קונסטווערק גיט מאטעריאל אויף צו באטראכטען כמעט אלע געגענזייטיגע באציהונגען פון א געוויסען טיפ אין דער געזעלשאפט. דער פארפאסער אליין, אויב ער איז א דענקענדיגער דיכטער, האט שוין דאס אלץ באטראכט, באוואוסטזיניג אדער אפטמאל אומבאוואוסטזיניג. ער האט אריינגעלעגט זיינע לעבענס־ערפאהרונגען אין זיין ווערק. איז, פארוואס זאל דער קריטיקער ניט קאנען ארויסברענגען פאר'ן לעזער די אלע געדאנקען, וואס האבען געמוזט דורכגעהן דעם פארפאסער'ס קאפ, אדער האבען אומבאוואוסטזיניג געמאכט אויף איהם אן איינדרוק בעת ער האט געשאפען א געוויסע סצענע אדער געמאלען א געוויסען ווינקעל פון מענשליכען לעבען?

דאס האבען טאקע די רוסישע ליטעראטור־קריטיקער געטאן פאר די לעצטע פופציג יאהר; און אזוי ווי דער געביט פון ראמאן און פאעזיע איז אומבאגרענצט, איז ניט געווען קיין איין גרויסער געזעלשאפטליכער און מענשליכער פראבלעם, וואס זיי האבען ניט געמוזט אויף דעם אופן פארהאנדלען אין זייערע קריטישע איבערבליקען. דעריבער זעהן מיר אויך, אז די ווערק פון די פריהערדערמאנטע פיער קריטיקער ווערן נאך איצט געלעזען פונקט מיט אזויפיעל חשק ווי אין דער צייט ווען זיי זיינען ערשינען, צוואנציג אדער פופציג יאהר צוריק. זיי האבען ניט פארלארן זייער פרישקייט און אינטערעסאנטקייט, ווארים אויב קונסט איז א שול פון לעבען, זיינען אזוינע קריטישע ווערק אודאי און אודאי.

עס איז העכסט אינטערעסאנט צו באמערקען, אז אין רוסלאנד האט די קונסט־קריטיק גלייך פון אנהויב אן (אין די צוואנציגער יאהרען) און גאר אומאפהענגיק פון יעדער נאכהאמונג פון מערב אייראפא, אנגענומען דעם כאראקטער פון א פ י ל א ז א פ י ש ע ר ע ס ט ע ט י ק. דער אויפשטאנד אנקעגען דעם פסעווּדאקלאסיציזם האט זיך נאר־וואס אנגעהויבען אונטער דער פאהן פון דעם ראמאנטיציזם, און די ערשיינונג פון פושקינ'ס „רוסלאן און לודמילא" האט אקארשט געגעבען דעם ערשטען פראקטישען ארגומענט צו גונסטען פון די ראמאנטישע רעבעלען, ווען דער פאעט ו ו ע נ ע ו ו י ט י נ א ו ו (זעה דעם צווייטען קאפיטעל) און גלייך נאך איהם נ א ד ע ז ש ד י ן (1804—1856) און

**פּאָלעוואָי** (1796—1846) — דערווירקליכער באַגרינדער פון דער ערנסטער זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד — האָבען אוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט פון דער נייער קונסט־קריטיק. די ליטעראַטור־קריטיק, האָבען זיי באַהויפּטעט, מוז אַנאַליזירען ניט נאָר דעם עסטעטישען ווערט פון אַ קונסט־ווערק, נאָר מעהר ווי אַלץ זיין לייטענדע אידעע, זיין „פילאָזאָפישע,“ זיין געזעלשאַפטליכע באַדייטונג.

ווענעוויטינאָוו, וועמעס אייגענע שאַפונגען האָבען געטראַגען אַזאַ הויכען אינטעלעקטועלען כאַראַקטער, האָט קרעפטיג אָנגעוויזען אויף דער אַפּוועזענהייט פון העכערע אידעען ביי די רוסישע ראָמאַנטיקער, און האָט געשריבען, אַז „די אמת'ע פּאָעטען פון אַלע פעלקער זיינען אַלעמאָל געווען פילאָזאָפען, וועלכע האָבען דערגרייכט די העכסטע שפּיצען פון דער קולטור“. אַ פּאָעט, וואָס איז צופרידען מיט זיך אַליין און ארבייט ניט פאַר דעם צוועק פון אַלגעמיינער פאַרפאַלקאָמונג, ברענגט קיין נוצען ניט פאַר די מענשען פון זיין צייט. *

נאַדעזשדין איז געגאַנגען אויף דעמזעלביגען וועג און האָט מוטיג אַטאַקירט פּושקינען, פאַר וואָס עס פעהלט אין זיינע שאַפונגען העכערע באַגייסטערונג און פאַר וואָס ער באַזינגט אין זיינע פערזען בלויז „ווייך און ווייבער“. ער האָט אָנגעקלאָגט אונזערע ראָמאַנטיקער פאַר וואָס עס פעהלט עטנאָגראַפישע און היסטאָרישע וואַרהייט אין זייערע ווערק, און פאַר די געמיינע טעמעס, וואָס זיי האָבען אויסגעקליבען אין זייער פּאָעזיע. און וואָס איז שייך פּאָלעוואָי'ען, איז ער געווען אַזאַ גרויסער פאַרעהרער פון בייראָנס פּאָעזיע און פון וויקטאָר הוגאָ, אַז ער האָט ניט געקאָנט מוחל זיין פּושקינ'ען און גאָגאָל'ן פאַר וואָס עס זיינען ניטאָ קיין העכערע אידעען אין זייערע ווערק. נאָך זיין מיינונג איז אויסגעקומען, אַז ווייבאַלד זייערע ווערק גיבען ניט קיין העכערע אידעאַלען און דערוועקען ניט די מענשען צו גרויסע טאַטען, קאָנען זיי זיך

---

* איך נעם אָט די באַמערקונגען וועגען ביעלינסקי'ס פאָרגענגער פון אַן ארטיקעל וועגען ליטעראַטור־קריטיק אין רוסלאַנד פון פּראָפּ. איוואַנאָוו אין דעם „רוסישען ענציקלאָפּעדישען ווערטערבוך“, באַנד 32, ז. 771.

לגמרי ניט פארגלייכען מיט די אומשטערבליכע שאפונגען פון שעקספיר, הוגא און געטהע. די דאָזיגע אפּוועזענהייט פון העכערע לייטענדע אידעען אין די ווערק פון פּושקין און גאָגאָל האָבען געמאכט אזא איינדרוק אויף אָט די צוויי קריטיקער, אז זיי האָבען אפילו ניט באמערקט די אומגעהויער גרויסע פארדינסט, וואָס די דאָזיגע גרינדער פון דער רוסישער ליטעראטור האָבען געלייסטעט מיט זייער ארייגפירן יענעם געזונטען נאטוראליזם און רעאליזם, וועלכע זיינען פון דאַן־אָן געוואָרן דער באזונדערער כאראקטערשטריך פון רוסישער קונסט, און וועלכע דיזעלביגע קריטיקער זיינען אליין געווען די ערשטע איינצוזעהן זייער נויטווענדיגקייט. אויף ביעלינסקי'ס חלק איז אויסגעפאלען אויפצונעמען און פארענדיגען זייער ארבייט און צו באווייזען אי די טעכניק פון ווירקליך גוטער קונכט, אי וואָס עס דאַרף זיין איר איגהאלט.

זאָגען, אז ביעלינסקי (1848-1810) איז א זעהר באגאבטער ליטעראטור־קריטיקער, וואָלט דעריבער געווען גארנישט געזאָגט. ער איז געווען אין דער ווירקליכקייט, אין א זעהר וויכטיגען מאָמענט פון דער מענשליכער אנטוויקלונג, א לערער און א ערציהער פון דער רוסישער געזעלשאפט, ניט נאָר אין קונסט — איהר ווערט, איהר אויפגאבע, איהר אומפאסונג — נאָר אויך אין פּאָליטיק, אין געזעלשאפטליכע פראגען און אין הומאניטערע באשטרעבונגען.

ביעלינסקי איז געווען דער זון פון אן ארימען מיליטער־דאקטאר, און האָט פארבראכט זיינע קינדערשע יאָהרן אין איינער פון די פּארוואָרפענע רוסישע גובערניעס. זיין פאָטער, וועלכער האָט געוואוסט דעם ווערט פון וויסענשאפט, האָט איהם גוט צוגעגרייט אין זיינע למודים, און ער איז אריינגעטראָטען אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. מען האָט איהם אבער אויסגעשלאָסען פון אוניווערזיטעט אין יאָהר 1832, פאר א טראגעדיע, וואָס ער האָט אנגעשריבען אין דעם סטיל פון שיללער'ס „די רויבער", און וועלכע האָט אנטהאלטען אן ענערגישען פּראָטעסט אנטקעגען פאנשטשיזנע. ער האָט שוין דאַן זיך געהאט אנגעשלאָסען אָן דעם „קרוזשאָק" פון הערצען, אגארעוו, סטאנקעוויטש און אנדערע; און אין 1834 האָט ער אנגעפאנגען זיין ליטערארישע קאריערע מיט א קריטישען

איבערבליק פון ליטעראַטור, וועלכער האָט גלייך געצויגען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט. פון יענער צייט אָן ביז זיין טויט האָט ער געשריבען קריטישע אַרטיקלען און ביבליאָגראַפישע נאָטיצען פאַר פאַרשיידענע זשורנאַלען, און האָט אַזוי אויסערגעוועהנליך שווער געאַרבייט, אַז ער איז געשטאָרבען פון שווינדזוכט אין עלטער פון 38 יאָהר. ער איז געשטאָרבען אין צייט. אין מערב־אייראָפּא האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציע, און ווען ביעלינסקי איז שוין געלעגען אויף זיין טויטען־בעט, פלעגט אַן אַגענט פון דער געהיים־פּאָליציי איהם קומען באַזוכען פון צייט צו צייט, אויסגעפינען צי ער לעבט נאָך. דער באַפעהל איז געווען צו אַרעסטירן איהם, אויב זיין געזונט וועט זיך פאַרבעסערן, און זיין גורל וואָלט זיכער געווען דער קרעפּאָסט, אָדער אין בעסטען פאַל — פאַרשיקונג.

ווען ביעלינסקי האָט אָנגעהויבען צו שרייבען, איז ער געווען איינ־גאַנצען אונטער'ן איינפלוס פון דער אידעאַליסטישער דייטשישער פילאָזאָפיע. ער איז געווען גענייגט צו דענקען, אַז די קונסט איז צו ערהאַבען און רייך צו קאָנען עפּעס האָבען צו טאָן מיט די פּראָ־גען פון טעגליכען לעבען. זי איז געווען, לויט זיין מיינונג, בלויז אַ ווידערשאַפונג פון „דער אַלגעמיינער אידעע פון דעם לעבען פון דער נאַטור". איהרע פּראָבלעמען זיינען געווען די פּראָבלעמען פון אוניווערסום, ניט פון די קליינע מענשען און זייערע קליינליכע פּאַסירונגען. פון אָט דעם אידעאַליסטישען שטאַנדפּונקט וועגען שעהנקייט און וואַרהייט האָט ער אַרויסגעבראַכט די הויפּט פּרינ־ציפּען פון קונסט און דערקלערט דעם פּראָצעס פון קינסטליכען שאַפען. אין אַ רייהע אַרטיקלען איבער פּושקינ'ען האָט ער פאַקטיש אָנגעשריבען אַ געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור ביז פּוש־קינ'ען פון דעמדאָזיגען שטאַנדפּונקט.

שטעהענדיג אויף אַזאַ אַבסטראַקטען שטאַנדפּונקט איז ביע־לינסקי דערגאַנגען, אין דעם מאָסקעווער פּעריאָד פון זיין לעבען, ביז צו דעם העגעלשען געדאַנק, אַז „אַלץ וואָס עקזיסטירט איז פאַרנינפטיג", און האָט גענומען פּרעדיגען „שלום מאַכען" מיט דעם דעספּאָטיזם פון ניקאָליי דעם ערשטען. אונטער דעם איינ־פלוס אָבער פון הערצענ'ען האָט ער באַלד אָפּגעטרייסעלט פון זיך דעם נעבעל פון דער דייטשער מעטאַפיזיקע, און גלייך ווי ער איז

אריבערגעפאהרן אין פּעטערבורג, האָט ער אָנגעהויבען א נייעם פּעריאָד פון זיין טעטיגקייט.

דער רעאליזם פון גאָגאָל'ס בעסטע ווערק, וואָס זיינען דאָן ארויסגעקומען, האָבען איהם געמאכט איינזעהן, אז אמת'ע פּאָעזיע איז רעאליסטיש, אז זי מוז זיין א פּאָעזיע פון לעבען און ווירקליכקייט. און אונטער דעם איינפלוס פון דער פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס איז דאָן אָנגעגאנגען אין פראנקרייך, האָט ער אויפגענומען פּאָרטשעשריטענע פּאָליטישע אידעען. ער איז געווען א גרויסער סטיליסט, און אלץ וואָס ער האָט געשריבען, איז געווען אזוי פיל מיט ענערגיע און האָט אין דערזעלביגער צייט געטראָגען אזא ריכטיגען אָפּדרוק פון זיין העכסט סימפּאטישער פּערזענליכקייט, אז זיינע ווערטער האָבען אלעמאָל געמאכט א טיפען איינדרוק אויף זיינע לעזער. איצטער האָט ער זיינע אלע שטרעבונגען צו דאָס גרויסע און ערהאבענע, זיין גאנצע אומבאגרענעצטע ליבע צו דער וואהרהייט, וואָס ער האָט פריהער געווידמעט צו זיין פּערזענליכער זעלבסט־פארפאלקאָמונג און צו דער אידעאליסטישער קונסט, אינגאנצען אָפּגעגעבען אין דינסט פון מענשען אונטער די קלעגליכע באדינגונגען פון דער רוסישער ווירקליכקייט. ער האָט אומברחמנות'דיג צעגלידערט דידאָזיגע ווירקליכקייט, און ווען נאר ער האָט באמערקט, אדער בלויז אינסטינקטיוו געפיהלט, אין די ליטעראַרישע ווערק, וואָס זיינען דורכגעגאנגען דורך זיינע הענט, ניט־אויפריכטיגקייט, אָנגעבלאָזענקייט, די אָפּוועזענהייט פון אלגעמיינע אינטערעסען, צוגעבונדענקייט צו דעם פארצייטיגען דעספּאָטיזם, אדער שקלאפעריי אין וועלכער ניט־איז פאָרם — איינשליסענדיג די פארשקלאפונג פון פרויען — האָט ער באקעמפט דאָס דאָזיגע שלעכטס מיט זיין גאנצער ענערגיע און ליידענשאפט. ער איז אויף דעם אופן געוואָרן א פּאָליטישער שרייבער אין דעם בעסטען זין פון דעם וואָרט, אין דערזעלביגער צייט וואָס ער איז געווען א קונסט־קריטיקער. ער איז געוואָרן א לעהרער פון די העכסטע הומאניטארישע פּרינציפּען.

אין זיין „בריף צו גאָגאָל'ן" מכח גאָגאָל'ס „קאָרעספּאָנדענץ מיט פריינד" (זעה קאפּ. 3) האָט ער געגעבען א גאנצען פּראָגראם פון דרינגענדע געזעלשאפטליכע און פּאָליטישע רעפאָרמען; אבער זיינע טעג זיינען שוין געווען געצעהלטע. זיין איבערבליק איבער

דער רוסישער ליטעראַטור פאַר'ן יאָהר 1847, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ באַזונדער שעהנקייט פון פאָרם און טיפ־קייט פון אינהאַלט, איז געווען זיין לעצטע אַרבייט. דער טויט האָט איהם צוגענומען אין צייט ער זאָל פאַרשפּאָרן זעהן דעם פינסטערן וואָלקען פון רעאַקציע, וואָס האָט איינגעהילט רוסלאַנד פון 1848 ביז 1855.

וואַלעריאַן מאַיקאָוו (1823-1847) האָט פאַר־שפּראָכען צו ווערן אַ גרויסער ליטעראַטור־קריטיקער, געהענדיג אין ביעלינסקי'ס טריט; ער איז אָבער ליידער געשטאָרבען צו־יונג, און דער גורל איז אויסגעפאַלען אויף טשערנישעווסקי'ן, אויך דאָבראָליובאָוו'ן גלייך נאָך איהם, פאָרטצוזעצען און ווייטער אַנטוויקלען די אַרבייט פון ביעלינסקי'ן און זיינע פאָרגעגנער.

טשערנישעווסקי'ס לייטענדע אידעע איז געווען, אַז די קונסט קאָן ניט זיין איהר אייגענער צוועק, אַז דאָס לעבען איז העכער פאַר דער קונסט, און אַז דער צוועק פון דער קונסט איז צו דער־קלערן דאָס לעבען, צו פאָרטייטשען איהם און אויסדריקען אַ מיינונג וועגען איהם. ער האָט אַנטוויקעלט די דאָזיגע אידעען אין אַ געדאַנקען־רייכען און געדאַנק־דערוועקענדען ווערק „די עסטעטישע באַציהונגען פון קונסט צו ווירקליכקייט“, אין וועלכען ער האָט צעקלאַפּט די דאַמאָלסט־אָנגענומענע טעאָריעס וועגען עסטעטיק, און האָט גע־געבען אַ רעאַליסטישע דעפיניציע פון דאָס שעהנע. „די עמפּינ־דונג — האָט טשערנישעווסקי געשריבען — וואָס דאָס שעהנע דערוועקט אין אונז, איז אַ געפיהל פון ליכטיגער פרייד, איז עהנליך צו דער פרייד, וואָס אַ באַליבטער וועזען דערוועקט אין אונז מיט זיין אַנוועזענהייט. דערפון פאָלגט, אַז דאָס שעהנע מוז אַנטהאַלטען אין זיך עפּעס וואָס עס איז אונז ליב און טייער“. ווייטער ווייזט ער אָן, אַז דאָס דאָזיגע ליעבע עפּעס איז דאָס לעבען, און זעצט פאָרט: „עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די דע־פיניציע: דאָס שעהנע איז לעבען; שעהן איז די זאַך, אין וועל־כער מיר זעהן לעבען אַזוי ווי עס דאַרף זיין לויט אונזערע באַ־גריפען; שעהן איז יענער געגענשטאַנד, וועלכער ווייזט אַרויס אין זיך לעבען אָדער דערמאָנט וועגען לעבען — אַט די דעפיניציע

דערקלערט, דאכט זיך צופרידענשטעלענד אַלע פאַלען, וואָס רופען אין אונז אַרויס דאָס געפיהל פון שעהנקייט". דער שלום, וואָס מען קאָן ציהען פון אזא דעפיניציע איז, אז דאָס שעהנע אין קונסט איז ניט נאָר ניט העכער פאר דאָס שעהנע אין לעבען, נאָר עס קאָן בלויז פאָרשטעלען יענעם באגריף פון דאָס שעהנע, וואָס דער קינסטלער האָט גענומען פון לעבען. וואָס איז שייך דעם צוועק פון קונסט, איז עס דאָס אייגענע ווי דער צוועק פון וויסענשאפט, ווען אפילו זייערע ווירקונגס־מיטלען זיינען פארשיידען. דער אמת'ער צוועק פון קונסט איז אונז אנצואווייזען די אינטערעסאנ־טע ערשיינונגען פון מענשליכען לעבען און צו לערנען אונז, ווי אזוי מענשען לעבען און ווי אזוי זיי דארפען לעבען. אָט דער לעצטער טייל פון טשערנישעווסקי'ס לעהרע איז ספּעציעל אנטוויקעלט גע־ווארן דורך דאָבראָליובאָוו'ן.

נ. א. דאָבראָליובאָוו (1836-1861) איז געבאָרן גע־ווארן אין ניזשני־נאָווגאָראָד, וואו זיין פאָטער איז געווען א גלח, און ער האָט באקומען זיין אנפאנגס־בילדונג אין דער קירכענ־שול, און שפּעטער אין סעמינאר. אין יאָהר 1853 איז ער אוועק אין פעטערבורג און איז אָנגעקומען אין פּעדאגאָגישען אינסטיטוט. זיין פאָטער און מוטער זיינען געשטאָרבען דעם נעקסטען יאָהר און ער האָט געמוזט אויסהאלטען זיינע ברידער און שוועסטער. כדי צו פארדינען אויפ'ן לעבען, האָט ער געמוזט געבען „אוראָקען", פאר וועלכע מען האָט געצאָלט א לעבערליך־קליינעם פּרייז, און זיך באשעפטיגען מיט איבערזעצונגען, וועלכע האָבען זיך נאָך ערגער באצאָלט; אין דערזעלביגער צייט האָט ער געמוזט צוגרייטען זיינע אייגענע למודים אין אינסטיטוט — מיט איין ווארט, ער האָט גע־מוזט ארבייטען זעהר שווער, און דאָס האָט אונטערגעגראָבען זיין געזונט שוין אין די יונגע יאָהרען. אין 1855 האָט ער זיך באקענט מיט טשערנישעווסקי'ן, און צוויי יאָהר שפּעטער, ווען ער האָט געענדיגט זיין קורס אין פּעדאגאָגישען אינסטיטוט, האָט ער גע־נומען אויף זיך די אויפזיכט פון דעם קריטישען אָפּטייל פון דעם „סאווריעמעניק", און האָט זיך ליידענשאפטליך אָפּגעגעבען מיט דער דאָזיגער ארבייט. אין פיר יאָהר ארום איז ער געשטאָרבען, אין נאָוועמבער, 1861, ווען ער איז אַלט געווען 25 יאָהר, געפאלען בוכ־

שטעבליך פון ארבייטען איבער די כחות. ער האָט איבערגעלאָזט פיר בענד פון קריטישע עטיודען, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט ענטהאלטען ערנסטע אריגינעלע ארבייטען. זיינע אָפּהאנדלונגען: „דאָס פינסטערע קעניגרייך“, „א שטראַהל ליכט“, „וואָס איז אבלאָמאָווטשינע?“, „ווען־זשע וועט קומען דער אמת'ער טאָג?“ האָבען ספּעציעל געהאט א טיפען איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון דער יוגענד פון יענער צייט.

מען קאָן ניט זאָגען, אז דאָבראָליובאָוו האָט געהאט א זעהר באַשטימטען מאסשטאב פאר ליטעראטור־קריטיק, אדער אז ער האָט געהאט א קלאָר־אויסגעשפּראָכענעם פּראָגראם פון טעטיגקייט. ער איז אבער געוועזען איינער פון די ריינסטע און העכסטע סאָלידע פארטרעטער פון יענעם טיפּ נייע מענשען — רעאליסטען־אידעאליסטען — וואָס טורגענעוו האָט שוין באמערקט זייער אנקומען ביים סוף פון די פופציגער יאָהרען. דעריבער האָט יעדערער געפיהלט אין אלץ, וואָס ער האָט געשריבען, די פּערזענליכקייט פון דעם פארפאסער, פון א טיף־מאָראַלישען, אבסאָלוט צופּערלעסיגען, עטוואָס אסקעטישען „ריגאָריסט“, וועלכער האָט באטראכט אלע פאקטען פון לעבען פון דעם שטאַנדפּונקט: „וואָס גוטעס קאָן דאָס ברענגען די ארבייטער־מאסען?“, אדער „ווי אזוי וועלען די ארבייטענדע מאסען זיך באציהען צו אזעלכע ליטערארישע טיפּען?“ צו די פּראָפעסיאָנעלע עסטעטיקער האָט ער זיך פארהאלטען מיט דער גרעסטער פאראכטונג, אבער דאָס האָט איהם ניט געשטערט צו פיהלען טיף און הנאה האָבען פון די גרויסע קונסט־ווערק. ער האָט ניט פארדאַמט פּושקינ'ען פאר זיין לייכטזיניגקייט, אדער גאָגאָל'ן פארוואָס עס זיינען ביי איהם ניטאָ קיין אידעאלען. ער האָט קיינעם ניט געראַטען צו שרייבען נאָוועלען אדער פּאָעמען מיט א פריהער־באשטימטער טענדענץ, ווייל ער האָט געוואוסט, אז די טענדענציעזע ארבייט קאָן ניט האָבען קיין גוטען רעזולטאַט, אויב דער פארפאסער אליין איז ניט פארכאַפּט געוואָרן פון דער געוויסער לעבענס־פראַגע. ער האָט צוגעגעבען, אז די גרויסע זשעניען זיינען געווען גערעכט שאַפענדיג אָהן אויסרעכענונג, ווארום ער האָט פארשטאַנען, אז דער אמת'ער קינסטלער קאָן שאַפען בלויז דאמאָלט, ווען ער איז טיף אנגעגריפען פון דער אדער יענער ערשיינונג פון דערווירקליכקייט. ער האָט נאָר איין פראגע געשטעלט

יעדען קונסט־ווערק? צי עס גיט איבער דאס לעבען ריכטיג און פּינקטליך אדער ניט? אויב ניט, האָט ער דערמיט ניט געהאט וואָס צו טאָן; אויב אבער דאס קונסטווערק האָט ריכטיג פארגעשטעלט דאס לעבען, האָט ער געשריבען אן אָפּהאנדלונג וועגען דאסדאָזיגע לעבען, און זיינע ארטיקלען זיינען אין עצם געווען אָפּהאנדלונגען וועגען מאָראלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען — דאָס קונסטווערק האָט איהם בלויז געגעבען די פאקטען פאר אזא אָפּהאנדלונג. דאָס דערקלערט דעם איינפלוס, וואָס דאָבראָליובאָוו האָט געהאט אויף די מענשען פון זיין צייט. אזוינע עטיודען, געשריבען פון אזא פערזענליכקייט, זיינען געווען פּונקט דאָס, וואָס עס האָט זיך געפּאָדערט אין יענער אויפגערעגטער צייט, כדי צוצוגרייטען בעסערע מענשען פאר די אנקומענדיגע קאמפען. זיי זיינען געווען א שוהלע פאר פּאָליטישע און מאָראלישע בילדונג.

**פּיסארעוו** (1868-1841), דער קריטיקער, וואָס האָט פארנומען, אזוי צו זאָגען, דאָבראָליובאָוו'ס פּלאַץ, איז געווען גאָר אַנאַנדער מענש. ער איז געבאָרען געוואָרן ביי רייכע עלטערן פון א פּריצישער פאמיליע, האָט באקומען א גוטע ערציהונג און קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס הייסט נויט. באלד אָבער האָט ער איינגעזעהן די שלעכטע זייטען פון אזא זאָרגלאָזען לעבען, און זייענדיג א סטודענט אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, האָט ער פארלאָזען דאָס הויז פון זיין רייכען פעטער און אוועקגעגאַנגען וואוינען צוזאַמען מיט אן ארימען חבר־סטודענט אדער אין דער סטודענטישער קאָמונע, זיך באשעפטיגענדיג מיט ליטעראַרישע ארבייט, אין דעם טומעל פון היציגע דעבאטען אדער רוישיגען געזאַנג. גלייך ווי דאָבראָליובאָוו האָט ער אויך זעהר אנגעשטרענגט געארבייט און האָט אַלעמען ערשטוינט מיט זיינע גרויסע קענטענישען אויף פארשיידענע געביטען און מיט דער גרינגקייט ווי אזוי ער האָט די קענטענישען דערוואָרבען. אין יאָהר 1862, ווען די רעאקציע האָט זיך שוין ווידער אָנגעהויבען, האָט פּיסארעוו ערלויבט זיינעם א חבר אָפּצודרוקען אין א געהיימער דרוקעריי זיינעם אן ארטיקעל, וועלכער איז ניט דורכגעגאַנגען דער צענזור — דער ארטיקעל איז געווען א קריטיק אויף א רעאקציאָנערן פּאָליטישען פּאמפלעט. די פּאָליציי האָט פארכאַפּט די געהיימע דרוקעריי, און פּיסארעוו'ן

האט מען ארייגגעזעצט אויף פיר יאהר אין פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט. דארט, אין קרעפאסט, האט ער אנגעשריבען אלע זיינע שריפטען, וואס האבען איהם אזוי ברייט באקאנט געמאכט איבער גאנץ רוסלאנד. ווען ער איז ארויס פון טורמע איז ער שוין גע-ווען געבראכען אין געזונט, און אין דעם זומער פון יאהר 1868 האט ער זיך דערטרונקען, באדענדיג זיך אין איינעם פון די זומער-בלעצער ביים באלטישען ים.

פיסארעוו'ס איינפלוס אויף דער יוגענד פון זיין צייט, און ממילא אויך אויף דעם טייל, וואס די דאזיגע מענשען האבען שפעטער בייגעטראגען צו דעם אלגעמיינעם פראגרעס פון לאנד, איז געווען פונקט אזוי גרויס ווי דער איינפלוס פון ביעלינסקי, טשערנישעווסקי און דאבראליובאוו. דא ווידער אמאל איז אויך אוממעגליך צו באשטימען דעם כאראקטער און די אורזאך פון דעם דאזיגען איינפלוס, אויב מען זאל זיך באשרענקען בלויז אויף אן אנדייטונג פון פיסארעוו'ס גרונד-פרינציפען פון ליטעראטור-קרי-טיק. זיינע לייטענדע אידעען וועגען דעם ענין קאן מען דערקלערן אין עטליכע ווערטער: זיין אידעאל איז געווען „דער דענקענדער רעאליסט“ — א טיפ, וואס טורגעניעוו האט אין יענער צייט פאר-געשטעלט אין באזאראוו'ן, און וועלכען פיסארעוו האט נאך ווייטער אנטוויקעלט אין זיינע קריטישע אפהאנדלונגען. פונקט ווי באזא-ראוו, האט ער אויך ניט געהאט קיין הויכע מיינונג וועגען קונסט בכלל, נאר אלס א הנחה האט ער געפאדערט, אז די רוסישע קונסט זאל לכל הפחות דערגרייכען די הויך, וואס די קונסט האט דער-גרייכט אין די ווערק פון געטהע, היינע און בערנע, אין פרט פון דערהויבען די מענשהייט; ווען ניט, איז זאלען די מענשען, וואס פלאפלען שטענדיג וועגען קונסט, אבער קאנען גארנישט ניט שאפ-פען, וואס זאל צוקומען נאהענט צו דעם דאזיגען אידעאל, אפגע-בען זייערע כחות אויף עפעס, וואס איז זיי מעהר צוגענגליך און איז נוצליך. דעריבער האט ער געווידמעט עטליכע העכסט אויס-פיהרליכע ארטיקלען אויף ארונטערצורייסען פושקין'ס „פוסטע“ פאעזיע. אין דער עטיק האט ער איינגאנצען איינגעשטימט מיט דעם „ניהיליסט“ באזאראוו, וועלכער האט זיך ניט געבויגט פאר קיין אויטאריטעט אחוץ דער אויטאריטעט פון זיין אייגענעם שכל. און ער האט געדענקט (פונקט ווי באזאראוו אין זיין געשפרעך מיט

פּאַוועל פּעטראַוויטש'ן), אַז די הויפּט אויפגאַבע, איין יענער צייט, איז געווען צו אנטוויקלען אַ פּאָלקאָמענעם וויסענשאַפטליך־געבילדעטען רעאַליסט, וועלכער זאָל זיך אָוועקרייסען פון אַלע טראַדיציעס און טעותן פון דער אַלטער צייט און זאָל זיך נעמען אַרבייטען, באַטראַכטענדיג דאָס מענשליכע לעבען מיט דעם געזונטען שכל הישר פון אַ רעאַליסט. פּיסאַרעוו האָט אַפילו אַליין עפּעס געטאָן אויף צו פאַרשפּרייטען די געזונטע נאַטורוויסענשאַפטען, וואָס האָבען זיך פּלוצלינג אַנטוויקעלט אין יענע יאָהרען, און האָט אָנגעשריבען אַ העכסט מערקווירדיגע עקספּאָזיציע פון דאַרוויניזם אין אַ רייהע אַרטיקלען אונטער'ן נאָמען: „דער פּראָגרעס אין דער וועלט פון פלאַנצען און טירן".

אַבער, ווי סקאַביטשעווסקי האָט גאַנץ ריכטיג באַמערקט, „דאָס אַלץ באַשטימט נאָך ניט פּיסאַרעוו'ס פּאָזיציע אין דער רוסישער ליטעראַטור. אין אַט די אַלע אַרבייטען האָט ער פאַרקערפּערט בלויז אַ געוויסען מאָמענט פון דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער יוגענד, מיט אַלע איבערטרייבונגען, וואָס ליגען אין דער טבע פון דער יוגענד". דיווירקליכע אורזאַך פון פּיסאַרעוו'ס איינפלוס איז געלעגען ערגעץ אַנדערשוואו, און דאָס לאָזט זיך אַמבעסטען דערקלערן מיט דעם פאָלגענדען ביישפּיל. עס איז ערשינען אַ נאָוועלע, אין וועלכער דער פאַרפאַסער באַשרייבט אַ מיידעל, אַ גוטמוטיגע, ערליכע, אַבער גאָרניט קיין געבילדעטע; אַ מיידעל מיט די געוועהנליכע באַלעבאַטישע באַגריפען וועגען גליק אין לעבען, און פול מיט די געוועהנליכע פאָראורטיילען. זי פאַרליבט זיך און עס פּאַסירן מיט איהר אַלערליי אומגליקען. פּיסאַרעוו האָט גלייך איינגעזעהן, אַז די דאָזיגע מיידעל איז ניט קיין אויסגעטראַכטע. טויזענדער אַזעלכע מיידלאַך עקזיסטירן אין דער ווירקליכקייט און זייער לעבען געהט אַוועק אויף דעמזעלביגען אופן, ווי דער פאַרפאַסער האָט דאָס באַשריבען. פּיסאַרעוו האָט זיי אַ נאָמען געגעבען „טוליענע פּריילינס". זייער באַגריף וועגען דער וועלט געהט ניט פיעל ווייטער איידער זייערע טוליענע קליידלאַך. און ער האָט באַוויזען, אַז אַזעלכע מיידלאַך מיט זייער „טוליענער בילדונג" און „טוליענע באַגריפען" מוזען סוף כל סוף זיין אומגליקליך. אָט דער אַרטיקעל פּיסאַרעוו'ס, וועלכען עס האָבען גע־

לעזען און לעזען נאָך איצטער טויזענדער מיידלאך אין געבילדעטע רוסישע פאַמיליעס, צווינגט יעדע איינע פון זיי צו זאָגען צו זיך אליין: „ניין, איך וועל קיינמאָל ניט זיין אזוי ווי אַט די אומגליק־ליכע טוליענע פריילין. איך וועל זיך לערנען; איך וועל דענקען, און איך וועל אויסקעמפען פאַר זיך א בעסערע צוקונפט“. כמעט יעדער אַרטיקעל פּיסאַרעוו׳ס האָט געהאַט אַט אזא ווירקונג. זיי האָבען טויזענדער יונגע לייט געעפענט די אויגען און אָנגעוויזען אויף די טויזענדער קליינינגקייטען פון לעבען, וועלכע מיר שענקען ניט קיין אויפמערקזאַמקייט על פּי הרגל, אָבער וועלכע, צוזאַמען גענומען, שאַפען יענע שטיקענדע אַטמאָספערע, אין וועלכער עס פלעגען אומקומען די העלדינען פון „קרעסטאָווסקי־פּסעוודאָנים“. פון אַט דעם לעבען, וואָס האָט נאָר געקאָנט פאַרשפּרעכען אַפּאַ־רעריי, אומעט און א פּשוטע געוויקסען־עקזיסטענץ, האָט ער גע־רופען די יוגענד פון ביידע געשלעכטער צו א לעבען, וואָס שיינט מיט דעם ליכט פון וויסענשאַפט, צו א לעבען פון אַרבייט, פון ברייטע בליקען און סימפּאַטיען, וואָס האָט זיך איצט געעפענט פאַר דעם „דענקענדען רעאַליסט“.

די צייט איז נאָך ניט געקומען פאַר א פולער אָפּשאַצונג פון די ווערק פון נ. ק. מ י כ א י ל א ו ו ס ק י, (1842־1904), וועלכער איז אין די זיבעציגער יאָהרן געוואָרן דער הויפּט ליטעראַ־טור־קריטיקער און איז פאַרבליבען אַזעלכער ביז זיין טויט. אויי־סערדעם, מען קאָן ניט פאַרשטעהן די ריכטיגע פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען אין דער ליטעראַטור, ביז מען קלייבט זיך ניט פאַנאַנדער אין די פילע איינצעלהייטען בנוגע דעם כאַראַקטער פון דער אינטעליגענטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר און פון דעם קאַמף פון די פּאַרטייען. אָבער די דאָ־זיגע באַוועגונג און דער דאָזיגער קאַמף זיינען געווען אויסערגע־וועהנליך קאָמפּליצירט. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אז מיט מיכאַילאָווסקי׳ן האָט די ליטעראַטור־קריטיק אָנגענומען א פילאָ־זאָפיש־געזעלשאַפטליכע ריכטונג. אין פאַרלויף פון יענעם פּעריאָד האָט ספּענסער׳ס פילאָזאָפיע געמאַכט א טיפען איינדרוק אין רוס־לאַנד, און מיכאַילאָווסקי האָט זי אונטערוואָרפען אונטער א שטרענ־גען אַנאַליז פון דעם אַנטראָפּאָלאָגישען שטאַנדפּונקט, באַווייזענדיג

איהרע שוואכע פונקטען און ארויסברענגענדיג זיין אייגענע „טע־
אריע פון פראגרעס“, וועלכע וואלט זיכער געמאכט אן איינדרוק
אויך אין מערב־אייראפא, ווען זי וואלט באקאנט געווארן אויסער
די גרעניצען פון רוסלאנד. זיינע זעהר מערקווירדיגע ארטיקלען
וועגען „אינדיווידואליזם“, וועגען „די העלדען און דער המון“,
וועגען „גליק“ האבען אויך אזא פילאזאפיש־סאציאלאגישען ווערט.
אפילו די עטליכע ציטאטען פון זיין ווערק „די לינקע און רעכטע
האנט פון גראף טאלסטאי“, וואס מיר האבען געבראכט אין א
פריהערדיגען קאפיטעל, באווייזען שוין קלאר מיט וועלכע ריכטונ־
גען ער האט סימפאטיזירט. מען מוז אבער ליידער זאגען, אז אלס
ליטעראטור־קריטיקער איז מיכאילאווסקי ווייט אפגעשטא־
נען פון זיינע פארגענגער, ווארים דער ערשטער באדינג פאר דער
ליטעראטור־קריטיק, ווי ביעלינסקי האט זי פארשטאנען, איז געווען
די פאראייניגונג פון דעם געזעלשאפטליכען חוש מיט דעם חוש פאר
קונסט.

פון די אנדערע קריטיקער פון דערזעלביגער ריכטונג וועל איך
דערמאנען סקאביטשעווסקי'ן (געבארען אין 1838),
דעם פארפאסער פון א גוטער און זעהר ניצליכער געשיכטע פון
דער מאדערנער רוסישער ליטעראטור, וועלכע איך האב שוין אוי־
בען דערמאנט. פון די שרייבער, וואס האבען זיך אויך באשעפ־
טיגט מיט קריטיק, וועל איך דערמאנען ק. ארסעניעוו
(געב. 1837), וועמעס בוך „קריטישע עטיודען“ (1888) איז נאך
מעהר אינטערעסאנט דערמיט, וואס ער באהאנדעלט גאנץ אויס־
פיהרליך איינמע פון די ווייניגער באקאנטע פאעטען און די יונגע־
רע מאדערנע שרייבער. פ. פאלעוואי (1839־1903), דער
פארפאסער פון פילע היסטארישע ראמאנען האט אויך אנגעשרי־
בען א פאפולערע „געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראטור“. ליי־
דער בין איך געצוואונגען אויסצולאזען די ווערטפולע קריטישע אר־
בייטען פון דרוזשינין (1824־1864), וועלכער איז ארויס־
געטראטען נאך ביעלינסקי'ס טויט; פ. ב. אנענקאוו
(1812־1868) און אויך אפפאלאן גריגאריעוו,
דעם גלענצענדען און אריגינעלען קריטיקער פון סלאוויאנאפילי־
שען לאגער. דיביידע האבען זיך געשטעלט אויפ'ן „עסטעטישען“

שטאנדפונקט און האבן באקעמפט די אוטיליטאריאנישע בליקען איבער קונסט.

## טאלסטאי'ס „וואס איז קונסט?"

ווי די לעזער האבן געקאנט זעהן, האבן די רוסישע קונסט־קריטיקער פאר די לעצטע אכציג יאהר, אנפאנגענדיג פון ווענע־וויטינאוו און נאדעזשדין, געשטרעבט פעסטצושטעלען דעם גע־דאנק, אז די קונסט האט א רעכט אויף עקזיסטענץ נאר ווען זי שטעהט „אין דינסט פון דער געזעלשאפט" און העלפט אויפצוהוי־בען די געזעלשאפט צו העכערע הומאניטארישע אידעאלען — פארשטעהט זיך, מיט די מיטלען וואס געהערן ריכטיג צו דער קונסט און שיידען זי אפ אי פון דער וויסענשאפט, און פון פאלי־טישער טעטיגקייט. אט די אידעע, וואס האט אזויפיל שאקירט די מערב־אייראפעאישע לעזער, ווען פרודאן האט זי אנטוויקעלט, איז פארטיידיגט געווארן אין רוסלאנד פון אלע שרייבער, וועלכע האבן אויסגעאיבט אווירקליכען איינפלוס אויף די קריטישע מיי־נונגען אויפ'ן געביט פון קונסט. און אייניגע פון אונזערע גרעס־טע דיכטער, ווי צום ביישפיל לערמאנטאוו און טורגעניעוו, האבן פאקטיש אונטערשטיצט דידאזיגע אידעע מיט זייערע שאפונגען. וואס איז שייך די קריטיקער פון דעם אנדער לאגער, ווי דרוזשינין, אנענקאוו און א. גריגאריעוו, וועלכע האבן אדער זיך געהאלטען פאר דער געגענגעזעצטער מיינונג פון „קונסט צוליעב קונסט", אדער האבן פארנומען א צווישענדיגע פאזיציע, אוועקשטעלענדיג „דאס שעהנע" אלס דעם קריטעריום פון קונסט, און זיך פעסט געהאלטען אן די טעאריעס פון די דייטשע מעטאפיזישע שרייבער — קאן מען וועגען זיי בלויז זאגען, אז אויב זיי האבן יא גע־האלפען אונזערע קינסטלער, אנווייזענדיג זיי פעהלערן אדער אומ־פאלקאמענהייטען אין דער קינסטלעריכער באארבייטונג פון זייערע ווערק, האבן זיי אבער קיין איינפלוס ניט געהאט אויף דער אנט־וויקלונג פון רוסישען געדאנק בכלל אין דער ריכטונג פון „ריינער עסטעטיק".

די מעטאפיזיק פון די דייטשע עסטעטישע שרייבער איז מעהר ווי איין מאל צעקלאפט געווארן, לויט דער מיינונג פון די רוסישע

לעזער, ספּעציעל פון ביעלינסקי'ן אין זיין „איבערבליק איבער דער רוסישער ליטעראַטור פאַר דעם יאָהר 1847“, און פון טשערנישעווסקי'ן אין זיין „עסטעטישע פאַרהעלטנישען פון קונסט צו דער ווירקליכקייט“. ביעלינסקי האָט אין דעם דאָזיגען איבערבליק אויספירליך אַנטוויקעלט זיינע אידעען וועגען דעם דינסט פון דער קונסט צו נוצען פון דער מענשהייט, און האָט באַוויזען, אַז אַבוואַהל קונסט איז ניט דאַס אייגענע וואָס וויסענשאַפט, איז זי פאַרשיידען אין דעם אופן ווי אַזוי זי באַהאַנדעלט די פאַקטען פון לעבען, פונדעסטוועגען האָבען זיי ביידע איין אַלגעמיינעם *ציעל*. דער וויסענשאַפטסמאַן *באַווייזט*, דער דיכטער *ווייזט*, אַבער ביידע *איבערצייגען*: איינער דורך זיינע אַרגומענטען, דער אַנדערער דורך בילדער פון לעבען. דאָס אייגענע האָט אויך טשערנישעווסקי געטאָן, ווען ער האָט באַהויפּטעט, אַז דער צוועק פון דער קונסט קומט זיך צונויף מיט דעם צוועק פון געשיכטע אין דעריין, וואָס *זי דערקלערט אונז דאָס לעבען*, און אַז דעריבער איז די קונסט, וואָס רעפּראָדוצירט בלויז די פאַקטען פון לעבען און גיט אונז ניט קיין בעסערע פאַרשטענדניש פון לעבען, גאַר אינגאַנצען ניט קיין קונסט.

אַט די עטליכע באַמערקונגען וועלען מאַכען קלאָר פאַר'ן לעזער, פאַרוואָס טאָלסטאָי'ס „וואָס איז קונסט?“ האָט געמאַכט אַ פיעל קלענערן איינדרוק אין רוסלאַנד איידער אין אויסלאַנד. אונז האָט איבערראַשט ניט די לייטענדע אידעע פון דעם ווערק, וועלכע איז פאַר אונז קיין נייעס ניט געווען, נאָר דער פאַקט, וואָס דער גרויסער קינסטלער האָט אויך געהאַלטען פון איהר און האָט זי אונטערשטיצט מיט דעם גאַנצען געוויכט פון זיין קינסטלערישער ערפאַהרונג; און דערצו, פאַרשטעהט זיך, אויך די ליטעראַרישע פאָרם, וואָס ער האָט געגעבען דער אידעע. אויסער דעם האָבען מיר געלעזען מיט דעם גרעסטען אינטערעס זיין שאַרפזיניגע קריטיק אי אויף די „דעקאַדענטישע“אויך־מיר־פּאָעטען, אי אויף די ליברעטאָס פון וואַגנער'ס אָפּעראָס. מכח דידאָזיגע ליברעטאָס וועל איך זיך ערלויבען צו באַמערקען, אַז אויף איינינע שטעלען פון זיי האָט וואַגנער אָנגעשריבען וואונדערבאַרע מוזיק, און דאָס איז אין די שטעלען וואו ער היט געהאַט צו טאָן מיט די אַלגעמיין־מענש־

ליכע ליידענשאפטען, ווי ליעבע, מיטלייד, קנאה, לעבענס־געגוס א. אז. וו., און האט אינגאנצען פארגעסען וועגען דעם הינטערגרונד פון די צויבער־מעשיות.

„וואס איז קונסט?" האט נאך דערמיט ארויסגערופען א גרע־סערן אינטערעס אין רוסלאנד, ווייל די פארטיידיגער פון ריינער קונסט און די שונאים פון „ניהיליזם אין דער קונסט" האבען אלע־מאל צוגערעכענט טאלסטאי'ען צו זייער לאגער. אין זיין יוגענד, זעהט אויס, האט ער טאקע ניט געהאט קיין זעהר קלאר אויסגע־שפראכענע אידעען וועגען קונסט. יעדענפאלס, אין יאהר 1859, ווען טאלסטאי איז אויסגעקליבען געווארן אלס מיטגליד אין דער „געזעלשאפט פון ליעבהאבער פון דער רוסישער ליטעראטור", האט ער געהאלטען א פארטראג וועגען דער נויטיגקייט נ י ט ארייג־צושלעפען די קונסט אין די קליינליכע פראגען פון טאג. אויף אט דעם פארטראג האט דער סלאוויאנאפיל כאמיאקאוו איהם געענט־פערט מיט א ליידענשאפטליכער רעדע, אין וועלכער ער האט זעהר ענערגיש באקעמפט טאלסטאי'ס אידעען.

„עס זיינען פאראן מאמענטען, וויכטיגע היסטארישע מאמענ־טען — האט כאמיאקאוו געזאגט — ווען די זעלבסט־באשולדיגונג (מצד דער געזעלשאפט) האט איהרע ספעציעלע אומבאשטריטענע רעכט... דאס צופעליגע און צייטמעסיגע אין דעם היסטארישען גאנג פון פאלקס־לעבען באקומען דאן די באדייטונג פון דאס אלגע־מיינע און אלמענשליכע, שוין דערפאר וואס אלע דורות און אלע פעלקער קאנען פארשטעהן און פארשטעהען די שמערצליכע וועה־געשרייען און דעם פיינליכען ווידוי פון איין געוויסען דור אדער איין געוויסען פאלק... דער קינסטלער איז ניט קיין טעאריע; ער איז ניט בלויז א געביט פון דענקען און געהירן־טעטיגקייט: ער איז א מענש, אלעמאל א מענש פון זיין צייט, געוועהנליך איינער פון איהרע בעסטע פארשטעהער... טאקע מחמת דער שטארקער עמפינדליכקייט פון זיין נאטור, אהן וועלכער ער וואלט ניט גע־קאנט זיין קיין קינסטלער, נעמט ער אריין אין זיך מעהר איידער אלע אנדערע מענשען אלע שמערצליכע אזוי גוט ווי די פריידיגע עמפינדונגען פון דער געזעלשאפט, צווישען וועלכער ער איז גע־בארן געווארן".

אנווייזענדיג, אז טאלסטאי האט זיך שוין געשטעלט אויף אט

דעם שטאַנדפּונקט, צום ביישפּיל ווען ער באַשרייבט דעם טויט פון׳ם פוהרמאַן, אין דער דערצעהלונג „דריי טויטען“, האָט באַמיאַקאָוו פאַרענדיגט זיין רעדע מיט די ווערטער: „יאָ, איהר זייט געוועזן און וועט ווייטער זיין איינער פון די, וואָס פאַרדאַמען דאָס בייזע פון דער געזעלשאַפט. געהט ווייטער אויף דעם אויסגעצייכענטען וועג, וואָס איהר האָט זיך אויסגעקליבען!“ *

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אין דעם ביכעל „וואָס איז קונסט?“ רייסט זיך טאָלסטאָי אינגאַנצען אָפּ פון די טעאָריעס „פון קונסט צוליב קונסט“ און שטעלט זיך אָפּען אַוועק אין די רייהען פון די, וואָס זייערע אידעען וועגען קונסט זיינען דערקלערט געוואָרן אין די פריהערדיגע זייטען. ער דעפינירט נאָך דעם געביט פון קונסט נאָך ריכטיגער ווי יענע, ווען ער זאָגט, אַז דער קינסטלער שטרעבט אַלעמאָל איבערצוגעבען צו אַנדערע דיזעלביגע געפיהלען, וואָס דערוועקען זיך אין איהם אַליין, באַטראַכטענדיג די נאַטור אָדער דאָס מענשליכע לעבען. ער שטרעבט ניט צו איבערצייגען, ווי טשערנישעווסקי האָט געזאָגט, נאָר אָנצושטעקען די אַנדערע מיט זיינע אייגענע געפיהלען, וואָס איז זיכער אַ סך ריכטיגער. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסען, אַז „געפיהל“ און „געדאַנק“ זיינען ניט צעטיילבאַר. אַ געפיהל זוכט ווערטער אויף אויסצודריקען זיך, און דער געפיהל, וואָס איז אויסגעדריקט אין ווערטער, איז אַ געדאַנק. און ווען טאָלסטאָי זאָגט, אַז דער צוועק פון דער קינסטלעריכער טעטיגקייט איז איבערצוגעבען „די העכסטע געפיהלען, וואָס די מענשהייט קאָן דערגרייכען“, און אַז די קונסט מוז זיין „רעליגיעז“ — ד. ה. מוז דערוועקען די העכסטע און בעסטע שטרעבונגען, דריקט ער בלויז אויס מיט אַנדערע ווערטער דאָס, וואָס עס האָבען פריהער געזאָגט אונ־

---

* באַמיאַקאָוו׳ס רעדע ווערט איבערגעגעבען אין סקאַביטשעווסקי׳ס „געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור“. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט קריגען טאָלסטאָי׳ס רעדע אַליין, וואָרים איך דענק, וואָס ער האָט אויסגעדריקט בנוגע „דאָס שטענדיגע אין קונסט, דאָס אַלגעמיינע“ האָט קוים געקאָנט אויסשליסען די נויטיקייט צו פאַרדאַמען דאָס בייזע, פון וואָס אַ געזעלשאַפט לייד אין אַ געוויסען מאָמענט. אפשר האָט ער געמיינט, וואָס נעקראַסאָוו האָט געמיינט, בעת ער האָט באַשריבען די ליטעראַטור, וואָס שטשעדרין׳ס „פּראָווינציעלע סקיצען“ האָבען אַרויסגערופען, אַלס „אַ מעשה פון אָפּשמייסען די קליינע גנבים צוליעב דעם פאַרגעניגען פון די גרויסע גנבים“. לײדער איז די דאָזיגע רעדע ניט געוועזן געדרוקט און דער מאַנוסקריפּט איז פאַרלאָרען געגאַנגען.

זערע בעסטע קריטיקער, אנהויבענדיג מיט ווענעוויטינאוו, נאַ־דעזשדין און פּאָלעוואָי. אין דער אמת'ן, ווען ער קלאָגט זיך, אז קיינער לערנט ניט די מענשען ווי אזוי צו לעבען, פארגעסט ער, אז דאָס איז פּונקט, וואָס די אמת'ע קונסט טוט, און פּונקט דאָס, וואָס אונזערע קונסט־קריטיקער האָבען אלעמאָל געטאָן. ביעלינס־קי, דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו, און אלע זייערע פּאַרטזעצער האָבען קיין אנדער זאַך ניט געטאָן, ווי נאָר געלערנט מענשען ווי צו לעבען. זיי האָבען שטודירט און אנאַליזירט דאָס לעבען, ווי דאָס האָבען פאַרשטאַנען און געמאָלט די גרעסטע קינסטלער פון יעדען יאָרהונדערט, און פון זייערע ווערק האָבען די קריטיקער געצויגען דעם שלוס „ווי אזוי צו לעבען“.

נאָך מעהר ווי דאָס. ווען טאָלסטאָי, באוואָפענט מיט זיין מעכטיגער קריטיק, שמייסט דאָס, וואָס ער רופט אָן „די נאָכמאַכ־אַכצען פון קונסט“, זעצט ער בלויז פאָרט די ארבייט, וואָס טשער־נישעווסקי, דאָבראָליובאָוו און ספּעציעל פּיסאַרעוו האָבען געטאָן. ער שטעלט זיך אויף באזאַראָוו'ס זייט. נאָר דער פאַקט, וואָס ער, דער גרויסער קינסטלער, שטעלט זיך אויף דער זייט, איז א מער געפעהרליכער קלאַפּ פאַר דער טעאָריע פון „קונסט צוליב קונסט“, וואָס האַלט זיך נאָך אלץ אין מערב־אייראָפּא, איידער אלץ, וואָס פּרודאָן אדער אונזערע רוסישע קריטיקער, וועלכע זיינען אומבאַ־קאַנט אין אויסלאַנד, האָבען ווען עס איז געקאָנט טאָן.

וואָס איז שייך טאָלסטאָי'ס באהויפּטונג, אז דער ווערט פון א קונסטווערק מעסט זיך מיט דעם גראַד פון זיין צוגענגליכקייט צו דער מעגליכסט גרעסטער צאָהל מענשען — א באהויפּטונג, וואָס האָט ארויסגערופען צאָרנדיגע אטאַקעס פון אלע זייטען, און איז אפילו אויסגעלאַכט געוואָרן — איז זי אפשר נאָך ניט אויס־געדריקט געוואָרן אין א ריכטיגער פאָרם, אבער לויט מיין מיינונג אנטהאַלט זי די זוימען פון א גרויסער אידעע, וועלכע וועט זיכער זיך אננעמען פריהער אדער שפּעטער. עס איז קלאָר, אז יעדע פאָרם פון קונסט האָט איהרע געוויסע קאָנווענציאָנעלע מיטלען ווי זיך אויסצודריקען, איהר אייגענעם וועג ווי אזוי „אנצושטעקען אנדערע מיט דעם קינסטלערס געפיהלען“, און פאָלגליך מוז מען האָבען א געוויסע פּאָרברייטונג, כדי זי צו פאַרשטעהן. טאָלסטאָי איז קוים גערעכט, ווען ער פארגעסט, אז מען מוז האָבען א געווי־

סע פאַרברייטונג ריכטיג צו פאַרשטעהן אפילו די איינפאַכסטע פאָרמען פון קונסט, און זיין קריטעריום „אַלע זאָלען קאָנען פאַרשטעהן" געהט שוין דעריבער צו־ווייט. א מענש, וואָס איז ניט באַקאַנט מיט בילדער, פאַרשטעהט ניט קיין געזיכטער, וואָס זיינען געמאָלט אין פּראָפיל, אדער וואו א העלפט פון געזיכט איז אין שאָטען. א מענש מיט אַן אומענטוויקעלטען מוזיקאַלישען געהער פאַרשטעהט אין מוזיק בלויז דעם טעמפּ, בלויז דעם ריטם, אבער קאָן ניט גוט אונטערשיידען איהרע קלאַנגען, די באַזונדערע נאָטען פון דער מעלאָדיע. אַן אַנטוויקלונג פון די חושים איז דעריבער געוויס נויטיג, און אונזער געניס פון קונסט וואַקסט צוזאַמען מיט דער דאָזיגער אַנטוויקלונג.

פונדעסטוועגען ליגט אין דאָס, וואָס ער זאָגט, א טיפע אידעע. טאָלסטאָי איז בלי ספק גערעכט, ווען ער שטעלט די פראַגע, פאַר וואָס איז נאָך ביז איצטער ניט געשאַפען געוואָרן אַנאַנדער ווערק, וואָס זאָל איבערשטייגען די ביבעל אַלס א קונסטווערק, וואָס איז צוגענגליך פאַר יעדען איינעם? מישלע האָט שוין פריהער פאַר איהם געמאַכט אַזאַ באַמערקונג און האָט געזאָגט, אַז אונזער יאָהר־הונדערט נויטיגט זיך אין „דאָס בוך וואָס זאָל אַנטהאַלטען אין א הויך־קינסטלערישער פּאָעטישער פאָרם, צוגענגליך פאַר אַלעמען, די פאַרקערפּערונג פון דער נאַטור אין איהר גאַנצער פּראַכט און די געשיכטע פון דער גאַנצער מענשהייט אין איהרע טיפסטע אַלמענשליכע שטריכען. הומבאָלדט האָט געשטרעבט צו געבען עפּעס אַזוינס אין זיין „קאָסמאָס"; אבער ווי גרויס זיין ווערק זאָל ניט זיין, איז עס צוגענגליך בלויז פאַר א קליינער צאָהל. ער האָט ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען די ענדליכע שלוסען פון דער וויסענשאַפט אין פּאָעזיע, וואָס די מאַסען זאָלען פאַרשטעהן; און ביז איצט האָבען מיר נאָך ניט קיין קונסטווערק, וואָס זאָל אפילו וויפיעל עס איז באַפרידיגען אָט די נויט פון דער היינטיגער מענשהייט.

די אורזאַך דערפון איז קלאָר: **די קונסט איז געוואָרן צופיל געקינסטעלט**, און באַפרידיגט הויפּטזעכליך די פאָדערונגען פון די רייכע. זי האָט זיך צופיעל ספּעציאַליזירט אין די מעטאָדען פון איהר אויסדרוק, און דעריבער פאַרשטעהען זי נאָר א קליינע צאָהל מענשען. אין אָט דעם

פרט איז טאָלסטאָי אבסאָלוט גערעכט. נעמט צום ביישפּיל די גאַנצע מאַסע אויסגעצייכענטע ווערק, וואָס זיינען דערמאַנט געוואָרן דאָ אין דעם בוך; גאר ווייניגע פון זיי ווּעלען ווען עס איז ווערן צוגענגליך פאר א גרויסען פּובליקום! דער פאקט איז, אז מיר נויטיגען זיך טאַקע אין א נייער קונסט — ניט צו פארבייטען די אלטע, נאָר ווי א צוגאָב צו איהר. און זי וועט קומען, ווען דער קינסטלער, זיך אריינטראכטענדיג אין טאָלסטאָי׳ס אידעע, וועט זאָגען צו זיך אליין: „איך קאָן שרייבען טיף־פילאָזאָפישע קונסטווערק, אין וועלכע איך שילדער די אינערליכע דראמע פון דעם הויך־געבילדעטען און ראפינירטען מענשען פון אונזער צייט; איך קאָן שרייבען ביכער, וועלכע אַנטהאַלטען די העכסטע פּאָעזיע פון דער נאטור, וואָס פאָדערט דערצו א טיעפען וויסען און א ברייטע אויפפאסונג פון דעם לעבען פון דער נאטור; אבער, אויב איך קאָן שרייבען אזעלכע זאכען, מוז איך אויך קענען, אויב איך בין אן אמת׳ער קינסטלער, אזוי שרייבען, אז אלע זאָלען מיך פארשטעהן; מוז איך אויך קאָנען שאפען אזוינע ווערק, וועלכע זאָלען זיין ניט ווייניגער טיף אין זייער אויפפאסונג, אבער אין דערזעלביגער צייט זאָל יעדער איינער, אפילו דער ארימסטער מינען־ארבייטער און פויער, זיי קאָנען פארשטעהן און הנאה האָבען!“

זאָגען, אז א פאָלקס־ליעד איז א גרעסערע קונסט איידער בעטהאָווען׳ס א סאָנאטאָ, איז ניט ריכטיג; פארגלייכען א שטורם אין די אלפּען און דעם קאמף אַנטקעגען איהם מיט א שעהנעם רוהיגען זומער־טאָג אויף א פעלד וואו מען שנייט היי, קאָן מען ניט — און בעטהאָווען׳ס דראמאטישע געמיט־צושטאַנדען שטעלען טאַקע פאר אזוינע שטורעמס אין זיין הארצען. אבער אן אמת־גרויסע קונסט, וועלכע מיט איהר גאַנצער טיפקייט און הויכען שוואונג זאָל פונדעסטוועגען קאָנען אריינדרינגען אין יעדען פויער׳ס שטיבעל און זאָל יעדען איינעם באגייסטערן מיט העכערע באגריפען פון גערעכטיגקייט און לעבען — אזא קונסט איז ווירקליך נויטיג. און איך מיין, אז זי איז אויך מעגליך.

## איינִיגע פון היינטיגע בעלעטריסטען.

אין דעם פּלאַן פון אַט דעם בוך געהט ניט אריין די אויפגאַבע צו אַנאַליזירן די היינטיגע רוסישע שרייבער. געוויסענהאַפט זיי אַפּצושאַצען וואָלט זיך געפאָדערט נאָך אַ באַנד — ניט נאָר צוליעב דער ליטעראַרישער וויכטיגקייט פון איינִיגע פון זיי און דער אינ־טערעסאַנטקייט פון די פארשיידענע ריכטונגען אין קונסט, וואס זיי שטעלען פאָר, נאָר דערהויפּט צוליעב דעם, ווייל כדי צו דער־קלערן ווי געהעריג איז דעם כאראקטער פון דער היינטיגער ליטע־ראַטור און די פארשיידענע שטרעמונגען אין דער רוסישער קונסט, וואָלט מען זיך געמוזט אריינלאָזען אין אַ סך פּרטים בנוגע די כאַאָ־טישע אומשטענדען, אונטער וועלכע דאס לאַנד האָט געלעבט פאר די לעצטע דרייסיג יאָהר. אויסער דעם, דאָס רוב פון די היינטיגע שרייבער האָבען נאָך ווייט ניט געזאָגט זייער לעצטען וואָרט, און מיר קאָנען דערוואַרטען פון זיי נאָך מעהר ווערטפולע ווערק איי־דער די, וואָס זיי האָבען געשאַפען ביז איצטער. איך בין דערי־בער געצוואונגען זיך צו באַגרעניצען מיט עטליכע קורצע באמער־קונגען וועגען די מעהר פּראָמינענטע בעלעטריסטען פון היינטיגען טאָג.

**ערטעל** (געב. אין 1855), האָט לײדער אויפגעגעבען זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט זינט די לעצטע עטליכע יאָהר — פּונקט אין דער צייט, ווען זיין לעצטער ראָמאַן „סמיענאַ“ („בעת וועכ־טער בייטען זיך“) האָט באוויזען אַ שטאַרקע אַנטוויקלונג פון זיין סימפּאַטישען טאַלאַנט. ער איז געבאָרן געוואָרן אויפ׳ן גרעניץ פון די רוסישע סטעפּעס און איז אויסגעוואַקסען אין אַ גרויסען פּריציישען הויף פון יענעם געגענד. שפּעטער איז ער אַנגעקומען אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, און ווי געוועהנליך האָט ער געמוזט פארלאָזען דעם אוניווערזיטעט צוליעב אַ מעשה פון „סטו־דענטישע אומרוהען“, אין וועלכע ער האָט גענומען אנטייל, און איז

דערפֿאַר פֿאַרשיקט געוואָרן אין דער שטאָט טווער. באַלד אָבער האָט ער זיך צוריקגעקערט אין זיינע היימישע סטעפּעס, וועלכע ער האָט אַזוי היים געליבט ווי ניקיטין און קאָלצאָוו.

ערטעל האָט אָנגעפֿאַנגען זיין ליטעראַרישע קאַריערע מיט קורצע סקיצען, וועלכע זיינען שפּעטער אַרויסגעגאַנגען אין צוויי בענד אונטער דעם נאָמען „נאָטיצען פֿון אַ מענשען פֿון די סטעפּעס“, וועלכע דערמאָנען לויט זייער פֿאָרם טורגעניעוו׳ס „נאָטיצען פֿון אַ יעגער“. די נאַטור פֿון די סטעפּעס איז פֿאָרטרעפֿליך באַשריבען אין דיזאָזיגע קליינע דערצעהלונגען מיט פֿיעל וואַרעמקייט און פּאָעזיע, און די פּויערים־טיפּען, וואָס זיינען דאָרט געשילדערט, זיינען פֿאָלקאָם נאַטור־טריי, אָהן דעם קלענסטען שפּור פֿון אידעאַליזאַציע — הגם עס פֿיהלט זיך, אַז דער פֿאַרפֿאַסער איז ניט קיין גרויסער פֿאַרעהרער פֿון דער „אינטעליגענץ“ און שעצט פֿולשטענדיג די אַלגעמיינע עטיק פֿון דאָרפֿישען לעבען. איינינגע פֿון דיזאָזיגע סקיצען, וואו ער שילדערט דעם וואוקס פֿון דער דאָרף־בורזשואַזיע, זיינען הויך־קינסטלעריש. די דערצעהלונג „צוויי פֿאָרלאַך“ (1887), וואו עס ווערט געגעבען אַ פּאַראַלעלע געשיכטע פֿון צוויי פֿאַרליעבטע פֿאָרלאַך — איינס געהערט צו די געבילדעטע קלאַסען און דאָס אַנדערע צו דעם פּויערים־קלאַס — איז אָנגעשריבען, ווי עס זעהט זיך קלאָר אַרויס, אונטער דעם איינפֿלוס פֿון טאָלסטאָי׳ס אידעען, און טראָגט די שפּורן פֿון טענדענציעזיטעט, וואָס פֿאַרדאַרבט אין פּלעצער דעם קינסטלערישען ווערט פֿון דער נאָוועלע. פֿונדעסטוועגען געפֿינען זיך דאָרט פֿאַרטרעפֿליכע סצענעס, וואָס באַווייזען זיינע זעהר פֿיינע באַאָבאַכטונגס־פֿעהיגקייטען.

אָבער ערטעל׳ס ווירקליכע קראַפֿט ליגט ניט אין דער באַהאַנדלונג פֿון פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. זיין אמת׳ער געביט איז די באַשרייבונג פֿון ברייטע געגענדען מיט זייערע אַלע פֿאַרשיידענע טיפּען מענשען, וואָס געפֿינען זיך צווישען דער געמישטער באַפֿעלקערונג פֿון דרום־רוסלאַנד. אָט די אייגענטימליכקייט פֿון זיין טאַלאַנט באַווייזט זיך אַמבעסטען אין זיין ראָמאַן: „די גאַרדענינס, זייערע הויפֿיגע מענשען, זייערע מיטהעלפֿער און זייערע שונאים“, און אויך אין „סמיענאַ“. די רוסישע קריטיקער האָבען, פֿאַרשטעהט זיך, זעהר ערנסט און זעהר בפּרטיות דיסקוטירט די

צוויי יונגע העלדען עפרעם און ניקאָלאַי, וואָס קומען פאַר אין די „גאַרדעניגס“, און האָבען שטרענג אַנאַליזירט דעם אַרט דענקען פון די דאָזיגע צוויי יונגע לייט. אָבער אין דער אמת׳ן זיינען אָט די העלדען גאָר ניט אַזוי וויכטיג, און עס פאַרדריסט כמעט, פאַרוואָס דער פּראָפעסאָר, זיך רעכענענדיג מיט זיין צייט, האָט אָפּגעגעבען דידאָזיגע צוויי יונגע לייט מעהר אויפמערקזאַמקייט וויפיעל זיי האָבען פאַרדינט, בעת זיי זיינען נישט מעהר ווי נאָך צוויי פּערזאָנען אין דעם גרויסאַרטיגען בילד פון דאָרפס־לעבען, וואָס ער האָט געמאָלען פאַר אונז.

דער פאַקט איז, אַז פּונקט ווי מיר זעהען אין גאָגאָל׳ס מעשיות א גאַנצע וועלט מיט מענשען — א קליין־רוסישען דאָרף אָדער דאָס לעבען אויף דער פּראָווינץ — אַזוי אויך זעהען מיר דאָ, ווי דער נאָמען גופא פון דעם ראָמאַן דייטעט עס אָן, דאָס גאַנצע לעבען פון א גרויסען פּריצישען הויף, אין די צייטען פון פּאַנשטשיזנע, מיט אַלע לייב־אייגענע, דינער, פריינד און פיינד, וועלכע גרופּירן זיך אַרום דעם געשעפט פון האָדעווען פערד, וואָס מאַכט דעם הויף א.א נאָמען און מיט וואָס עס שטאָלצירן אַלע, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט איהם. דאָס לעבען פון אָט דער פאָלקס־מאַסע, די שילדערונג פון דעם לעבען אויף די פערד־יאַרידען מיט די פערד־געלאָפּען, ניט די וויכוחים און ליבעס־געשיכטעס פון א פּאָרל יונגע מענשען, מאַכען אויס דעם הויפּט אינטערעס פון בילד; און דאָס דאָזיגע לעבען האָט ערטעל ווירקליך אַזוי מייסטערהאַפט אָפּגע־מאָלט, ווי מיר געפינען עס אין א גוטען האָלענדישען בילד, וואָס שטעלט פאַר א יאַריד אין א דאָרף. קיין איין רוסישער שרייבער, זינט די צייטען פון סערגיי אַקסאַקאָוו און גאָגאָל, האָט ניט גע־קאָנט אַזוי גוט אָפּמאָלען א גאַנצען ווינקעל פון רוסלאַנד מיט אַזא מאַסע פיגורען, וואו אַלע לעבט און אַלע זיינען אוועקגעשטעלט אין די פּאָזיציעס פון דער לפי ערכ׳דיגער וויכטיגקייט, וואָס זיי פאַרנעמען אין ווירקליכען לעבען.

דיזעלביגע קראַפט פיהלט זיך אויך אין דער נאָוועלע „סמיע־נאָ“. איהר סיוזשעט איז זעהר אָן אינטערעסאַנטער. אין דער נאָוועלע זעהען מיר ווי די אַלטע פּריצישע פאַמיליעס צעפאַלען זיך, פּונקט ווי זייערע הויפען, און ווי אַזוי אַנאַנדער קלאַס מענשען — סוחרים און אַלערליי געוויסענלאָזע אוואַנטוריסטען — פאַר־

באַפען די דאָזיגע הויפּען. אין דערזועלביגער צייט ווערט געשאַ־פען נאָך א נייער קלאַס, וואָס באַשטעהט פון איינגערע הענדלער און אַנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געוואָרן אַנגעהויבט פון די נייע פרייהייט־ווינטען און א העכערער קולטור, און זיי שטעלען שוין צוזאַמען די זוימען פון א נייער שיכט צווישען די געבילדעטע קלאַ־סען. אין אָט דער נאָוועלע האָבען איינינע קריטיקער אויך זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכליך אויף די אָהן־צווייפעל אינטערעסאַנטע טיפּען פון דער אריסטאָקראַטישער מיידעל, פון דעם פויער־סעק־טאַנט, אין וועלכען זי הויבט זיך אָן פאַרליבען, און אויף דעם פּראַקטישען יונגען ראַדיקאַלען סוחר — אַלע, אמת, גאַנץ לעבענס־טריי געשילדערט; אָבער די קריטיקער האָבען אויך דאָס מאָל פאַרזעהן דאָס ווירקליך־וויכטיגע פון דער נאָוועלע. דאָ ווידער זעהן מיר א בילד פון א גאַנצען געגענד פון דרום־רוסלאַנד (אַזוי טיפּיש ווי למשל דער „ווייטער מערב" איז אין די פאַראייניגטע שטאַ־טען), א לעבענס־זודיגער, פול מיט לעבעדיגע מענער און פרויען, ווי ער איז געווען אין ערך צוואַנציג יאָהר נאָך דער באַפרייאונג פון די לייב־אייגענע, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען א ניי לעבען, ניט אומעהנליך צו דעם אַמעריקאַנער לעבען. די קאָנ־טראַסטען צווישען אָט דעם יונגען לעבען און דעם צעפוילטען פּריי־צישען לעבען ווערן זעהר גוט געשילדערט אין די ליבעס־ראָמאַנען פון די יונגע לייט, און דאָס גאַנצע ווערק טראָגט דעם שטעמפּעל פון דער העכסט סימפּאַטישער פּערזענליכקייט פון דעם פאַרפאַ־סער אליין.

קאָראָלענקאָ (איז געבאָרן געוואָרן אין 1853) אין א קליין שטעדטעל פון דרום - מערב רוסלאַנד, וואו ער האָט געקריגען זיין ערשטע בילדונג. אין יאָהר 1874 איז ער געווען א סטודענט פון דער אגריקולטור־אקאַדעמיע אין מאָסקווע, אָבער ער האָט זי געמוזט פאַרלאָזען, צוליב דעם וואָס ער האָט זיך באַטייליגט אין א געוויסער סטודענטישער באַוועגונג. שפּעטער איז ער אַרעסטירט געוואָרן אלס א „פּאָליטישער" און איז פאַרשיקט געוואָרן צוערשט אין א קליין שטעדטעל לעבען די אוראַל־בערג, און דערנאָך איז מערב־סיביר, פון וואַנען מען האָט איהם אריבערגעפיהרט, דער־פאַר ווייל ער האָט זיך אַנטזאָגט צו שווערן טרייהייט צו אלעק־סאַנדער דעם דריטען, אין יאַקוטסקער געגענד — אין א יאַקוטער

אולום, (א ישוב פון יאקוטען), עטליכע הונדערט מייל אויף דער אנדער זייט יאקוטסק. דארט האט ער פארבראכט עטליכע יאהר און האט זיך אומגעקערט אין רוסלאנד ערשט אין יאהר 1886, אבער איהם איז ניט געווען ערלויבט צו וואוינען אין שטעדט וואו עס האבען זיך געפונען אוניווערזיטעטען, און ער האט א לאנגע צייט געוואוינט אין ניזשני־נאווגאראד.

דאס לעבען אין דעם ווייטען צפון, אין די וויסטענישען פון יאקוטסקער געגענד, אין א קליינעם אולום, וואס איז א האלב יאהר נאכאנאנד פארגראבען אין שניי, האט געמאכט אויף קאראלענקא'ן א זעהר טיפען איינדרוק; און די ערצעהלונגען וואו ער האט געשילדערט דאס סיבירישע לעבען („מאקאר'ס חלום", „בילדער פון א סיבירער רייזענדער" א. א.) זיינען געווען אזוי קינסטלעריש שעהן, אז ער איז איינשטימיג אנערקענט געווארן אלס טורגענעוו'ס אמת'ער יורש. אין אט די קליינע דערצעהלונגען קאראלענקא'ס פיהלט זיך אזא קינסטלערישע קראפט, אזא געפיהל פון פראפארציע, אזא מייסטערשאפט אין מאלען כאראקטערן און אזא ארטיסטישע געשליפענקייט, אז זיי אונטערשיידען איהם ניט נאר פון די מעהרסטע יונגע שרייבער פון זיין צייט, נאר צייכענען איהם אויס אלס דעם אמת'ן קינסטלער. די דערצעהלונג „דער וואלד רוישט", אין וועלכער ער שילדערט אן עפיזאד פון די צייטען פון פאנשטיזנע אין פאליעסיע, (ארום ליטע), האט נאך פארגרעסערט די הויכע רעפוטאציע, וואס קאראלענקא האט שוין געהאט געוואונען. די דאזיגע דערצעהלונג איז ניט קיין נאכהאמונג נאך טורגענעוו'ן, הגם זי דערמאנט ניט ווילענדיג, מיט איהר באגייסטערטער שילדערונג פון דעם לעבען פון וואלד, דעם גרויסען קינסטלערס פארטרעפליכע סקיצע „פאליעסיע". די דערצעהלונג „אין שלעכטער געזעלשאפט" איז ווארשיינליך גענומען פון דעם פארפאסערס עראינערונגען פון זיין יוגענד, און אט די אידיליע, וואס דערצעהלט וועגען דעם לעבען פון טרעמפס און גנבים, וועלכע באהאלטען זיך אין די חורבות פון אן אלטען טורעם, איז פול מיט אזויפיל שעהנקייט, דערהויפט אין די סצענעס פון קינדערשען לעבען, אז די לעזער האבען גלייך אין איהר דערזעהן „די טורגענעוו'שע פראכט". אבער גלייך נאך דעם איז קאראלענקא געקומען צו אן אפשטעל. זיין „בלינדער מוזיקאנט" איז איבער־

זעצט געווארן אין פילע שפראכען און האט ארויסגערופען אלגע־מיינע באוואונדערונג, — טאקע ווידער פאר זיין פראכט; עס האט זיך אבער געפיהלט, אז די צו־פיינע פסיכאלאגיע פון דער דאזיגער נאוועלע איז קוים ריכטיג; און זינט יענער צייט איז פון קארא־לענקא'ן ניט ערשינען קיין איין גרויס ווערק, וואס זאל ווערט זיין זיין העכסט סימפאטישען און רייכען טאלאנט. זיין גרויסען ראמאן „פראכאר און די סטודענטען" האט די צענזור פארבאטען. נאך א ראמאן זיינער האט אויך געהאט דעמזעלביגען גורל, און עס איז ערשינען פון איהם בלויז איין קאפיטעל, און דאס אויך א צע'הרג'עטער. אויסער דעם האט דער הונגער אין רוסלאנד אוועק־געפיהרט קאראלענקא'ן אין דער פובליציסטיק („דער הונגער יאהר", „דער מולטאנסקער פראצעס", „רוסישע באטריגער" (סאמאזוואנצי א. אז. וו.).

אט דער אפשטעל אין דער אנטוויקלונג פון זיין טאלאנט איז אביסעל חדוש'דיג; אבער דאס אייגענע וואלט מען געקאנט זאגען וועגען אלע יונגע שרייבער פון קאראלענקא'ס צייט, צווישען וועל־כע עס געפינען זיך מענער און פרויען מיט גרויסע טאלאנטען. זיך פאנאנדערקלייבען אין די אורזאכען פון אט דעם פאקט, דערהויפט בנוגע אזא גרויסען קינסטלער ווי קאראלענקא, וואלט זיכער געווען א זעהר אנציהענדע אויפגאבע. דערצו אבער וואלט אויסגעקומען צו רעדען מעהר אדער ווייניגער אויספיהרליך וועגען די ענדערונ־גען, וואס זיינען פארגעקומען אין דער אנטוויקלונג פון דער רוסי־שער נאוועלע פאר די לעצטע צוואנציג יאהר, אין פארבינדונג מיט דעם פאליטישען לעבען פון לאנד. איך וועל פרובירן זיך באגרעני־צען בלויז מיט איניגע באמערקונגען וועגען אט דעם ענין.

אין די זעכציגער און זיבעציגער יאהרן איז געשאפען געווארן א גאנץ באזונדער סארט נאוועלע פון איניגע יונגע בעלעטריסטען — מעהרסטענטיילס מיטארבייטער פון די זשורנאלען „רוססקאיע סלאוואָ און דיעלא". דער „דענקענדער רעאליסט", ווי פיסארעוו האט איהם פארשטאנען, איז געווען זייער העלד; און ווי שוואך די טעכניק פון די דאזיגע נאוועלען איז ניט געווען אין איניגע פאלען, איז אבער זייער הויפט אידעע געווען א העכסט עהרליכע, און דער איינפלוס, וואס זיי האבען אויסגעאיבט אויף דער רוסישער יוגענד, איז געווען דורכאויס צום גוטען. דאס איז געווען די צייט

ווען די רוסישע פרויען האבען געמאכט זייערע ערשטע טריט אויפ׳ן וועג צו העכערער בילדונג און האבען פרובירט ערֹאבערן פאר זיך וויפיעל ניט איז עקאנאמישע און גייסטיגע אומאפהענגיגקייט. כדי דאס צו דערגרייכען, האבען זיי געמוזט פיהרן א ביטערן קאמף מיט דעם אלטען דור. „מאדאם קאבאנאווא“ און „דיקאי“ (זעה קאפ. 6) זיינען דאמאלסט געווען א לעבעדיגע קראפט אין אלערליי פארשטעלטע פארמען, אין אלע קלאסען פון דער געזעלשאפט, און אונזערע פרויען האבען געדארפט שווער קעמפען געגען זייערע עלטערן און קרובים, וועלכע האבען ניט פארשטאנען זייערע קינדער, געגען דער „געזעלשאפט“ אלס גאנצע, וואס האט געהאסט די „עמאנציפירטע פרוי“, און געגען דער רעגירונג, וועלכע האט זעהר גוט פארשטאנען די געפאר, וואס א נייער דור פון געבילדעטע פרויען וועט זיין פאר דער אויטאקראטישער ביוראקראטיע. עס איז דעריבער געווען העכסט נויטיג, אז די יונגע קעמפערינס פאר פרויען־רעכט זאלען געפינען שטיצע וועניגסטענס אין די יונגע לייט פון זייער אייגענעם דור, און ניט אזא סארט מענער ווי די, וועגען וועלכע טורגעניעוו׳ס העלדין אין „פערעפיסקא“ האט געשריבען (זעה קאפ. 4). אין אט דער ריכטונג האבען אונזערע בעלעטריסטען־מענער און איין פרוי, ס א פ י ע  ס מ י ר נ א ו ו א („דאס פייערל“, „דער חלום פון דער ערד“, 1872-1871) געלייסטעט גרויסע דינסטען, דערמיט וואס זיי האבען אונטערגעהאלטען די ענערגיע פון די פרויען אין זייער שווערן קאמף, און געלערנט די מענער צו פיהלען אכטונג אי פאר דעם קאמף גופא, אי פאר די, וואס זיינען געשטאנען אין די רייהען פון די קעמפער.

שפעטער האט זיך אנגעהויבען ארויסרוקען א נייער עלעמענט אין דער רוסישער נאוועלע. דאס איז געווען דער „נאראדניטשעסקי“ (פאלקסטימליכער) עלעמענט, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין ליבע צו די ארבייטענדע מאסען, און אין ארבייטען צווישען זיי, כדי אריינצוברענגען א פונק ליכט און האפענונג אין זייער טרויעריגער עקזיסטענץ. דא אויך האט די נאוועלע זעהר פיעל בייגעטראגען אויפצוהאלטען דידאזיגע באוועגונג און צו באגייסטערן די יוגענד פאר אט דעם סארט ארבייט, פון וועלכער מיר האבען געזעהן א ביישפיל אין א פריהערדיגען קאפיטעל, (קאפ. 5), רעדענדיג וועגען דער נאוועלע, דעם „גרויסען בער“. זעהר פיעל

בעלעטריסטען האָבען געאַרבייט אין אַט דיביידע אַנגעוויזענע ריכטונגען, און איך קאָן דאָ בלויז דערמאָנען פאַרבייגעהענדיג וועגען מ אָ ר ד אָ װ צ ע װ (אין „זנאַמעני ווערעמעני"), ש י ל ל ע ר (וועלכער האָט געשריבען אונטער דעם פּסעוודאָנים א. מ י כ אַ י ל אָ װ), ס ט אַ נ ו ק אָ װ י ט ש, נ אָ װ אָ־ד װ אָ ר ס ק י, ב אַ ר אַ נ צ ע װ י ט ש, מ אַ ט ש ט ע ט און מ אַ מ י ן, וועלכע האָבען אַלע געאַרבייט, דירעקט אדער אינדירעקט, אין דערזעלביגער ריכטונג.

מען מוז אבער אויך נעמען אין אמבאַטראַכט, אז דער קאַמף פאַר פרייהייט, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען ארום דעם יאָהר 1857, און האָט דערגרייכט זיין העכסטען פּונקט אין 1881, האָט זיך צייטווייליג אָפּגעשטעלט, און אין פאַרלויף פון די נעקסטע צעהן יאָהר האָט געהערשט צווישען דער רוסישער אינטעליגענץ א פולשטענדיגע מידיגקייט און ערשעפּונג. דער גלויבען אין די אַלטע אידעאַלען, אין די אַלטע קאַמף־לאָזונגען — אפילו דער פּראָסטער גלויבען אין מענשען — האָט גענומען פאַרשווינדען, און נייע טענדענציעס האָבען גענומען אַריינדרינגען אין דער קונסט, טיילווייז אונטער דעם איינפלוס פון אַט דער נייער פּאַזע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און טיילווייז אויך אונטער דעם איינפלוס פון מערב־אייראָפּא. דערהויפּט האָט געהערשט א געפיהל פון מידיגקייט. דער גלויבען אין וויסענשאַפט איז געפאַלען. די געזעלשאַפטליכע אידעאַלען זיינען פאַרשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונד. דער „ריגאָריזם" איז פאַרדאַמט געוואָרן, די „נאַראָדניטשעסטוואָ" האָט אָנגעהויבען באַטראַכט ווערן ווי עפּעס לעכערליכעס, און ווען זי האָט זיך ווידער באַוויזען, איז זי שוין געווען פאַרקליידט אין א רעליגיעזער פאָרם, ווי טאָלסטאָיאיזם. אַנשטאַט דעם פריהערדיגען ענטוזיאַזם פאַר דער „מענשהייט", זיינען איצט פּראָקלאַמירט געוואָרן „די רעכט פון דעם איינצעלנעם", און דאָס האָט ניט געמיינט גלייכע רעכט פאַר אַלעמען, נאָר די רעכט פון ווענינגע איבער אַלע איבעריגע.

אין אַט א־א כאַאָס פון געזעלשאַפטליכע באַגריפען האָבען געדאַרפט זיך אַנטוויקלען אונזערע יונגע בעלעטריסטען, וועלכע האָבען אַלעמאָל געשטרעבט אָפּצושפּיגלען אין זייערע ווערק די פראַגען פון טאָג; און אַט די צוטומעלטקייט האָט געמוזט שטעהן אין

וועג פון זייער שטרעבונג צו שאפען עפּעס פארענדיגטעס און גאנ־צעס פונקט ווי די ווערק פון זייערע פאָרגענגער פון דעם פריהערדי־גען דור. די געזעלשאפט האָט ניט ארויסגעגעבען קיין גאנצע פארענדיגטע פערזענליכקייטען, און דער אמת׳ער קינסטלער קאָן ניט אפּמאָלען דאָס, וואָס עקזיסטירט ניט.

אפילו אזא סוביעקטיווער קינסטלער ווי וופ. גאַרשין (1855־1888), וועלכער איז דורכגעפלויגען ווי א מעטעאָר אין דער רוסישער ליטעראַטור, קאָן דינען ווי א באשטעטיגונג פון דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט. זיין וואונדערליכע, ווייכע, פּאָעטישע נאטור איז צעבראכען געווארן פון די לעבענס־ווידערשפּרוכען, וואָס האבען געבושעוועט אין יענע יאָהרען.

גאַרשין איז געווען א געבירטיגער פון דרום־מערב רוסלאנד; געלערנט האָט ער זיך אין פּעטערבורג און צו 19 יאָהר איז ער שוין אנגעקומען אין גאָרני אינסטיטוט. פון זיין פריהער יוגענד אָן האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט אן אויסערגעוועהנליכער עמפּינדליכ־קייט, האָט געלעזען זעהר פיעל, און נאָך איידער ער האָט געענ־דיגט גימנאזיע איז ער צו איין צייט געלעגען אין א פּסיכיאטרישען אנשטאלט. דער אויפשטאנד פון די סלאַווען אין 1876טען יאָהר און די מלחמה פון 1877 האָבען איהם אראָפּגעפיהרט פון וועג. ער, וואָס האָט זיך קריטיש באצויגען צו מלחמה, האָט זיך געריסען צו די אויפשטעהענדע סערבען, און ווי נאר די מלחמה מיט טערקיי איז דערקלערט געווארן, אין אפּריל, 1877, האָט ער באשלאָסען, אז עס איז זיין הייליגסטע פליכט צו טראגען צוזאמען מיט׳ן פאָלק די גאַנצע לאַסט פון דעם שטורם און די ליידען וואָס רוקען זיך אָן. ער האָט זיך גלייך אנגעגעבען אלס פרייוויליגער סאָלדאט, איז אפּ־געפאָהרען אין קישינעוו, און אין עטליכע טעג שפּעטער איז ער שוין געווען אין וועג מיט זיין פאָלק, וועלכער האָט מארשירט צום דונאַי. גאַרשין האָט דעם גאנצען מארשורט דורכגעמאכט צו־פוס, און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אלע פּריווילעגיעס, וואָס די אפיצירען האבען איהם אָנגעבאָטען.

אין דער סאמע צייט פון דער מלחמה האָט ער אנגעשריבען זיין ערשטע מערקווירדיג־קינסטלערישע דערצעהלונג „פיר טעג“ (פון א פאראוואונדעטען), וועלכע האָט גלייך געצויגען אויפמערק־זאמקייט אויף דעם יונגען שרייבער. ער איז פארוואונדעט גע־

וואָרן אין אויגוסט: מען האָט איהם דורכגעשאָסען אַ פּוס. די וואונד האָט אַ לאַנגע צייט זיך ניט פארהיילט און ער איז אַרויס־געפאַלען פון דינסט. ער האָט זיך צוריקגעקערט אין פּעטערבורג, איז אַריינגעטראָטען אין אוניווערזיטעט און האָט זיך אין ערנסט גענומען צוגרייטען זיך צו אַ ליטעראַרישען באַרוף.

אין דידאָזיגע יאָהרען האָט ער אָנגעשריבען עטליכע נאָוועלען, וואָס זיינען געווען אַזוי קינסטלעריש צונויפגעשטעלט און אַזוי פּאָעטיש, אַז עס קומט אויס זיי צו פארגלייכען אין דעם פּרט נאָר מיט טורגענעוו'ס נאָוועלען און טיילווייז אויך מיט קאָראָלענקאָ'ס. אָבער גאַרשין, מיט זיין ווייכער, עמפּינדליכער און נערוועזער נאַ־טור, האָט יעדע איינע פון זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען געשריבען מיט בלוט און טרערען. — „צי דאָס אָנגעשריבענע איז אַרויסגעקו־מען גוט אָדער ניט גוט," האָט ער געזאָגט אין איינעם פון זיינע בריף, „איז אַ זייטיגע פראַגע: אָבער אַז איך האָב אין אמת'ן גע־שריבען מיט מיינע הוילע אומגליקליכע נערוועז, און אַז יעדער בוכשטאַב האָט מיר געקאָסט אַ טראָפּען בלוט, דאָס איז זיכער ניט איבערטריבען".

גאַרשין'ס איגערן לעבען קענען מיר ניט: „... פיל אומשטענ־דען אין גאַרשין'ס לעבען בלייבען נאָך דערווייל ניט דערקלערט — און אַ פולשטענדיגע ביאָגראַפיע פון איהם וועט ערשט זיין מעגליך אין דער מעהר אָדער ווייניגער ווייטער צוקונפט". עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז דער טעראָריסטישער פּאָליטישער קאַמף, וואָס איז דאַן פארגעקומען, האָט זיך אויף איהם אָפּגערופען זעהר שווער און האָט פארשאַפט טיפע ליידען זיין איידעלער עמפּינדליכער נאַ־טור. אין יאָהר 1880, נאָך מאַלאָדעצקי'ס ניט געלונגענעם אַטענ־טאַט אויף לאָריס־מעליקאָוו'ן, ווען מאַלאָדעצקי איז פאַר'משפּ'ט געוואָרען צו ווערען געהאַנגען אין 24 שטונדען, איז גאַרשין אַוועקגע־גאַנגען ביינאַכט צום „דיקטאַטאָר" און גע'טענה'ט מיט איהם, ער זאָל ניט דערלאָזען דורכפיהרען די שטראָף. נאָכדעם, אַ טיף־ערשי־טערטער, איז ער אַוועקגעפאָהרען אין מאָסקווע, האָט זיך אַרומגע־שלעפּט איבער די מיטעלסטע גובערניעס פון רוסלאַנד, און איז פאַר אַ צייט איגנאַנצען פארפאַלען געוואָרען; ווען מען האָט איהם גע־פונען, איז ער געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען האָט איהם וויי־דער געדאַרפט אָפּפיהרען אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיג־קראַנקע.

אבער אפילו אין זיין משוגעת האָט ער ניט פארלאָרן זיין באַוואוסטזיין. איהם האָבען אַלץ געמאַטערט דיזעלביגע פראגען וועגען דעם מענשליכען גליק און וועגען די מיטלען ווי אזוי דאס צו דערגרייכען. זיין ערשיטערענדע פּאָעמע „דאס רויטע בלימעל", וואו א משוגע'נער שטרענגט אָן אומגלויבליכע כחות, כדי זיך ארויסצוגנב'ענען פון זיינע וועכטער, צערייסען די שטריק און פארניכטען דאָס רויטע בלימעל, די שולד פון אַלעם בייזעס — אָט די פּאָעמע איז א זייטעל פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע.

אין יאָהר 1882 איז ער געזונד געוואָרן און איז ווידער געווען אין פּעטערבורג. ער האָט דאמאָלסט אויך חתונה געהאט, אבער פינף יאָהר שפּעטער האָט זיך זיין קראנקהייט ווידער אָפּגערופען און ער האָט אליין געמאַכט א סוף צו זיין לעבען אין אנהויב פון יאָהר 1888.

טורגענעוו'ס נאָוועלען זיינען פול מיט פּאָעזיע; דאס אייגענע מאַכט אויס דעם כאראקטעריסטישען שטריך פון גארשין'ס דערצעהלונגען: דיזעלביגע איינפאכקייט, דיזעלביגע פילאָזאָפישע צער און צאַרטקייט, דיזעלביגע וואונדערבארע הארמאָניע פון געבוי. מען זעהט אין זיי דעם פארפאסער, אבער נאר אין דעם ליכט פון שטילען צער, וועלכען מען קאָן ניט אָפּטיילען — אויב מען האָט נאר אמאָל געזעהן די וואונדערליך שעהנע בילדער פון גארשינ'ען — פון זיין פארטרויערטען בליק.

נאָך דער דערצעהלונג „פיר טעג" זיינען געקומען עטליכע אַנדערע דערצעהלונגען פון מלחמה־לעבען: „דער פייגלינג", „פון די עראינערונגען פון דעם סאָלדאט איוואנאָוו", „מלחמה־בילדלאך" — אַלע דריי אויסערגעוועהנליך טאלאנטפולע.

ביי גארשינ'ען אין דער נשמה, ווי ביי טורגענעוו'ן, האָט אָהן צווייפעל געלעבט אַ מאָלער־קינסטלער אינאיינעם מיט דעם קינסטלער־ליטעראט, און ער האָט אלעמאָל נאָכגעפאָלגט מיט ליבע די רוסישע מאָלעריי, האָט געשריבען פּראכטפולע איבערבליקען פון אויסשטעלונגען און האָט זיך גע'חבר'ט מיט קינסטלער. די בעסטבאארבעטעטע און די פּסיכאָלאָגיש־טיפסטע פון זיינע נאָוועלען זיינען „נאַדעזשדאַ ניקאלאעווונא" און „די קינסטלער" — ביידע פון דעמדאָזיגען לעבען. אויך אין אָט די נאָוועלען האָט גארשין אָפּגעשפּיגעלט די צוויי הויפּט שטרעמונגען פון זיין צייט. ריאַ־

ביניז, צום טראָץ פון אלע אַקאַדעמישע טראדיציעס, מאָלט א בילד „גלוכאר“ — אן ארבייטער, וואָס ביי איהם אויף דער ברוסט קלאַפּט מען צונויף, אין די טשיגון־פאבריקען, די וועגטלאך פון קעסלען — און אָנמאָלענדיג דאסדאָזיגע מערקווירדיגע בילד, ווארפט ער אוועק די מאלעריי און געהט אוועק ווערן א דארפס־לערער. נאָך א מאלער, ווידער, מאָלט פון נאַדעזשדא ניקאָלאעוונא א „שארלאָטא קאָרדע“, און דערביי פרעגט זיך ניט ווילענדיג, צי איז ניט אוועקגעשטעלט געוואָרן דער נאָמען פון דער פראנצויזישער זשיראנדיסטקע — דאָס ווערקצייג פון רעאקציע — אויף דעם אָרט פון עפּעס אַנאַנ־דערן רוסישען נאָמען? לויט דער טיפקייט און פיינקייט פון דעם פּסיכאָלאָגישען אנאליז, לויט דער שעהנקייט פון דעם פאָרם און דער גאנצער ארכיטעקטור, לויט דער באארבייטונג פון די איינצעל־הייטען און דעם אלגעמיינעם איינדרוק פון דאָס גאנצע, וואָלטען אָט די ביידע נאָוועלען געוועזן א צירונג פאר יעדער ליטעראטור.

דאָס אייגענע מוז מען זאָגען וועגען אזא וואונדערלאך־פּאָעטי־שער מעשה׳לע ווי „אַטאַלעא פּרינצעפּס“ — די געשיכטע פון א פּאַלמע, וואָס רייסט זיך אויף דער פריי דורך דעם גלעזערנעם דאַך פון דעם פלאַנצען־הויז, און מען האקט זי אָפּ דערפאר. לויט זיין פּאָעטישער פאָרם שטעהט דאָס דאָזיגע מעשה׳לע ניט אָפּ פון אנ־דערסען׳ס בעסטע מעשה׳לאך. אין דער רוסישער ליטעראטור זיינען פאראן אזוינע פּאָעטישע מעשה׳עס ביי קאַט מורליק (נ. פּ. וואגנער, געב. אין 1829), זיי זיינען אבער פאר קינ־דער וועניגער פארשטענדליך, בעת גארשין האָט אָהן צווייפעל גע־האַט א גרויסען טאלאנט צו שרייבען מעשה׳לאך אויסדריקליך פאר קינדער, וואָס פארכאַפּען ביים הארצען אויך „גרויסע“.

דמיטרי מערעזשקאָווסקי (געבאָרן אין 1866) קאָן אויך דינען אלס ביישפּיל פון די שוועריגקייטען, וואָס א שרייבער אפילו מיט א מעהר ווי געוועהנליכען טאלאַנט באגעגענט אויף זיין וועג צו פולער אנטוויקלונג, אונטער די געזעלשאפטליכע און פּאָליטישע אומשטענדען, וואָס האָבען געהערשט אין רוסלאנד אין דעם נאָר־וואָס דערמאָנטען פּעריאָד. ווען מיר זאָלען נאָר נעמען זיינע נאָוועלען און קריטישע ארטיקלען און לאָזען אָן א זייט זיינע געדיכטען, הגם זיי זיינען אויך זעהר כאַראַקטעריסטיש, וועלען

מיר זעהן וואוהין די אומשטענדען האָבען איהם פאַרפיהרט. אנ־געהויבען זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט האָט מערעזשקאָווסקי מיט א געוויסער סימפּאַטיע, אָדער וועניגסטענס מיט א געוויסער אכ־טונג צו יענע רוסישע שרייבער פון דעם פאַריגען דור, וועלכע האָ־בען געשריבען אונטער דער באגייסטערונג פון די העכערע געזעל־שאַפטליכע אידעאַלען, ביסלאכווייז אבער האָט ער פאַרלאָרן דעם צוטרוי צו די דאָזיגע אידעאַלען און ענדליך האָט ער זיי שוין גאַר באַהאַנדעלט מיט פאַראַכטונג. ער האָט געפונען, אז זיי זיינען נזיצלאָז, און האָט אנגעהויבען אלץ מעהר און מעהר צו רעדען ווע־גען „די סאָווערענערע רעכט פון דעם איינצעלנעם"; אבער ניט אין דעם זין ווי גאָדווין און די אנדערע פילאָזאָפען פון 18טען י. ה. האָבען עס פאַרשטאַנען, און אויך ניט אין דעם זין, וואָס פּיסאַרעוו האָט זיי נענעבען, ווען ער האָט גערעדט וועגען דעם „דענקענדען רעאַליסט". מערעזשקאָווסקי האָט פאַרשטאַנען די דאָזיגע רעכט אין דעם זין — דעם געפעהרליך טונקעלען, און ווען ניט טונקעלען, שמאָלען זין — וואָס ניטצשע האָט זיי צוגעשריבען. אין דערזעלבי־גער צייט האָט ער אנגעהויבען אלץ מעהר און מעהר צו רעדען ווע־גען „שעהנקייט" אין דער „פאַרגעטערונג פון דאָס שעהנע", אבער אויך ניט אין דעם זין, וואָס די אידעאַליסטען האָבען צוגעשריבען צו דידאָזיגע ווערטער, נאָר אין דעם באַשרענקטען און עראָטישען זין, אין וועלכען די „עסטעטען" פון די 40יגער יאָהרען האָבען פאַר־שטאַנען „שעהנקייט".

די הויפּט ארבייט, וואָס מערעזשקאָווסקי האָט אונטערגענומען, איז נעוועזען א זעהר אינטערעסאַנטע. ער האָט געהאַט א גדאַנק צו שאַפען א טרילאָגיע, אין וועלכער ער האָט זיך פאַרמאָסטען פאַרצושטעלען דעם קאַמף פון דער אלטער געצענדינערישער וועלט אנטקעגען דעם קריסטענטום — די גרונט־פּרינציפּען פון דער ערש־טער אנטקעגען די גרונט־פּרינציפּען פון דעם אַנדערן. ער האָט געוואָלט מאָלען פון איין זייט די עללענישע ליעבע און פּאָעטישע פאַרשטענדניס פון דער נאַטור מיט איהר פאַרגעטערונג פון דעם געזונטען, פרוכטבאַרן לעבען; און פון דער אנדער זייט דעם לע־בען־פאַרפינסטערדיגען איינפלוס פון דעם יודעאישען קריסטענטום מיט זיין פאַרדאַמונג פון דעם נאַטור־שטודיום, פון פּאָעזיע, קונסט, פאַרגעניגען און פון א געזונטען לעבען בכלל. די ערשטע נאָוועלע

פון דער טרילאָגיע איז געווען „זשוליאַן דער אַפּטריניגער“, די צווייטע „לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי“, (דיביידע זיינען איבערזעצט אין ענגליש), און די דריטע — „פּיאָטר דער גרויסער“. די צוויי ערשטע נאָוועלען זיינען געווען דער רעזולטאַט פון א גענויעם שטודיום פון דער אַלטער גריכישער וועלט און פון דער רענעסאַנס עפּאָכע, און ניט קוקענדיג אויף איניגע פעהלערן (עס איז אין זיי ניטאָ קיין אמת'ער געפיהל אפילו אין דער פאַרהערליכונג פון דעם דינסט צו שעהנקייט, און שוין צופיעל אַרכעאָלאָגישע דעטאַלען) אַנטהאַלטען ביידע דערצעהלונגען ווירקליך שעהנע און איינדרוקספאָלע סצענעס. אבער די פונדאמענטאַלע אידעע — די נויטיגקייט פון א סינטעז צווישען דער נאַטור־פּאָעזיע פון דער אַלטער וועלט און די העכערע הומאַניזירענדע אידעאַלען פון קריסטענטום — איז ניט ארויסגעדרונגען פון די האַנדלונגען פון די דערצעהלונגען, נאָר עס איז ארויפגעצוואונגען געוואָרן אויפ'ן לעזער איבערגעוואַלט.

ליידער האָט מערעזשקאָווסקי'ס באַגייסטערונג פאַר דעם אַלטוועלטיגען „נאַטוריזם“ ניט אָנגעהאַלטען לאַנג. ער האָט נאָך ניט געהאַט אָנגעשריבען די דריטע דערצעהלונג פון דער טרילאָגיע, ווי אין זיינע ווערק האָט שוין אָנגעהויבען אריינדרינגען דער „סימבאָליזם“, און דער סוף איז, אז דער יונגער פּראָפעסער, טראָץ אַלע זיינע פעהיגקייטען, האַלט ווי עס ווייזט אויס ביים אריינפאַלען אין יענעם אָפּגרונט פון האָפנונגלאָזען מיסטיציזם, וואָס האָט איינגעשלונגען גאָגאָל'ן ביים סוף פון זיין לעבען.

די מערב־אייראָפּעאישע, און ספּעציעל ענגלישע לעזער, קאָן זיין, וועלען זיך וואונדערן, הערענדיג פון אזוינע שנעלע ענדערונגען אין די גייסטיגע נייגונגען פון דער רוסישער געזעלשאַפט, און דערצו נאָך אזוינע טיפע ענדערונגען, אז זיי קאָנען ווירקען אויף דער בעלעטריסטיק, ווי מיר האָבען נאָר־וואָס דערמאָנט. די ענדערונגען אבער זיינען א פאַקט און זיי דערקלערן זיך מיט דער היסטאָרישער באַזע, וואָס רוסלאַנד לעבט איצט דורך. צווישען די רוסישע שרייבער איז פאַראַן איינער זעהר א טאַלאַנטפולער בעלעטריסט, פּ. ד. באָבאָריקין (געבאָרן 1836), וועלכער האָט געמאַכט פאַר זיין ספּעציאַליטעט צו באַשרייבען אין נאָוועלען די פאַרשיידענע נייגונגען פון דער רוסישער געבילדעטער געזעלשאַפט,

ווי זיי האבען זיך כסדר געענדערט אין די לעצטע דרייסיג יאהר. די טעכניק פון זיינע נאוועלען איז אלעמאל א פארטרעפליכע (ער איז אויך דער פארפאסער פון א גוטער קריטישער ארבייט, נאר־וואס אפגעדרוקט, וועגען דעם איינפלוס פון די מערב־אייראפעאישע ראמאנען אויף דער רוסישער נאוועלע). זיינע באאבאכטונגען זיינען אלעמאל ריכטיגע; זיינע העלדען באטראכט ער אלעמאל פון אן ערליכען פראגרעסיווען שטאנדפונקט, און זיינע נאוועלען שפיגלען אלעמאל אפ גוט און ריכטיג די טענדענצען, וואס הערשען אין א געגעבענעם מאמענט צווישען די רוסישע אינטעליגענטען. זיינע ראמאנען האבען דעריבער זעהר א גרויסען ווערט פאר דער געשיכטע פון רוסישען געדאנק, און זיי האבען געוויס געמוזט העלפען פילע יונגע לעזער צו קאנען זיך פאנאדערקלייבען אין די פארשיידענע פאקטען פון לעבען; אבער די פארשיידענארטיגקייט פון די שטרעמונגען, וואס זיינען פארצייכענט אין באבאריקין'ס בעלעטריסטישער כראניק, וואלטען פשוט צוטומעלט דעם מערב־אייראפעאישען לעזער.

איינינע קריטיקער האבען געטאדעלט באבאריקינ'ען, פאר וואס ער האט ניט גענוג אפגעשיידט די וויכטיגע פאקטען פון לעבען, וועלכע ער האט באשריבען, פון די צופעליגע אדער בלויז צייטווייליגע; אבער אט די באשולדיגונג איז קוים א גערעכטע. זיין הויפט פעהלער, ווי מיר דוכט, באשטעהט אין דעם, וואס דער לעזער פיהלט כמעט גארניט די אינדיווידואליטעט פון דעם פארפאסער. עס ווייזט זיך אוים, ווי ער צייכענט אן פאר די לעזער א קאלײדאסקאפ פון לעבען, ניט געמענדיג אליין קיין אנטייל אין זיינע העלדען און ניט טיילענדיג זיך ניט מיט זייערע פריידען, ניט מיט זייערע ליידען. ער האט אויסגעלערנט און פאלשטענדיג גוט באאבאכטעט די פערזאנען, וואס ער באשרייבט; ער אורטיילט וועגען זיי ווי א קלוגער, ערפארענער מענש; אבער קיין איינער פון זיי האט אויף איהם ניט געמאכט אזא איינדרוק, אז ער זאל ווערן טיעף גערירט פון איהם. דעריבער מאכען זיינע געשילדערטע טיפען אויך ניט קיין טיפען איינדרוק אויף די לעזער.

איינער פון אונזערע זעהר פאפולערע היינטיגע שרייבער, וואס איז באגאבט מיט א גרויסען טאלאנט און איבערראשט אונז מיט

זיין פשוט - אומגלויבליכער פראדוקטיוויטעט, איז פאטאפענקא. ער איז געבארן געווארן אין 1856, אין דרום־רוסלאנד, און נאכדעם ווי ער האט א געוויסע צייט שטודירט מוזיק, האט ער אין 1881 אנגעפאנגען שרייבען; און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זיינע שפעטיגערע נאוועלען טראגען אין זיך שפורן פון צו שנעלער ארבייט, איז ער נאך אלץ א באליבטער שרייבער. צווישען די פינסטערע פארבען, וואס הערשען איצטער אין די ווערק פון די רוסישע נאוועליסטען, שטעלט פאטאפענקא פאר א גליקליכע אויס־נאם. אייניגע פון זיינע דערצעהלונגען צייכענען זיך אויס מיט א געזונטען הומאר און צווינגען די לעזער הארציג צו לאכען איבער איינעם מיט'ן פארפאסער. אבער אפילו ווען עס פעהלט אין זיין ווערק דער קאמישער עלעמענט און די פאקטען זיינען פארקערט אומעטיגע אדער אפילו טראגישע, מאכט עס אויך ניט קיין דריקענדען עפעקט — אפשר דערפאר וואס דער פארפאסער פארלאזט קיינמאל ניט זיין שטאנדפונקט פון דעם צופרידענעם אפטימיסט. אין אט דעם פרט געהט זיך פאטאפענקא פולשטענדיג פאנאנדער מיט די מערסטע שרייבער פון זיין צייט, און ספעציעל מיט טשעכאוו'ן.

## א. פ. טשעכאוו.

פון אלע היינטיגע רוסישע בעלעטריסטען איז א. פ. טשעכאוו (1860-1904) בלי ספק געווען דער אריגינעלסטער אין טיפסטען זין. ניט בלויז אין סטיל איז באשטאנען זיין אריגינא־ליטעט. זיין סטיל, ווי ביי יעדען גרויסען קינסטלער, טראגט נאטירליך דעם שטעמפעל פון זיין פערזענליכקייט, אבער ער האט קיינמאל ניט געזוכט צו איבערראשען זיינע לעזער מיט וועלכע עס איז אייגענארטיגע סטיל־עפעקטען: אזוינע קונציגע עפעקטען זיי־נען איהם זיכער געווען דערווידער, און ער האט געשריבען מיט דער־זעלביגער איינפאכקייט ווי פושקין, טורגענעוו און טאלסטאי האבען געשריבען. ער האט אויך ניט אויסגעקליבען קיין באזונדערע סוזשעטען פאר זיינע סקיצען און דערצעהלונגען, און האט ניט ארויסגעפיהרט אין זיי א וועלכען עס איז ספעציעלען קלאס מענ־שען. פארקערט, ניט פיעל פארפאסער קאנען זיך באריהמען מיט

אזא שפע פון בילדער, גענומען פון אלע קלאסען פון דער רוסישער געזעלשאפט אין אלע מעגליכע שאטירונגען און אין יעדער מעג־ליכער לאגע. און מיט דעם אלעמען האט טשעכאוו ארייגעבראכט, ווי טאלסטאי האט באמערקט, עפעס אייגענעס אין דער קונסט: ער האט אנטדעקט א נייעם קוואל ניט נאר פאר דער רוסישער לי־טעראטור, נאר פאר דער ליטעראטור בכלל, און ער געהערט דערי־בער צו אלע פעלקער. זיין נאהענטסטער קרוב איז גי דע־מאפאַ־סאן; אבער די פאמיליען־עהנליכקייט צווישען די צוויי שרייבער האלט נאר אויס אין עטליכע פון זייערע קורצע סקיצען. טשע־כאוו'ס מאַנערע, און ספעציעל די שטימונג פון אלע זיינע קורצע דערצעהלונגען און דראמען זיינען אינגאנצען זיינע אייגענע. אווי־סער דעם באמערקט מען אין די ווערק פון דיביידע שרייבער דעמ־זעלביגען אונטערשייד, וואס געפינט זיך צווישען היינטיגער פראנק־רייך און דער רוסלאנד אין דעם ספעציעלען אנטוויקלונגס־פעריאָד, וואס מיר האבען דורכגעמאכט די לעצטע צוואנציג אדער דרייסיג יאהר.

טשעכאוו'ס ביאגראפיע קאן דערצעהלט ווערן אין עטליכע ווערטער. ער איז געבאָרן געווארן אין יאהר 1860, אין טאגאנראָג, דרום־רוסלאנד. זיין זיידע איז געוועזן א פאנשטיזניק, אבער אזוי ווי ער האט געהאט אויסערגעוועהנליכע געשעפטס־פעהיגקייטען, האט ער זיך אויסגעקויפט פון זיין פריץ, און טשעכאוו'ס פאטער איז שוין געוועזן א סוחר. אלס אינגעל האט טשעכאוו באקומען א גוטע ערציהונג — צוערשט אין דער אָרטיגער גימנאזיע און שפע־טער אין מאסקווער אוניווערזיטעט. „איך האב אין יענער צייט ניט געוואוסט פיעל וועגען די פארשיידענע פאקולטעטען", האט טשע־כאוו שפעטער געשריבען אין א קורצען אויטאביאגראפישען נאטיץ, „און איך קאן זיך שוין איצטער ניט דערמאנען, פארוואס איך האב זיך ספעציעל אויסגעקליבען דעם מעדיצינישען פאקולטעט, אבער איך האב קיינמאל קיין חרטה ניט געהאט אויף דעם". קיין פראק־טיצירענדער ארצט איז ער קיינמאל ניט געווארן, נאר זיין ארבייט א יאהר צייט אין א קליינעם דאָרף־שפיטאל לעבען מאסקווע, און דיזעלביגע ארבייט שפעטער, ווען ער האט זיך פרייוויליג אנגעגע־בען אין דינסט אלס דיסטריקט־דאקטאר אין דער צייט פון דער כאלערע אין 1892, האט איהם געבראכט אין נאהענטער באריהרונג

מיט א גאנצער וועלט מענשען פון אלערליי סארטען און כאראק־טערן; און ווי ער האט אליין אמאל באמערקט, האט זיין באקאנט־שאפט מיט נאטור־וויסענשאפטען און מיט דעם וויסענשאפטליכען מעטאד פון דענקען איהם זעהר פיעל געהאלפען אין זיין שפעטער־דיגער ליטעראריש ער ארבייט.

טשעכאוו האט אנגעפאנגען זיין ליטעראַרישע קאריערע זעהר פריה. שוין אין די ערשטע יאהרן פון זיין אוניווערזיטעט־לעבען, ד. ה. אין יאהר 1879, האט ער אנגעהויבען שרייבען קורצע הומא־ריסטישע סקיצען, אונטער דעם פסעוודאנים ט ש ע כ א נ ט ע, פאר איינינע הומאריסטישע וואכענבלעטער. זיין טאלאנט האט זיך אנטוויקעלט שנעל, און די סימפאטיע, מיט וועלכער זיינע ערשטע זאמלונגען פון קורצע סקיצען זיינען אויפגענומען געווארן פון דער פרעסע, ווי אויך דער אינטערעס, וואס די בעסטע רוסישע קריטיקער (און ספעציעל מיכאילאווסקי) האבען ארויסגעוויזען פאר דעם יונגען בעלעטריסט, האבען אהן צווייפעל געהאל־פען געבען זיין שאפענדען זשעניע א מעהר ערנסטע ריכטונג. מיט יעדען יאהר ווייטער האט ער באריהרט אלץ טיפערע און מעהר קאמפליצירטע פראבלעמען פון לעבען, און אין דערזעלביגער צייט איז די פארם פון זיין שאפען געווארן אלץ פיינער און מעהר קינסט־לעריש געשליפען. ווען טשעכאוו איז געשטארבען, אין 1904, אינ־גאנצען 44 יאהר אלט, האט זיין טאלאנט שוין דערגרייכט זיין פולע אנטוויקלונג. זיין לעצטעס ווערק, א דראמע, אנטהאלט אזוינע פיינע פאעטישע שטריכען, א פאעטישע מעלאנכאליע איז אין איהם אזוי דורכגעמישט מיט דער שטרעבונג צו די פריידען פון א פולען לעבען, אז עס האט אויסגעוויזען, ווי א נייע זייט עפענט זיך אין זיין שאפונג; עס איז שוין אבער געווען באקאנט, אז די שווינד־זוכט גראבט שנעל אונטער זיין לעבען.

קיינעם האט זיך נאך ניט אזוי איינגעגעבען ווי טשעכאוו'ן צו שילדערן די דורכפאלען פון דער מענשליכער נאטור אין אונזער היינטיגער ציוויליזאציע, און באזונדערם דעם דורכפאל, דעם באנקראט פון דעם געבילדעטען מענשען אין אנגעזיכט פון דער אלץ־דורכדרינגענדער געמיינהייט פון דעם אלטעגליכען לעבען. אט די מפלה פון דעם „אינטעליגענט" האט טשעכאוו געשילדערט מיט א וואונדערבארער קראפט, פארשיידענארטיגקייט און איינדרוקספול־

קייט. און אין דעריין ליגט דער באזונדער שטריך פון זיין טאַ־לאַנט.

ווען איהר לעזט טשעכאָוו'ס סקיצען און דערצעהלונגען אין אַ כראָנאָלאָגישען סדר, זעהט איהר פון אָנהויב אַ פּאַרפאַסער, וואָס שפּרודעלט מיט לעבענס־קראַפט און איז פול מיט יוגענדליכער פרייד. די סקיצען זיינען כמעט אַלע זעהר קורצע; פילע פון זיי פאַרנעמען בלויז דריי־פיר זייטלאַך; אָבער זיי זיינען אַלע פול מיט אַ העכסט אָנשטעקענדער פרעהליכקייט. אייניגע פון זיי זיי־נען פשוטע פאַרסען, איהר קאָנט זיך אָבער, זיי לעזענדיג, ניט איינהאַלטען פון דעם הארציגסטען געלעכטער, ווארים אפילו די לעבערליכסטע און אוממעגליכסטע סקיצען זיינען אנגעשריבען מיט אַזאַ צויבער, וואָס איז אוממעגליך נאָכצומאַכען. דערנאָך, ביס־לעכווייז, גנב'עט זיך אריין אינמיטען דעם פרעהליכען געלעכטער אַ שטריכעל פון הארצלאָזער וואולגאַריטעט פון וועמען עס איז פון די פּערזאָנען פון דער דערצעהלונג — און איהר פיהלט ווי דעם פאַרפאַסערס הארץ ווערט פאַרקוועטשט פון וועהטאָג. לאַנגזאַם, ביסלעכווייז קומט אָט די נאָטע פּאַר אַלץ אָפטער און אָפטער; זי ציהט אויף זיך אַלץ מעהר און מעהר אויפמערקזאַמקייט; זי הערט אויף צו זיין צופעליג, זי ווערט אָרגאַניש — ביז צולעצט דערשטיקט זי אַלע אַנדערע אין יעדער סקיצע, אין יעדער דער־צעהלונג. סיי דער פאַרפאַסער דערצעהלט וועגען דער לייכטזיני־קייט פון אַ יונגען מאַן, וועלכער „בלויז פאַר שפּאַס" רעדט איין אַ יונג מיידעל, אז ער ליבט זי, אדער וועגען דער אפּוועזענהייט פון די איינפאַכסטע מענשליכע געפיהלען אין דער פאַמיליע פון אן אַל־טען פאַרפאַסער — אומעטום קלינגט דיזעלביגע נאָטע פון הארצ־לאָזיגקייט און געמיינהייט, דיזעלבע אָפּוועזענהייט פון די פיינערע מענשליכע געפיהלען, אדער וואָס איז נאָך ערגער, דער פולשטענדי־גער אינטעלעקטועלער און מאָראַלער באַנקראָט פון דער „אינטע־ליגענציע".

טשעכאָוו'ס העלדען זיינען ניט פון די מענשען, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געהערט קיין בעסערע ווערטער, אדער האָבען קיינ־מאָל ניט באַגריפען קיין העכערע אידעען איידער די, וועלכע געהען ארום אין די נידעריגסטע קרייזען פון די פיליסטערס. אָ, ניין, זיי האָבען געהערט אַזויגע ווערטער און זייערע הערצער האָבען

אמאָל אפילו שטארק געקלאפט ביים קלאנג פון די דאזיגע ווער־טער. אבער דאס געמיינע אלטעגליכע לעבען האָט דערשטיקט אלע אזוינע שטרעבונגען; עס איז אנגעקומען אן אפאטיע, און איצטער איז נאָר געבליבען א ניט־זיכערע עקזיסטענץ צווישען האפנונג־לאָזע געמיינהייטען. די געמיינהייט, וואָס טשעכאָוו שילדערט, פאנגט זיך אָן מיט'ן פארלירן דעם גלויבען אין די אייגענע כחות און דעם פארלירן שטופענווייז יענע אלע לויטערע האפנונגען און אילוזיעס, וואָס שאפען דעם צויבער פון יעדער טעטיגקייט; און דאן טריקענט שוין אָט די געמיינהייט אוים, טריט נאָך טריט, די סאַמע קוואלען פון לעבען: עס בלייבען צעבראָכענע האפענונ־גען צעבראָכענע הערצער, צעשטערטע כחות. דער מענש גרייכט אזא שטופע, ווען ער קאָן נאָר מעכאניש ווידערהאָלען געוויסע טואונגען פון טאָג צו טאָג, און געהט שלאפען א צופרידענער, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען ווי עס איז „דער'הרג'ענען" די צייט; ער פאלט אָט אזוי ביסלעכווייז אריין אין א פולשטענדיגער גייסטי־גער אפאטיע און מאָראלער אינדיפערענץ. דאָס ערגסטע איז, וואָס די פילפאכיגע ביישפילען פון דערדאָזיגער געמיינהייט, וועלכע טשעכאָוו ברענגט פון אלערליי שיכטען פון דער געזעלשאפט, קיינ־מאָל ניט ווידערהאָלענדיג דיזעלביגע, וואלטען אונז אזוי ווי געזאָגט, אז דאָס איז די פארפוילטקייט פון דער ציוויליזאציע פון א גאנ־צער עפאָכע, וואָס דער פארפאסער דעקט אויף פאר אונז.

רעדענדיג וועגען טשעכאָוו'ן האָט טאָלסטאָי געמאכט די זעהר ריכטיגע באמערקונג, אז ער איז איינער פון די זעהר ווייניגע שריי־בער, וואָס מען קאָן זייערע נאָוועלען איבערלעזען מיט פארגעניגען מעהר ווי איין מאָל. דאָס איז גאנץ ריכטיג. יעדע איינע פון טשע־כאָוו'ס דערצעהלונגען — מעג עס זיין א גארנישטדיגע מעשה'לע, אדער א קליינע סקיצע, אדער א קאָמעדיע — מאכט אן איינדרוק, וואָס פארגעסט זיך ניט לייכט. אין דערזעלבינער צייט ענט־האלט יעדע זאך אזא רייכע מאסע דעטאלען, אזוי פראכטפול אויסגעקליבען כדי צו פארגרעסערן דעם איינדרוק, אז ווען מען לעזט עס איבער נאָך אמאָל, פיהלט מען א נייעם פארגעניגען. טשעכאָוו איז זיכער געווען א גרויסער קינסטלער. די פארשיי־דענקייט פון מענער און פרויען־טיפען פון אלע קלאסען, וואָס קומען פאָר אין זיינע שאפונגען, און די פארשיידענאַרטיגקייט פון די פסי־

כאַלאָגישע סוזשעטען — איז באמת וואונדערבאר. און דאָך טראָגט יעדע דערצעהלונג אזא אָפּדרוק פון דער פּערזענליכקייט פון פאַר־פאַסער, אז אפילו אין דער אומבאדייטענדסטער פון זיי דערקענט איהר טשעכאָוו׳ן, מיט זיין אייגענאַרטיגער אינדיווידואַליטעט און מאַנערע, מיט זיין באַגריף פון מענשען און זאכען.

טשעכאָוו האָט קיינמאָל ניט פּרובירט שרייבען לענגערע נאָ־וועלען אדער ראָמאַנען. זיין געביט איז די קורצע סקיצע, אין וועל־כער ער איז ווירקליך געווען א מייסטער. ער נעמט זיך קיינמאָל ניט אָן צו געבען א פולשטענדיגע געשיכטע פון זיינע העלדען, פון וויגעלע ביז׳ן קבר: דאָס איז ניט דער ריכטיגער וועג פאַר א קור־צער סקיצע. ער נעמט בלויז איין מאָמענט פון זייער לעבען, בלויז איין עפּיזאָד, און ער דערצעהלט עס אזוי, אז אין דעם לעזערס זכרון בלייבט שוין אויף שטענדיג דער טיפּ פון די מענער און פרויען, וואָס ער האָט געשילדערט; און שפּעטער, ווען דער לעזער באַגעגענט א לעבעדיגען עקזעמפּלאר פון דעם טיפּ, שרייט ער ניט ווילענדיג אויס: דאָס איז דאָך טשעכאָוו׳ס איוואַנאָוו, אדער טשע־כאָוו׳ס ליעבינקע! אין דעם רוים פון וואָסערע צוואַנציג זייטלאָך, און אין די גרעניצען פון אן איינצעלנעם עפּיזאָד, ווערט פאַנאַנדער־געוויקעלט א קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגישע דראַמע — א וועלט פון געגענזייטיגע באַציהונגען. נעמט צום ביישפּיל די קורצע און איינ־דרוקספולע סקיצע: „א פּאַסירונג אין א דאָקטאָר׳ס פּראַקטיקע״. דאָס איז א מעשה, אין גרונט גענומען, גאָר אָהן האַנדלונג. מען האָט גערופען א דאָקטאָר צו א קראַנקער מיידעל, וואָס איהר מוטער איז די אייגענטימערין פון א גרויסער פּאַפּיער־פאַבריק. זיי וואוי־נען אין א רייכען הויז, האַרט לעבען פאַבריק און ארומגערינגעלט פון די ווענט פון איהרע גרויסע געביידען. די מיידעל איז א בת יחידה און די מוטער פאַרגעטערט איהר. אבער זי איז ניט גליק־ליך; אומבאַשטימטע געדאַנקען באַאומרוהיגען זי; זי ווערט דער־שטיקט אין דער ארומיגער אַטמאָספערע. איהר מוטער איז אויך אומגליקליך ווייל איהר טאַטער איז אומגליקליך, און די איינציגע גליקליכע באַשעפענים אין גאַנצען הויז איז דער מיידעלס גוווע־רנאַנטקע, וועלכע לעבט איצטער מיט זיי ווי א חבר׳טע. זי איז די איינציגע, וואָס האָט ווירקליך הנאה פון דעם רייך־אויס־געפּוצטען הויז, דעם לוקסוס און די גוטע קעסט. זיי בעטען דעם

דאקטאר בלייבען איבער נאכט, און שמועסענדיג אזוי מיט זיין פאציענטקע, וועלכע ליידט פון שלאפלאזיגקייט, זאגט ער איהר, אז זי איז גאר ניט מחויב דא צו פארבלייבען, אז א מענש מיט ווירקליך גוטע אבזיכטען קאן אלעמאל זיך אפזוכען אן ארט אויף דער וועלט, וואו ער קאן געפינען עפעס א טעטיגקייט, וואס איז איהם צום הארצען. און אויף מארגען, ווען דער דאקטאר פאהרט אוועק, געהט די מיידעל איהם באגלייטען, אנגעטאן אין א ווייס קליידעל מיט א בלימעל אין די האר. זי קוקט אויף'ן דאקטאר מיט א טיפען ערנסט, און דער לעזער טרעפט, אז זי קלערט שוין וועגען אנהויבען א נייעם לעבען. אין אט די ענגע גרעניצען פון א קליינער דערצעהלונג האט איהר פאר זיך א גאנצע וועלט פון א צוועקלאזען פיליסטערישען לעבען, א לעבען אויף דער פאבריק, און א וועלט פון נייע שטרעבונגען, וואס רייסט זיך אריין אין אט דעם לעבען און ווערט געשטיצט פון דרויסען. איהר לעזט דאס אלץ אין איין קליינעם עפיזאד. איהר זעהט מיט א וואונדערבארער קלארקייט די דריי הויפט פערזאנען, אויף וועלכע דער פארפאסער האט א קורצע וויילע געווארפען א ליכט. און אין די נעפעלדיגע שטריכען, וועלכע איהר שטעלט זיך מעהר פאר איידער איהר זעהט זיי, אויף'ן הינטערגרונד פון בילד ארום דער העל־באלויכטענער גרופע, ענטדעקט איהר א גאנצע וועלט פון קאמפליצירטע מענש־ליכע באציהונגען, אי אין דעם איצטיגען מאמענט, אי אין די שפע־טיגערע צייטען. נעמט עפעס אוועק פון דער קלארקייט פון די באלויכטענע פיגורען, אדער גיט צו מעהר בולטע שטריכען דעם הינטערגרונד — און דאס בילד וועט ווערן פארדארבען.

אט אזוי זיינען כמעט אלע טשעכאוו'ס סקיצען. אפילו ווען זיי פארנעמען פופציג אדער זעכציג זייטען, האבען זיי אויך דעם־זעלבינען כאראקטער.

טשעכאוו האט אנגעשריבען עטליכע סקיצען פון פויערשען לעבען. אבער דאס פויערשע און דארפס־לעבען איז ניט געווען זיין ריכטיגע ספערע. זיין אמת'ער געביט איז די וועלט פון „אינטע־ליגענטען" — דער געבילדעטער און האלב־געבילדעטער טייל פון דער רוסישער געזעלשאפט — און אט די וועלט קען ער ביז צו פאלקאמענהייט. ער ווייזט זייער באנקראט, זייער אומפעהיג־קייט צו לייזען די גרויסע היסטארישע פראבלעמען פון באנייאונג

וואס איז אויסגעפאלען אויף זייער חלק, און די געמיינהייט און וואולגאריטעט פון טעגליכען לעבען, אונטער וועלכע א גרויסע צאל זייערע ווערט פארזונקען. זינט גאגאל'ס צייטען האט קיין שרייבער אין רוסלאנד ניט געשילדערט אזוי וואונדערבאר ריכטיג די מענשליכע געמיינהייט אין איהרע אלע פארשיידענארטיגע זייטען. אבער, וואס פאר אן אונטערשייד עס איז פונדעסטוועגען צווישען אט די צוויי שרייבער! גאגאל האט דערהויפט געמאלען די אויסערליכע געמיינהייט, וואס ווארפט זיך אין די אויגען, און ווערט אפטמאל פשוט א פארס, וועלכע רופט דעריבער ארויס אין די מעהרסטע פאלען א שמייכעל אויפ'ן פנים אדער מאכט אייך לאכען. אבער געלעכטער איז אלעמאל שוין א טריט צו מאכען שלום דערמיט. טשעכאוו האט אין זיינע ערשטע שאפונגען אויך געמאכט אייך לאכען, אבער וואס עלטער ער ווערט און קוקט ערנסטער אויפ'ן לעבען, פארשווינדט דער געלעכטער. עס בלייבט נאך אפילו א פיינער הומאר, איהר פיהלט אבער, אז די פארמען פון געמיינהייט און פיליסטערטום, וואס ער שילדערט איצטער, רופען ארויס אין איהם גופא ניט קיין שמייכעל, נאר א הארץ וויי־טאג. דער „טשעכאוושער צער“ איז פונקט אזוי פיעל כאראקטעריסטיש פאר זיינע שאפונגען, ווי דער טיפער קנייטש צווישען די ברעמען אויף זיין גוטמוטיג געזיכט מיט די לעבעדיגע פארטראכטע אויגען. נאך מעהר, די געמיינהייט, וואס טשעכאוו שילדערט, איז א סך טיפער איידער די, וואס גאגאל האט געקענט. אין דער טיפעניש פון דער נשמה פון דעם היינטיגען געבילדעטען מענשען קומען פאר טיפערע קאנפליקטען, וועגען וועלכע גאגאל, זיבעציג יאהר צוריק, האט גארנישט געוואוסט. „טשעכאוו'ס צער“ איז אויך פון א מעהר עמפינדליכען און ראפינירטערן כאראקטער איידער די „פארשטיקטע טרערן“ פון גאגאל'ס סאטירע.

טשעכאוו האט בעסער פארשטאנען איידער אלע רוסישע בעלעטריסטען דעם גרונט פעהלער פון יענער מאסע רוסישע אינטעליגענטען, וועלכע זעהן גאנץ גוט די פינסטערע זייטען פון רוסישען לעבען, נאר האבען ניט קיין ווילענסקראפט און אפפערווילינגקייט אנצושליסען זיך אן דעם הייפעל יונגע מענשען, וועלכע וואגען טהעטיג צו קעמפען אנטעקגען דאס בייזע. אין דעם פרט קען מען אוועקשטעלען אין איין רייה מיט טשעכאוו'ן בלוי

גאך איין שרייבער — און דער שרייבער איז געווען א פרוי (ח ו ו א ש ט ש י נ ס ק א י א („קרעסטאָווסקי" פסעוודאָנים"). טשעכאָוו האָט געוואוסט, און נאָך מעהר ווי געוואוסט — ער האָט געפיהלט מיט יעדען נערוו פון זיין פּאָעטישער נאַטור — אז די אמת'ע קללה פון דעם רוסישען אינטעליגענט, מיט דער אויסנאַם פון א הייפעל שטאַרקערע מענער און פרויען, איז די שוואַכקייט פון זיין ווילען, די אפּוועזענהייט פון שטאַרקע, ליידענשאַפטליכע פאַרלאַנגען. אפשר האָט ער עס געפיהלט אין זיך אליין אויך. ווען מען האָט איהם אמאָל אין א בריעף געפרעגט (אין 1894), וואָס דאַרף א רוסישער מענש וועלען היינטיגען טאָג? האָט ער אָנגעשריבען: „אָט איז מיין ענטפער: וועלען! מעהר ווי אלץ דאַרף ער וועלען — האָבען א שטאַרקען כאַראַקטער. אונז האָט שוין גענוג דערעסען אָט די קלאַגמוטערישע פאַרמלאָזיגקייט".

אָט די אפּוועזענהייט פון שטאַרקע פאַרלאַנגען און די ווילענסשוואַכקייט האָט ער געשילדערט נאָכאַנאַנד און אומאויפהערליך אין די פּערזאָנען פון זיינע העלדען. אבער אָט די נייגונג צו מאָלען אַזוינע כאַראַקטערן איז ניט געווען בלויז א צופאַל פון זיין טעמפּעראַמענט. דאָס איז געווען א דירעקטער פּראָדוקט פון דער עפּאָכע, אין וועלכער ער האָט געלעבט.

טשעכאָוו, ווי מיר האָבען געזעהן, איז געווען 19 יאָהר אלט, ווען ער האָט אנגעפאַנגען צו שרייבען אין 1879. ער געהערט, הייסט עס, צו יענעם דור, וואָס האָט געמוזט פאַרברענגען זיינע בעסטע יאָהרן אונטערן דרוק פון אַזא רעאַקציע, וועלכע האָט איבערגעשטיגען אלץ וואָס רוסלאַנד איז זיך אויסגעשטאַנען אין די לעצטע פופציג יאָהר. מיט דעם טראַגישען טויט פון אלעקסאַנדער דעם צווייטען און דעם ארויפשטייגען אויפ'ן טראָן פון זיין זון, אלעקסאַנדער דעם דריטען, איז א גאַנצע עפּאָכע — אַן עפּאָכע פון פּראָגרעסיווער ארבייט און לויטערע האָפענונגען — ענדגילטיג אפּגעשלאָסען געוואָרן. אלע געהויבענע אנשטרייגונגען פון יענעם יונגען דור, וואָס איז ארויפגעשטיגען אויף דער פּאָליטישער ארענא אין די 70יגער יאָהרן, און וואָס האָט געמאַכט פאַר זיין לאָזונג דעם סימבאָל: „זיי מיט'ן פאָלק!", האָבען זיך געענדיגט מיט א פאַרביטענדער נידערלאַגע, און די קרבנות פון דער דאָזיגער באַוועגונג זייגען געזעסען אין די קרעפּאָסטען און טורמעס אָדער זיינען גע־

וועז פארוואָרפען אין די ווייטע ווינקלען פון סיביר. נאָך, מעחר,
אלע גרויסע רעפאָרמען, איינשליסענדיג די אפשאפונג פון פאנש־
טשיזנע, וועלכע זיינען פארווירקליכט געוואָרן אין די 60יגער יאָהרן,
אין דעם דור פון הערצען, טורגענעוו און טשערנישעווסקי, האָבען
איצט אנגעהויבען באהאנדעלט צו ווערן ווי טעותן, פון די רעאק־
ציאָנערע עלעמענטען, וואָס האָבען זיך גרופירט ארום אלעקסאנ־
דער דעם דריטען. קיינמאָל וועט א מערב־אייראפעאישער ניט
פארשטעהן די טיפע פארצווייפלונג און דעם האָפנונגסלאָזען אומעט,
וואָס האָט ארומגעכאפט דעם געבילדעטען טייל פון דער רוסישער
געזעלשאפט אין פארלויף פון די נעקסטע צעהן אדער צוועלף יאָהר
נאָך דער דאָזיגער נידערלאגע, ווען ער איז געקומען צום שלום,
אז ער האָט ניט בכח בייצוקומען די אינערציע פון די מאסען, אדער
צו ווירקען אזוי אויף דעם גאנג פון דער געשיכטע, עס זאָל פאר־
שאָטען ווערען דער גראָבען צווישען זיינע הויכע אידעאלען און
דער הארצרייסענדער ווירקליכקייט. אין אָט דעם פרט זיינען „די
אכציגער יאָהרן” אפשר געווען דער פינסטערסטער פעריאָד, וואָס
רוסלאנד האָט דורכגעלעבט פאר די לעצטע הונדערט יאָהר. אין די
פופציגער יאָהרן האָט די אינטעליגענציע וועניגסטענס געהאט א
האָפענונג אויף איהרע כחות אין דער צוקונפט; איצטער האָט זי
אפילו אָט די האָפענונגען פארלאָרן. טשעכאָוו האָט אָנגעהויבען
שרייבען אקוראט אין אָט דער פינסטערער צייט; און אזוי ווי ער
איז געווען אן אמת'ער פּאָעט, וועלכער פיהלט און רופט זיך אָפּ
אויף די שטימונגען פון'ם מאָמענט, איז ער געוואָרן דער מאלער
פון אָט דעם צוזאמענברוך — פון דער נידערלאגע פון דער אינטע־
ליגענציע, וואָס איז געהאנגען ווי א בייזער חלום איבער דעם קול־
טורעלען טייל פון דער רוסישער געזעלשאפט. און ווידער, זייענ־
דיג א גרויסער פּאָעט האָט ער געמאָלען די אלדורכדרינגענדע פי־
ליסטערשע געמיינהייט אין אזוינע שטריכען, אז זיין בילד האָט
ניט נאָר א קינסטלערישען, נאָר אויך א גרויסען היסטאָרישען ווערט.
ווי אויבערפלעכליך, אין פארגלייך מיט טשעכאָוו'ס בילדער, ווייזט
זיך ארויס דער פיליסטערטום, וואָס זאָלא האָט געשילדערט! אבער
אפשר ווייס גאָרניט פראנקרייך פון יענער קראנקהייט, וועלכע
האָט דאָ אויסגענאָגט די מאָרך פון די ביינער פון דער רוסישער
אינטעליגענציע.

מיט דעם אלעם איז טשעכאָוו פונדעסטוועגען בשום אופן ניט קיין פעסימיסט אין דעם ריכטיגען זין פון וואָרט. ווען ער וואָלט דערגאנגען ביז צו פארצווייפלונג, וואָלט ער באטראכט דעם באַנ־קראָט פון דער אינטעליגענציע ווי א פאַטאַלע אומפארמיידליכ־קייט. ער וואָלט זיך געטרייסט מיט אזא חלשות־ווערטיל, ווי צום ביישפיל „פען דע סיעקל". אבער טשעכאָוו האָט ניט געקאָנט געפינען קיין באפרידיגונג אין אזוינע ווערטלאך, ווייל ער האָט פעסט געגלויבט, אז א בעסערער לעבען איז מעגליך — און וועט קומען. „פון קינדווייז אָן", האָט ער געשריבען אין אן אינטימען בריף, „האָב איך געגלויבט אין פּראגרעס, ווארים דער אונטער־שייד צווישען דער צייט, ווען מען האָט מיך געשמיסען, און ווען מען האָט אויפגעהערט — איז געווען אומגעהויער גרויס".

טשעכאָוו האָט אויך אנגעשריבען פיר דראמען — „איוואנאָוו", „אַנקעל וואניא", „דריי שוועסטער" און „דער קארשען־בוים גארטען" — וועלכע באווייזען קלאָר, ווי זיין גלויבען אין א בעסערער צו־קונפט איז געוואקסען אין איהם מיט זיין וואוקס אין יאָהרען. אי־וואנאָוו, דער העלד פון זיין ערשטער דראמע, איז א פערזאָניפי־קאַציע פון דער געפאלענקייט פון דעם „אינטעליגענט", וואָס מיר האָבען נאָר־וואָס גערעדט פון איהם. ווען עס איז אמאָל האָט ער געגלויבט אין הויכע אידעאלען, און ער רעדט נאָך איצט אויך וועגען זיי, און דעריבער טאקע איז סאשא, א מיידעל מיט גרויס־אַרטיגע שטרעבונגען — איינע פון יענע פיינע אינטעלעקטועלע טיפּען, וואָס טשעכאָוו ווייזט זיך ארויס אין זייער שילדערונג אלס דער אמת'ער יורש פון טורגענעוו'ן — פארליבט אין איהם. אבער איוואנאָוו ווייס ביי זיך אליין, אז ער איז שוין אויסגעשפּילט, אז דאָס מיידעל ליעבט אין איהם דאָס, וואָס ער איז שוין ניט מעהר, אז דער הייליגער פייער איז ביי איהם בלויז אן עראינערונג פון די בעסערע יאָהרען, וואָס וועלען זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען; און בעת די דראמע גרייכט איהר קולמינאציאָנס פונקט — ווען ער דאַרף פאָהרען חתונה האָבען מיט סאשא'ן, דערשיסט ער זיך. דער פעסימיזם טריאומפירט.

„אַנקעל וואניא" ענדיגט זיך אויך אויף א זעהר דערדריקענ־דען אופן; אבער אין איהם לייכט זיך שוין דורך א פונק האָפע־נונג. אין דער דראמע דעקט זיך אויף נאָך א מעהר פאַלשטענ־

דיגער צוזאמענברוך פון דער „אינטעליגענציע" — דאָס מאָל אין
דער פערזאָן פון איינעם פון איהרע הויפט פאָרשטעהער, א פּראָ־
פעסאָר, דעם גאָט פון זיין פאמיליע. אלע אין דער פאמיליע האָ־
בען אוועקגעגעבען זייער לעבען פאר איהם, אבער ער אליין, וואָס
האָט זיין גאנצען לעבען פארבראכט אין שרייבען לויב־געזאנגען
פאר די הייליגע אויפגאבען פון דער קונסט, איז געבליבען אין זיין
פערזענליכען לעבען א פולשטענדיגער עגאיסט. דער סוף אבער פון
אָט דער דראמע איז אנדערש. דאָס מיידעל סאָניא, וואָס איז א
פּאָר מיט סאשא'ן (אין „איוואנאָוו"), — איינע פון די, וואָס האָ־
בען זיך געאָפּפערט פאר'ן פּראָפעסאר — בלייבט כמעט די גאנצע
צייט אין הינטערגרונד פון דער דראמע, ביז ערשט גאָר צום סוף
באווייזט זי זיך אין אן אָרעאָל פון ענדלאָזער ליבע. דער מאָן,
וואָס זי האָט איהם ליבע, נעגלעזשירט זי. דער דאָזיגער ענטוזי־
אסט וויל בעסער דעם פּראָפעסאָר'ס צווייטע ווייב — א שעהנע
פרוי — איידער סאָניא'ן, וועלכע איז נאָר איינע פון יענע אר־
בייטערקעס, וואָס ברענגען אריין לעבען אין דער פינסטערניש פון
רוסישען דאָרף, העלפענדיג די פינסטערע פויערשע מאסע אין איהר
שווערן קאמף פאר עקזיסטענץ.

די דראמע ענדיגט זיך מיט א הארצרייסענדען מוזיקאלישען
אקאָרד, אין וועלכען עס גיסען זיך צונויף איבערגעבענקייט און
זעלבסטאָפּפערונג פון סאָניא'ן מיט איהר אָנקעל. „וואָס קאָן מען
מאכען? — זאָגט סאָניא — מיר וועלען לעבען, אָנקעל וואניא.
מיר וועלען איבערלעבען א לאנגע־לאנגע רייה טעג און לאנגע נעכט;
מיר וועלען געדולדיג אריבערטראגען די ליידען, וואָס דער שיק־
זאל וועט אויף אונז אָנשיקען; מיר וועלען ארבייטען פאר אנדערע
אי איצטער, אי אויף דער עלטער, און קיינמאל ניט וויסען פון רוה;
און ווען אונזער שטונדע וועט קומען, וועלען מיר שטארבען אָהן
פארדרוס, און דאָרטען, אויף יענער זייט קבר וועלען מיר זיך אויס־
רוהען!"

אין סאָניא'ס פארצווייפלונג לויכט פונדעסטוועגען א שטראהל
פון טרויעריגער האָפנונג. ביי איהר איז נאָך פארבליבען דער
גלויבען אין איהר פעהיגקייט צו ארבייטען, אין איהר גרייטקייט
צו ארבייטען, ווען אפילו די דאָזיגע ארבייט וועט איהר ניט ברענ־
גען קיין פערזענליכען גליק.

אבער אין דעם ערך, ווי דאָס רוסישע לעבען ווערט וועניגער פינסטער; אין דעם ערך, ווי די האָפענונגען אויף א בעסערער צוקונפט פאר אונזער לאנד הויבען אָן צו שפּראָצען פון דאָס ניי, אין דער יונגער באוועגונג צווישען די ארבייטער קלאסען פון די אינדוסטריעלע צענטערס, און די געבילדעטע יוגענד רופט זיך גלייך אָפּ אויף זייער רוף; אין דעם ערך, ווי די אינטעלעגענציע האָט ווידער גענומען אויפלעבען, גרייט זיך צו אָפּפערן, כדי אויסצור־קעמפען פרייהייט פאר'ן גאנצען רוסישען פאָלק — האָט טשעכאָוו אויך אָנגעהויבען קוקען אויף דער צוקונפט מיט א געוויסער האָפ־נונג און אָפּטימיזם. דער „קארשען־בוים גאָרטען" איז געווען זיין לעצטען שוואַנען־געזאַנג, און אין די שלום־ווערטער פון אָט דער דראמע קלינגט שוין א נאָטע, וואָס איז פול מיט האָפענונג אויף א בעסערער צוקונפט. דער קארשען־בוים גארטען, וואָס האָט גע־הערט צו אָן אַלטער פריצישער פאמיליע, און איז געווען א צויבער־גאָרטען, ווען די קארשען האָבען געבליהט און די נאכטיגאלען האָבען געזונגען אין זיינע קוסטעס, ווערט איצט אויסגעהאַקט אָהן רחמנות פון דעם געלט מאכער, דעם בורזשואַ. איהם געהט ניט דעראָן, ניט די פּאָעזיע פון דעם בליהענדען גאָרטען, ניט דער גע־זאַנג פון די נאָכטיגאַלען — אַלץ וואָס ער דאַרף, איז די קלינגערס. אָבער טשעכאָוו זעהט וואָס עס וועט זיין ווייטער אין דער צו־קונפט: ער זעהט ווי דער הויף געהט ווידער אריבער אין נייע הענט, און אנשטאָט דעם אלטען וועט אויפגעוואקסען א נייער גאָרטען — א גאָרטען, אין וועלכען אלע וועלען געפינען א נייעם גליק אין א נייער סביבה. מענשען, וועלכע האָבען דעם גאנצען לעבען געלעבט נאָר פאר זיך, וואָלטען קיינמאָל ניט געקאָנט פלאַנ־צען אזא גאָרטען; אבער באלד וועט קומען דער טאָג, ווען דאָס וועט געטאָן ווערן פון אזוינע מענשען ווי אַניאַ, די העלדין, און איהר פריינד, דער „אייביגער סטודענט"...

טשעכאָוו'ס איינפלוס, ווי טאָלסטאָי האָט באמערקט, וועט בלייבען, און ניט נאָר אויף רוסלאנד אליין. ער האָט געבראכט די קורצע דערצעהלונג צו אזא פאלקאמענהייט אלס איינער פון די מיטלען קינסטלעריש צו מאָלען דאָס מענשליבע לעבען, אז מען קאָן איהם באטראכטען אלס א רעפאָרמאטאָר פון אונזערע ליטעראַרישע פאָרמען. אין רוסלאנד האָט ער שוין א היפּשע צאָהל נאָכפאָלגער,

וועלכע קוקען אויף איהם ווי אויף דעם שאפער פון א נייער שוהלע. צי ווען זיי אבער אויך האבען דעמזעלביגען פאעטישען געפיהל ווי זיינעם, דיזעלביגע באצויבערענדע אייטימקייט אין דעם אופן פון דערצעהלען דעם ספור המעשה, דיזעלביגע אייגענארטיגע פארם פון ליבע צו דער נאטור, און דערהויפט, די שעהנקייט פון דעם טשעכאוו'שען שמייכעל אין טרערן? — און דאס זיינען דאך אלע אייגענשאפטען, וואס קאנען ניט אפגעטיילט ווערן פון טשעכאוו'ס פערזענליכקייט.

וואס איז שייך זיינע דראמען, זיינען זיי די ליבלינג־פיעסעס אויף דער רוסישער ביהנע סיי פון די הויפטשטעדט, סיי פון דער פראווינץ. זיי זיינען אויסגעצייכענט צוגעפאסט צו דער ביהנע און מאכען א טיפען איינדרוק. ווען זיי ווערן געשפילט פון אזא גרויסארטיגער טרופע, ווי די אקטיארן־טרופע פון מאסקווער קונסט־טעאטער, זיינען זיי די הויפט פאסירונג פון דעם דראמאטישען סעזאן.

אין רוסלאנד איז טשעכאוו געווען אפשר דער פאפולערסטער פון די אינגערע שרייבער. רעדענדיג נאר ווענען די לעבענדע שריי־בער, ווערט ער געשטעלט גלייך נאך טאלסטאי, און זיינע ווערק ווערן אומגעהויער פיל געלעזען. באזונדערע זאמלונגען פון זיינע סקיצען, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארן אונטער פארשיידענע טיטלען („בין השמשות", „אומעטיגע מענשען" א. א. וו.), האבען אויסגעהאלטען פון צעהן ביז פערצעהן אויפלאגען, און א פאל־שטענדיגע זאמלונג פון זיינע ווערק (אין 10 און 14 בענד) האט זיך פארקויפט אין אן אומגעהויערער צאהל עקזעמפלארן. די 14 בענדיגע אויסגאבע, וואס א אילוסטרירטער זשורנאל האט געגעבען אלס פרעמיע, האט זיך אין איין יאהר פארשפרייט אין העכער ווי 200,000 עקזעמפלארען.

אין דייטשלאנד האט טשעכאוו געמאכט א טיפען איינדרוק; זיינע בעסערע סקיצען זיינען איבערזעצט געווארן מעהר ווי איין מאל, אזוי אז איינער פון די הויפט קריטיקער אין בערלין האט אנומעלט אויסגעשריען: „טשעכאוו, אונד קיין ענדע!" ער הויבט אויך אן ווערן זעהר פאפולער אין איטאליע. און אויסער רוסלאנד זיינען דאך בלויז זיינע סקיצען באקאנט; זיינע דראמען זיינען צו־פיל „רוסיש", און זיי וואלטען קוים געקאנט מאכען א טיפען איינ־

דרוק אויף די צוהערער אין אנדערע לענדער, וואו אזוינע דראמען פון אינערליכע ווידערשפרוכען זיינען ביי זיי נים קיין כאראקטע־ריסטישער שטריך פון לעבען.

אויב אין דער אנטוויקלונג פון געזעלשאפטען איז דא א וועל־כע עס איז לאגיק, האט אזא שרייבער ווי טשעכאוו געדארפט ער־שיינען איידער די ליטעראטור האט געקאנט נעמען א נייע ריכ־טונג, און ארויסברענגען די נייע טיפען, וואס שפראצען שוין ארוים אין לעבען. יעדענפאלס, עס האט זיך געפאדערט מען זאל זאגען א שטארקען ווארט ביים געזעגענען זיך, און דאס איז, וואס טשעכאוו האט געטאן.

ענדע

פעטער קראפאטקין

# געזאַמעלטע שריפטען

## די פאריזער קאמונע
(1886)

## די פאריזער קאמונע

## די נאַציאָנאַלע פראַגע

איבערזעצט פון פערלמאַן

ארויסגעגעבען פון דער
קראפאטקין ליטעראַטור געזעלשאפט
ניו יאָרק, 1923

# די פאריזער קאמונע

## 1 — דער פלאץ פון דער קאמונע אין דער אנטוויקלונג פון סאציאליזם.

דעם 18־טען טאג פון חודש מערץ, 1871, האט דאס פאלק פון פאריז זיך אויפגעהויבען קעגען א רעגירונג, וואס איז געווען פאר־האסט און פאראכט, און פראקלאמירט די פרייהייט און זעלבסט־שטענדיקייט פון דער שטאט.

אט־די אפשאפונג פון דער צענטראלער מאכט איז פארגעקו־מען אהן געוועהנליכע בינע־עפעקטען פון א רעוואלוציע, אהן שיסע־ריי פון קאנאנען און אהן בלוטפארגיסונג אויף באריקאדען. ווען דאס באוואפענטע פאלק איז ארויס אויף די גאסען, זיינען די הערשער אנטלאפען, די סאלדאטען האבען פארלאזען די שטאט און די ציוויל־באאמטע האבען אין גרוים איילעניש זיך צוריקגעצויגען קיין ווערסאיל, מיטנעמענדיג מיט זיך אלץ, וואס זיי האבען נאר גע־קאנט.

די רעגירונג איז אויסגעדעמפט געווארן, ווי א שטייענדיג וואסער אין א פרילינג־ווינטעל, און דעם 19־טען מערץ האט די שטאט פאריז זיך שוין געפונען פריי פון דעם קויט, וואס האט זי פאראומרייניגט, נישט פארלירענדיג דערביי קיין איין טראפען בלוט פון איהרע קינדער. און דאך איז די ענדערונג, וועלכע איז פאר־געקומען אויף אט־אזא אופן, געווען אן אנהויב פון א נייער עפאכע אין יענער לאנגער רייהע רעוואלוציעס, וואס פיהרן די פעלקער פון שקלאפעריי צו פרייהייט. אונטער דעם נאמען „די פאריזער קאמו־נע" איז געבוירן געווארן א נייע אידעע, וועלכער עס איז באשערט געווען צו ווערן דער אויסגאנגס־פונקט פאר די צוקינפטיגע רעוואַ־לוציעס.

ווי דאס קומט שטענדיג פאר אין אזא פאל, איז די דאזיגע פרוכטבארע אידעע נים געווען דער פראדוקט פון אן אינדיווי־

דועלען מארד, די המצאה פון עפעס א פילאזאף; זי איז געבוירן נעווארן פון דעם קאלעקטיווען גייסט, זי איז ארויסגעקומען פון דעם הארץ פון א גאנצער געמיינדע. אבער אין אנהויב איז זי נאך נעווען ניט קלאר, און פילע פון די, וואס זיינען דורך איהר אנגע־טריבען געווארן צו טעטיגקייט און האבען פאר איהר אוועקגע־געבען זייערע לעבענס, האבען ניט געקוקט אויף איהר אין דעם ליכט, אין וועלכען מיר זעהען זי איצט. זיי האבען ניט באגריפען די פולע באדייטונג פון דער רעוואלוציע, וועלכע זיי אליין האבען אנגעהויבען, אדער די פרוכטבארקייט פון דעם נייעם פרינציפ, וועלכען זיי האבען זיך באמיט צו פארווירקליכען. ערשט נאכדעם, ווי זיי האבען אנגעהויבען אנווענדען איהם במעשה, האט זיין באַ־דייט פאר דער צוקונפט לאנגזאם גענומען ווערן קלאר פאר זיי; ערשט נאכדעם, ווי דער נייער פרינציפ איז גרינדליך אויפגעפאסט געווארן, איז ער געווארן א באשטימטער און דייטליכער באגריף און איז אויפגענומען געווארן אין זיין גאנצער קלארקייט, שעהנקייט, גערעכטיגקייט און אין דער גאנצער וויכטיגקייט פון זיינע רעזול־טאטען.



אין פארלויף פון די פינף אדער זעקס יאהר פאר דער ק א־מ ו נ ע האט דער סאציאליזם אנגענומען א נייע ווענדונג אין דער אויסברייטונג און אין דעם שנעלען וואוקס פון דער אינטערנאציא־נאלער ארבייטער־אסאציאציע. די ארבייטער פון איראפע זיינען זיך צונויפגעקומען אין די לאקאלע פאראיינען און אויף די אלגע־מיינע קאנגרעסען פון דעם ראזיגען „אינטערנאציאנאל" און הא־בען זיך בעראטען איינע מיט די אנדערע וועגען דער סאציאלער פראגע אויף אן אופן, וואס זיי האבען פאר דעם דאס נאך קיינמאל ניט געטאן. פאר די, וואס האבען געזעהן, אז די סאציאלע רע־וואלוציע איז אומפארמיידליך, און זיינען געווען שטארק טעטיג צוצוגרייטען דעם בארען פאר איהר, איז געשטאנען איין פראגע, וואס האט דרינגליכער פון אלע אנדערע געפאדערט אן ענטפער. די היינטיגע אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע וועט ארויפ־צווינגען אויף אונזער געזעלשאפט א גרויסע עקאנאמישע רעוואַ־לוציע; די ראזיגע רעוואלוציע וועט אפשאפען פריוואט־אייגענטום

וועט פארגעמיינשאפטליכען דאס גאנצע אייגענטום, וואס איז אנגעזאמעלט געווארן פון די פריערדיגע דורות; אבער וועלכע פארם פון פאליטישער גרופירונג וועט זיך צום בעסטען פאסען פאר אט־די ענדערונגען אין אונזער עקאנאמישען סיסטעם?" „די גרופירונג מוז ניט זיין בלויז א נאציאנאלע", — האט געענטפערט די אינ־טערנאציאנאלע ארבייטער אסאסיאציע, — „זי מוז זיך אויסברייטען אריבער אלע קינסטליכע לאנד־גרעניצען". און אט־דער גרויס־ארטיגער געדאנק איז באלד אריינגעדרונגען טיף אין די הערצער פון די פאלקס־מענשען און האט זיך באפעסטיגט אין זייערע מוחות. הגם דער דאזיגער געדאנק איז זינט דעמאלט גע'רודפ'ט געווארן דורך די פאראייניגטע קרעפטען פון כל המינים רעאקציאנערן, איז ער פונדעסטוועגען נאך אלץ לעבעדיג; און ווען די שטים פון די רעבעלישע פעלקער וועט אוועקשארן די שטערונגען צו זיין אנטוויקלונג, וועט ער ווידער ערשיינען און נאך שטארקער ווי ווען עס איז פריהער.

אבער נאכדעם ווי די דאזיגע גרויסע אידעע פון אן אינטער־נאציאנאלער פאראייניגונג איז שוין אנגעצייכענט געווארן, איז נאך אלץ פארבליבען אויסצוגעפינען, וואס עס זאלען זיין די באשטאנד־טיילען פון דער וועלט־פעדעראציע. אויף דער דאזיגער פראגע זיינען געגעבען געווארן צוויי ענטפערס, וואס יעדערער פון זיי איז אן אויסדרוק פון א באזונדערן געדאנקען־גאנג. איין ענטפער איז געווען: „ד ע ר פ א ל ק ס ־ ש ט א ט"; דער אנדערער: „א נ א ר כ י ע". די דייטשע סאציאליסטען האבען געהאל־טען, אז די מלוכה דארף איבערנעמען אלע אנגעזאמעלטע רייכ־טימער און זיי איבערגעבען צו די ארבייטער־אסאסיאציעס; אויך ארגאניזירן די פראדוקציע און דעם אויסטויש, און בכלל אויפפאסען אויפ'ן לעבען און טעטיקייט פון דער געזעלשאפט.

די סאציאליסטען פון דער לאטיינישער ראסע, וועלכע זיינען רייך אין רעוואלוציאנערער ערפארונג, האבען דערויף געענטפערט, אז עס וואלט געווען א נס, ווען אזא מלוכה וואלט גאר ווען־עס־איז געקאנט עקזיסטירן; און ווען דאס וואלט אפילו מעגליך געווען, וואלט עס זיכער געווען די ערגסטע טיראניי. דער דאזיגער אידעאל פון אן אלמעכטיגען און וואוילטעטיגען שטאט, — האבען זיי געזאגט, — איז בלויז א קאפיע פון דער פארגאנגענהייט, און זיי

האבען אקעגען איהם אוועקגעשטעלט א נייעם אידעאל: א נ א ר כ י ע, ד.ה. די פולשטענדיגע פארניכטונג פון דעם שטאט און א סאציאלע ארגאניזאציע פונ'ם איינפאכען ביז צום קאמפליצירטען דורך א פרייער פעדעראציע פון פאלקס־גרופען פון פראדוצירער און פארברויכער. עס האט ניט לאנג גענומען ביז וואנען אפילו די מעהר ליבעראל־געזאנענע שטאט־סאציאליסטען האבען צוגעגעבען, אז אנארכיע איז אודאי א פיעל בעסערע פארם פון ארגאניזאציע, ווי די, צו וועלכער עס שטרעבען די שטאט־סאציאליסטען. „אבער דער אנארכיסטישער אידעאל, — האבען זיי געזאגט, — איז אזוי וויים פון אונז, אז מיר קאנען איצט זיך ניט פארנעמען מיט איהם".

אין דערזעלביגער צייט איז אבער אויך געווען אמת, אז די אנארכיסטישע טעאריע האט זיך גענויטיגט אין עפעס א קורצער און קלארער פארם פון אויסדרוק, אין עפעס א פארמעל, צוגלייך אי איינפאך אי פראקטיש, וואס זאל אויף א דייטליכען אופן ווייזען איהר אויסגאנג־פונקט, איבערגעבען קאנקרעט איהר גאנצען אינהאלט און אנדייטען, אז זי שטיצט זיך אויף א טענדענץ, וואס עקזיסטירט באמת צווישען פאלק. א פעדעראציע פון ארבייטער־פאראיינען און גרופען פון קאנסומירער, אהן לאנד־גרעניצען און גאנץ אומאפהענגיג פון די עקזיסטירענדיגע שטאטען, האט אויסגע־זעהן צו זיין א צו אומקלארער באגריף; און אויסער דעם איז עס געווען לייכט צו זעהן, אז דאס האט ניט געקאנט פאלשטענדיג באפרידיגען אלע אומענדליך־פארשיידענארטיגע מענשליכע פאדע־רונגען. עס האט זיך געפאדערט א קלארערע פארמעל, אזא, וואס זאל קאנען לייכטער פארשטאנען ווערן, אזא, וואס זאל האבען א פעסטען פונדאמענט אין דעם רעאלען לעבען. ווען עס וואלט זיך דא געהאנדעלט בלויז וועגען דעם, ווי אזוי בעסער אויסצואר־בייטען א טעאריע, וואלטען מיר געזאגט: טעאריעס, אלס אזעלכע, זיינען ניט אזוי שטארק וויכטיג. אבער כל זמן א נייע אידעע האט נאך ניט געפונען קיין קלארע און דייטליכע פארם פון אויס־דרוק, וואס זאל נאטירליכערוויז ארויסוואקסען פון די זאכען, ווי זיי עקזיסטירן אין דער ווירקליכקייט, באהערשט זי ניט דעם מענ־שענ'ס פארשטאנד, דערמוטיגט זי ניט דעם מענשען צו אן אנט־שיידענדיגען קאמף. דאס פאלק ווארפט זיך ניט אריין אין דאס אומבאוואוסטע אהן עפעס א פאזיטיווער און קלאר־פארמולירטער

אידעע, וואס זאל איהם דינען, אזוי צו זאגען, ווי א ברעט, פון וואנען א שפרונג צו טאן, בעת ער דערגרייכט דעם אנהויב־פונקט. וואס איז שייך דעם אנהויב־פונקט, מוז דאס פאלק צוגעפיהרט ווערן צו איהם פון דעם לעבען אליין.

גאנצע פינף חדשים איז פאריז געווען אפגעריסען פון דער גאנצער וועלט דורך די דייטשע באלאגערער; גאנצע פינף חדשים האט די שטאט געלעבט, ווי זי האט געוואלט, און האט זיך דערוואוסט וועגען דער אומגעהויערער עקאנאמישער, אינטעלעקטועלער און מאראלישער קראפט, וואס זי האט פארמאגט. זי האט איינגעזעהן די קראפט פון איהר אייגענער איניציאטיווע און פארשטאנען די באדייטונג דערפון. אין דערזעלביגער צייט האט זי אויך געזעהן, אז די חברה פלוידערזעק, וואס האבען גענומען אויף זיך אויסצוריבען די מאכט, האבען קיין השגה ניט געהאט, ווי אזוי צו ארגאניזירן סיי די פארטיידיגונג פון פראנקרייך, סיי איהר אינעווייניגסטע אנטוויקלונג. זי האט געזעהן, ווי די צענטראלע רעגירונג האט זיך געשטעלט קעגען יעדער פארנינפטיגער ארויסטרעטונג פון דער מעבטיגער שטאט. זי האט, לסוף, פארשטאנען, אז יעדע רעגירונג מוז זיין מאכטלאז צו פאהיטען גרויסע אומגליקען, אדער צו מאכען לייכטער דעם וועג פון שנעלער אנטוויקלונג.

ווען פאריז איז געווען באלאגערט האבען די פארטיידיגער איהרע, די ארבייטער, געליטען שרעקליכע נויט, בעת די לעדיגגעהער האבען אומפארשעמט זיך געבאדען אין לוקסוס; א דאנק דער צענטראלער רעגירונג האט די שטאט געזעהן, ווי יעדער פארזוך צו מאכען א סוף צו די דאזיגע סקאנדאלען האט זיך אויסגעלאזען מיט גארנישט. יעדעס מאל, ווען דאס פאלק האט ארויסגעוויזען א סימן פון ווילען צו א פרייער האנדלונג, האט די רעגירונג געמאכט נאך שווערער זיינע קייטען. אזוינע ערפארונגען האבען, נאטירליך, ארויסגערופען דעם געדאנק, אז פאריז מוז זיך פארוואנדלען אין אן אומאפהענגיגער ק א מ ו נ ע, וואס זאל זיין אימשטאנד צו פארווירקליכען, אין די גרעניצען פון איהרע אייגענע ווענט, די פארלאנגען פון איהרע בירגער. און אזוי ארום איז דאסווארט „קאמונע“, — די פריי־פאראייניגטע קאמונעס, אנשטאט דעם שטאט, — געווארען דאס אלגעמיינע שלאגווארט.

די קאמונע פון 1871טען יאהר האט ניט געקאנט זיין מעהר,

ווי בלויז אן ערשטער פארזוך. אנהויבענדיג זיך ביים שלום פון א גרויסער מלחמה, ארומגערינגעלט פון צוויי ארמייען, וואס זיינען גרייט געווען צו פאראייניגען זיך און פארטיליגען דאס פאלק, האט די קאמונע ניט געוואגט פעסט ארויסצוטרעטען אויפ׳ן וועג פון אן עקאנאמישער רעוואלוציע. זי האט דעם מוט ניט געהאט, ניט צו דערקלערן זיך אלס א סאציאליסטישע קאמונע, ניט צו נעמען זיך עקספראפריאירן דעם קאפיטאל און אויך ניט צו ארגאניזירן די ארבייט. זי האט אפילו ניט געמאכט קיין אינווענטאר פון די אל־געמיינע רעסורסען פון דער שטאט. זי האט אויך ניט אפגעזאגט זיך פון דער טראדיציע פון שטאט, פון רעפרעזענטאטיווער רעגי־רונג. זי האט ניט געזוכט איינצופירן אין דער קאמונע גופא דיזעל־ביגע ארגאניזאציע פונ׳ם איינפאכען ביז צום קאמפליצירטען, וועלכע זי האט איינגעפירט אויסערליך מיט דעם וואס זי האט פראקלא־מירט די אומאפהענגיגקייט און די פרייע פעדעראציע פון די קאמונעס. און דאך איז עס א זיכערע זאך, אז ווען די פאריזער קאמונע וואלט געקאנט לעבען עטליכע חדשים לענגער, וואלט זי דורך דער מאכט פון די אומשטענדען אומפארמיידליך געטריבען געווארן צו די דאזיגע ביידע רעוואלוציעס.

לאמיר ניט פארגעסען, אז דער פראנצויזישער מיטעלקלאס האט גאנצע פיר יאהר, פון 1789 ביז 1793, פארבראכט אין רעווא־לוציאנערער טעטיגקייט, איידער ער האט פארוואנדעלט א באשרענק־טע מאנארכיע אין א רעפובליק. דארפען מיר דען זיך גאר וואונדערן, וואס דאס פאריזער פאלק איז ניט אריבער מיט איין שפרונג דעם שטח צווישען אן אנארכיסטישער קאמונע און דער רעגירונג פון די רויבער? לאמיר אבער האבען אין זינען, אז די קומענדיגע רעווא־לוציע, וועלכע וועט, לכל הפחות אין פראנקרייך און אין שפאניע, זיין קאמוניסטיש, וועט אויפנעמען די ארבייט פון דער פאריזער קאמונע דארט, וואו זי איז אונטערגעבראכען געווארן דורך די מערדערייען פון די ווערסאילער סאלדאטען.

די קאמונע איז באזיגט געווארן, און מיר ווייסען איצט זעהר גוט, ווי אזוי דער מיטעלקלאס האט גענומען נקמה פאר דעם שרעק, וואס דאס פאלק האט איהם פארשאפט, בעת עס האט אראפגע־ווארפען פון זיין נאקען דעם יאך פון זיינע הערשער. דאס האט אונז געוויזען, אז אין אונזער מאדערנער געזעלשאפט זיינען באמת

פאראַן צוויי קלאַסען: פון איין זייט, דער מענש, וואָס ארבייט און גיט אַוועק די מאָנאָפּאָליסטען פון אייגענטום אריבער א העלפט פון דעם, וואָס ער פּראָדוצירט, און דאָך לאָזט ער מיט א לייכט הארץ דורך די עולות וואָס זיינע הערשער באגעהען קעגען איהם; און פון דער אנדער זייט, דער לעדיגגעהער, דער רויבער, וואָס האַסט זיין שקלאַף, איז גרייט איהם צו טויטען, ווי א יאַגד־חיה, און ווערט באהערשט פון די ווילדסטע אינסטינקטען אזוי שנעל ווי זיין אייגענטום ווערט נאָר געשטעלט אין געפאַר.

נאָכדעם ווי די ווערסאַילער רעגירונג האָט אָפּגעשלאָסען די שטאָט פּאריז און צוגעמאכט יעדען ארויסגאַנג פון איהר, האָט זי אנגעשיקט אויפ׳ן פאָלק איהרע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען ברוטאַלי־זירט געוואָרן פון שכרות און פון לעבען אין קאַזארמעס, און האָט זיי עפענטליך באפוילען צו מאכען א שנעלען סוף פון די „וועלף און זייערע וועלפלאך". צום פאָלק האָט מען געזאָגט:

„איהר וועט אומקומען, וואָס איהר זאָלט ניט טאָן! אויב מען וועט אייך כאַפּען מיט וואָפען אין די הענט — טויט! אויב איהר וועט זיך מיט זיי באַנוצען — טויט! אויב איהר וועט בעטען באגנאַדיגונג — טויט! וואוהין איהר זאָלט זיך ניט קערן — רעכטס, לינקס, צוריק, פאראויס, ארויף, אראָפּ — טויט! איהר זייט ניט נאָר אויסערן געזעץ, איהר זייט אויסער דער מענשהייט! די אומשטענדען פון עלטער און געשלעכט וועלען ניט ראטעווען, ניט אייך און ניט אייערע אייגענע. איהר וועט שטארבען, אָבער צוערשט וועט איהר צוזעהן די גסיסה פון אייער פרוי, אייער שוועס־טער, אייער מוטער, פון אייערע זיהן און טעכטער, אפילו פון די וואָס זיינען אין די וויגעלאך! פאר אייערע אויגען וועט דער פאַרוואונדעטער ארויסגענומען ווערן פון דעם קראַנקען־וואָגען און געשטאָכען ווערן מיט באַיאָנעטען אדער צעקלאַפּט ווערן מיט׳ן דיקען עק פון ביקס. א לעבעדיגען וועט מען איהם שלעפּען פאר זיין צעבראָכענעם פוס אדער בלוטענדיגען אָרעם און ארייַנשליידערן, ווי א פּעקעל אָפּפאל, וואָס ליידט און קרעכצט, אין רינשטאָק אריין. טויט! טויט! טויט!"*

און נאָך אָט־דער וואַנזיניגער אָרגיע, נאָך אָט־די הורבעס

*"Histoire Populaire et Parlementaire de la Commune de Paris," par Arthur Arnould.

טויטע קערפער, נאך אט־דער פארטיליגונג אויפ׳ן ברייטען שטיי־נער, איז געקומען די קליינליכע נקמה, די נײַן־עקיגע קנוטע, די קייטען אין די קעלערן פון די שיפען, די קלעפ און באליידיגונגען פון וועכטער, דאס אויסמאטערן מיט הונגער, די אלע פיינע המצאות פון גרויזאמקייט. קאן דאס פאלק פארגעסען די דאזיגע „העלדישע" טאטען?

געשטירצט, אבער ניט באזיגט, ווערט די קאמונע איצט ווי־דערגעבוירן. זי איז ניט מעהר א חלום פון דעם באזיגטען, וואס רופט ארויס אין זיין פארשטעלונג די זיסע אילוזיע פון האפענונג. ניין! די „קאמונע" פון דער איצטיגער צייט ווערט דער אנזיכטיגער און קלארער ציעל פון דער רעוואלוציע, וועלכע לאזט זיך שוין הערן גאר נאהנט. די אידעע דרינגט אריין טיף צווישען די מאסען, זי ווערט פאר זיי א לאזונג. מיר ערווארטען פון דעם איצטיגען דור, ער זאל ברענגען די סאציאלע רעוואלוציע אין דער קאמונע, ער זאל מאכען א סוף צו דעם געמיינעם סיסטעם פון מיטעלקלאס־עקספלואטאציע, אז ער זאל באפרייען דאס פאלק פון דער אפוטרופסות פון שטאט און אנהויבען א נייע עפאכע פון פריי־הייט, גלייכהייט און סאלידאריטעט אין דער אנטוויקלונג פון דער מענשליכער ראסע.

---

## 2 — ווי אזוי די קאמונע האט פארפעלט צו פארווירקליכען איהר אמת׳ן ציעל, אבער האט דעם דאזיגען ציעל ארויסגעשטעלט פאר דער וועלט.

פינף־און־צוואנציג יאהר שיידען אונז שוין אפ פון דעם טאג, ווען דאס פאלק פון פאריז האט אראפגעזעצט די פארערטערישע רעגירונג, וועלכע האט זיך דערהויבען צו דער מאכט בעת די אימפעריע איז געפאלען; ווי אזוי קומט עס, וואס די אונטער־דריקטע מאסען פון דער ציוויליזירטער וועלט ווערן נאך אלץ צוגע־צויגען מיט א געוואלטיגער קראפט צו דער באוועגונג פון 1871? פארוואס איז די אידעע, וואס די פאריזער קאמונע שטעלט מיט זיך פאר, אזוי אנציהענד פאר די ארבייטער פון יעדען לאנד, פון יעדער נאציאנאליטעט?

דער ענטפּער דערויף איז א לייכטער. די רעוואָלוציע פון 1871 איז קודם כל געווען א רעוואָלוציע פון פאָלק. זי איז געמאכט געוואָרן פון דעם פאָלק אליין, זי האָט ספּאָנטאַן אויסגעבראָכען צווישען די מאסען, און האָט צווישען די גרויסע מאסען פון פאָלק געפונען איהרע פּאַרטיידיגער, איהרע העלדען און איהרע מארטירער. און דערפאַר טאַקע, וואָס זי איז געווען אזוי דורך און דורך „נידעריג", קאָן דער מיטעלקלאַס איהר קיינמאָל ניט פאַרגעבען. אין דערזעלביגער צייט איז איהר לייטענדיגער גייסט געווען די אידעע פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע; ניט קלאָר און אפשר גאָר אומבאַוואוסטזיניג, אָבער דאָך אן אָנשטרענגונג צו דערגרייכען סוף כל סוף, נאָך א קאמף פון הונדערטער יאָהרען, אמת'ע פרייהייט און אמת'ע גלייכהייט פאַר אלע מענשען. דאָס איז געווען די רעוואָלוציע פון די נידעריגסטע פון פאָלק, וועלכע האָבען מאַרשירט פאָראויס צו געווינען זייערע רעכט.

עס זיינען געמאכט געוואָרן און עס ווערן אויך איצט געמאכט פאַרזוכען צו ענדערן דעם זין פון דער דאָזיגער רעוואָלוציע, פאָרצושטעלען זי ווי בלויז אן אָנשטרענגונג צו געווינען די אומאָפּהענגיקייט פון פּאַריז און שאַפען אזוי אַרום א קליין שטאָאַט אין דעם גרויסען פראַנקרייך. אָבער עס קאָן גאָרניט זיין קיין פאַלשערע זאַך, ווי דאָס. פּאַריז האָט ניט געשטרעבט אָפּצוזונדערן זיך פון פראַנקרייך, פּונקט ווי זי האָט ניט געשטרעבט איינצונעמען זי דורך דער מאַכט פון וואָפען. זי האָט ניט געוואָלט איינשליסען זיך אין איהרע ווענט, ווי א נאָנע אין א קאָנווענט, זי איז ניט באַהערשט געוואָרן פון דעם באַשרענקטען גייסט פון קלויסטער.

אויב פּאַריז האָט געפאָדערט איהר אומאָפּהענגיגקייט, אויב זי האָט געפּרוּאווט שטערן דער אריינמישונג פון דער צענטראַלער מאַכט אין איהרע געשעפטען, איז עס געווען דערפאַר, ווייל זי האָט געזעהן אין דער דאָזיגער אומאָפּהענגיגקייט א מיטעל אויסצואַרביימען אויף א רוהיגען אופן די יסודות פון דער צוקינפטיגער אָרגאַניזאַציע און ברענגען אין איהרע אייגענע גרעניצען א סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס וואָלט פולשטענדיג איבערגעאַנדערשט דעם גאַנצען סיסטעם פון פּראָדוקציע און אויסטויש, באַגרינדענדיג זיי אויף יושר; א רעוואָלוציע, וואָס וואָלט אינגאַנצען געענדערט די מענשליכע באַציהונגען, אויפשטעלענדיג זיי אויף א יסוד פון גלייכ־

היים; א רעוואלוציע, וואס וואלט געשאפען א נייע געזעלשאפט־ליכע מאראל, באגרינדענדיג זי אויף גלייכהייט און סאלידאריטעט. די קאמוניסטישע אומאפהענגיקייט איז אזוי ארום געווען פאר׳ן פאלק פון פאריז בלויז א מיטעל; די סאציאלע רעוואלוציע איז געווען זיין ציעל. און דער דאזיגער ציעל וואלט געקאנט דערגרייכט ווערן, ווען די רעוואלוציע פון דעם 18־טען מערץ וואלט געווען אימשטאנד אנצונעמען איהר נאטירליכען גאנג, ווען דאס פאריזער פאלק וואלט ניט צעשניטען געווארן אויף שטיקער פון די מערדער פון ווערסאיל.

צו געפינען א קלארע און דייטליכע אידעע, וואס זאל זיין פאר־שטענדליך פאר דער גאנצער וועלט און זאל אין עטליכע ווערטער אויסדריקען וואס אזוינס עס איז נויטיג געווען, כדי צו פארענדיגען די רעוואלוציע, — דאס איז געווען באמת דער הויפט געדאנק פון דעם פאריזער פאלק זינט די ערשטע טעג פון זיין אומאפהענגיגקייט. אבער א גרויסע אידעע קומט ניט אויף אין א טאג, ווי שנעל אידעען זאלען זיך ניט אנטוויקלען און פארשפרייטען אין רעוואלוציאנערע צייטען. אן אידעע פאדערט שטענדיג א געוויסע צייט צו אנט־וויקלען זיך, צו ווערן פארשפרייט צווישען די מאסען, צו ווערן פארוואנדעלט אין האנדלונג; און די דאזיגע צייט האט געפעהלט דער פאריזער קאמונע הויפטזעכליך מחמת דעם, וואס דער סאצי־אליזם האט מיט פינף־און־צוואנציג יאהר צוריק דורכגעמאכט, ווי מיר האבען פריהער באמערקט, אן איבערגאנג־צייט. דער אויטארי־טעטישער און האלב־רעליגיעזער קאמוניזם פון 1848־טען יאהר האט מעהר ניט געהאט קיין השפעה אויפ׳ן פראקטישען פריידענקערישען גייסט פון אונזער עפאכע. דער קאלעקטיוויזם, וועלכער האט פרור־בירט איינצושפאנען צוזאמען דעם לוין־סיסטעם און דאס קאלעק־טיווע אייגענטום, איז געווען ניט־פארשטענדליך, ניט־אנציהענד און האט געהאט פיל שווערקייטען אין זיין פראקטישער אנווענדונג. דער פרייער קאמוניזם, דער א נ א ר כ י ס ט י ש ע ר קאמוניזם, האט נאר וואס אנגעהויבען ווערן קלאר פאר די ארבייטער און האט קוים געוואגט ארויסצורופען די אנגריפען מצד די פארעהרער פון רע־גירונגס־מאכט. די געדאנקען זיינען ניט געווען אנטשלאסען. די סאציאליסטען אליין, ניט האבענדיג אין אויג קיין באשטימטען ציעל, האבען ניט געוואגט אנצוריהרען פריוואט־אייגענטום, און האבען

זיך אליין אפגענארט מיט דעם ארגומענט, וועלכער האט אפגע־שוואכט די טעטיגקייט פון מעהר ווי איין דור: „לאמיר צוערשט זיך פארזיכערן מיט א זיג און דערנאך זעהן, וואס מיר קאנען טאן".

זיך פארזיכערן מיט א זיג! גלייך ווי עס וואלט מעגליך געווען צו פארמירן א פרייע קאמונע, ניט אנריהרנדיג דערביי פריוואט אייגענטום! גלייך ווי עס וואלט מעגליך געווען צו באזיגען דעם שונא אין דער צייט, ווען די גרויסע פאלקס־מאסען זיינען ניט פאראינטערעסירט דירעקט אין דעם טריאומף פון דער רעוואלוציע, זעהענדיג, אז זי זאל ברענגען פאר יעדען איינעם מאטעריעלע, מאראלישען און אינטעלעקטועלען גליק! זיי האבען זיך געמיהט צו באפעסטיגען צוערשט די קאמונע און אפלעגען די סאציאלע רעוואלוציע אויף שפעטער, בעת דער איינציגער וועג איז געווען צו באפעסטיגען די קאמונע מיט דער הילף פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

דאס אייגענע האט אויך פאסירט בנוגע דעם פרינציפ פון רעגירונג. פראקלאמירנדיג די פרייע קאמונע, האט דאס פאריזער פאלק דערמיט פראקלאמירט א פונדאמענטאלען אנארכיסטישען פרינציפ, וואס האט באטייט דעם צוזאמענברוך פון שטאט. אבער אזוי ווי די אידעע פון אנארכיזם איז דאן נאך גאנץ שוואך בא־נומען געווארן, איז זי אפגעשטעלט געווארן אויפ'ן מיטען וועג. דער אלטער פרינציפ פון אויטאריטעט איז אויפגעקומען אין מיטען פון דער קאמונע און דאס פאלק האט זיך אליין באשאפען א קאמונע־ראט, לויט דעם מוסטער פון מונציפאלע ראטען אין אנדערע ערטער. אויב מיר וועלען אבער אננעמען, אז א צענטראלע רעגירונג צו רע־גולירן די באציהונגען צווישען די קאמונעס אין א גאנץ איבעריגע זאך, איז ווארום זאלען מיר אננעמען, אז אזא צענטראלע רעגירונג איז נויטיג צו רעגולירן די געגענזייטיגע פארהעלטעגישען צווישען די גרופען, וועלכע שטעלען צוזאמען יעדע קאמונע באזונדער? און אויב מיר לאזען איבער דאס קומען צו אן אלגעמיינער פארשטענ־דעניש וועגען אונטערנעמונגען, וואס זיינען נוגע עטליכע שטעט מיטאמאל, צו דער פרייער איניציאטיווע פון די באטרעפענדיגע קאמונעס, איז ווארום זאלען מיר דיזעלביגע פרייע איניציאטיווע אוועקנעמען פון די גרופען, וועלכע שטעלען צוזאמען איין־איינציגע

קאמונע? עס איז ניטא מעהר גרונד צוצולאזען א רעגירונג אין דער רעגירונג, ווי א ו י ס ע ר איהר.

אבער אין 1871טען יאהר האט דאס פאריזער פאלק, וואס האט שוין געהאט אראפגעזעצט אזוי פיל רעגירונגען, געמאכט בלויז זיין ערשטען פארזוך צו רעוואלטירען קעגען דעם רעגירונגס־סיסטעם גופא, און דעריבער האט עס זיך געלאזט מיטגעריסען ווערן פון דער געצענדינערישער פארעהרונג פון רעגירונגען און אליין אויפגעשטעלט אן אייגענע רעגירונג. דער רעזולטאט דערפון איז א זאך פון דער געשיכטע. פאריז האט געשיקט איהרע געטרייע זיהן אין שטאט־ראט. דארט זיינען זיי פארזונקען געווארן צווישען א מאסע אלטע פאפירן און געוועז געצוואונגען צו הערשען, בעת זייערע אינסטינק־טען האבען זיי דיקטירט צו זיין און צו ווירקען צווישען דעם פאלק; צו דיסקוטירן, ווען עס איז נויטיג געוועז צו האנדלען; און צו מא־כען קאמפראמיסען, בעת ד'יר בעסטער פלאן איז געוועז ניט צו מאכען קיינע קאמפראמיסען. און, לסוף, אנוועזנדיג די באגייסטע־רונג, וועלכע קומט נאר פון שטענדיגען פארקעהר מיט די מאסען, האבען זיי דערזעהן, אז זיי זיינען געבליבען איינגאנצען מאכטלאז. זייענדיג פאראליזירט, א דאנק זייער אפטיילען זיך פון פאלק, — דעם רעוואלוציאנערן צענטער פון ליכט און היץ,—האבען זיי אליין פאראליזירט די איניציאטיווע פון פאלק.

די פאריזער קאמונע, דאס קינד פון אן איבערגאנג־צייט, וואס איז געבוירן געווארן אונטער די פרייסישע קאנאנען, איז פאראור־טיילט געוועז צום אונטערגעהן. אבער דורך איהר העכסט־פאלקס־טימליכען כאראקטער האט זי אנגעהויבען א נייע סעריע רעוואלו־ציעס; דורך איהרע אידעען איז זי געוועזן די פארלויפערין פון דער סאציאלער רעוואלוציע. דאס פאלק האט פון איהר עפעס געלערנט, און ווען פראנקרייך וועט ווידעראמאל באדעקט ווערן מיט א נעץ פון רעבעלישע קאמונעס, וועט דאס פאלק שוין מעהר ניט מאכען פאר זיך קיין רעגירונג און ערווארטען פון איהר, זי זאל אננעמען רעוואלוציאנערע מיטלען. ווען דאס פאלק וועט זיך באפרייען פון די פאראזיטען, וואס פרעסען עס אויף, וועט עס איבערנעמען דאס גאנצע געזעלשאפטליכע עשירות און מאכען עס געמיינשאפטליך, לויט די פרינציפען פון דעם אנארכיסטישען קאמוניזם. און ווען דאס פאלק וועט האבען איינגאנצען פארניכטעט דאס אייגענטום־רעכט,

די רעגירונגס־מאַכט און דעם שטאַט, וועט עס פון דאָס ניי זיך אָרגאַניזירן אויף א פרייען אופן, לויט די פאָדערונגען, וואָס דאָס לעבען אליין וועט איהם אָנצייכענען. צעברעכענדיג די קייטען, אראָפּזעצענדיג די אָפּגעטער, וועט די מענשהייט מאַרשירן ווייטער צו א בעסערער צוקונפט; זי וועט ניט וויסען פון הערשער און שקלאַפען און וועט אָפּגעבען איהר גאַנצע פאַרעהרונג די נאָבעלע מאַרטירער, וועלכע האָבען באַצאָלט מיט זייער בלוט פאַר די ערשטע פאַרזוכען פון באַפרייאונג, וואָס האָבען באַלויכטען אונזער וועג צום זיג פון פרייהייט.

## 3 — די לעהרען פון דער קאָמונע אין דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם.

די עפּענטליכע פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן דעם 18־טען מערץ אָרגאַניזירט כמעט אין יעדער שטאָט, וואו עס איז נאָר פאַראַן א סאָציאַליסטישע גרופּע, דאַרפען גאַנץ ערנסט גענומען ווערן אין אַכט. ניט נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען א דעמאָנסטראַציע פון דער אַרמיי פון אַרבייט, נאָר אויך דערפאַר ווייל זיי גיבען א געלעגענהייט אָפּצושאַצען די שטימונג פון די סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען א בעסערע געלעגענהייט צו באַשטימען „דעם צושטאַנד פון שטימקאַסטען“, ווי דאָס וואָלט געקאָנט געבען וועלכער־עס־איז סיסטעם פון שטימען; עס איז א געלעגענהייט, ווען די שטרעבונגען קאָנען פאָרמולירט ווערן, ניט ווערענדיג באַאיינפלוסט פון קיין שום וואַהל־טאַקטיק פון א פּאַרטיי.

די אַרבייטער פאַרזאַמלען זיך ניט נאָר כדי צו לויבען דעם העראָאיזם פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, אָדער צו רופען צו נקמה פאַר די מאַי־שחיטות. אָפּפרישענדיג זיך מיט דער ערינערונג פון דעם מוטיגען קאַמף אין פּאַריז, געהען זיי נאָך ווייטער און דיסקוטירן, וואָס אַזוינס מען קאָן זיך אָפּלערנען פון דער קאָמונע פון 1871 פאַר דער צוקינפטיגער רעוואָלוציע. זיי פרעגען אין וואָס עס באַשטעהען די טעות'ן פון דער קאָמונע, ניט כדי צו קריטיקירן די מענשען, וואָס האָבען זי באַשאַפען, נאָר כדי צו מאַכען זיך אליין קלאָר, ווי אַזוי די פאָראורטיילען מכח אייגענטום און מאַכט, וועלכע האָבען דאַן געהערשט צווישען די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, האָבען

געשטערט דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציאנערער אידעע און איהר ווייטערע אנטוויקלונג צו ווערן א ליכט, וואס זאל באלייכטען די וועלט.

די לעהרן פון 1871 האבען געבראכט נוצען די ארבייטער פון יעדען לאנד, געבענדיג זיי די מעגליכקייט אוועקצואווארפען זייערע אלטע פאראורטיילען און צו קומען צו א קלארער און איינפאכערער פארשטענדניש פון דעם, וואס אזוינס עס דארף פארשטעלען מיט זיך זייער רעוואלוציע.

דער קומענדיגער אויפשטאנד פון קאמונעס וועט ניט זיין בלויז א „קאמונאלע" באוועגונג. די יעניגע, וואס האלטען נאך אלץ, אז עס דארפען צוערשט געשאפען ווערן אומאפהענגיגע, לאקאלע זעלבסטפארוואלטענדיגע קערפערשאפטען, וואס זאלען דערנאך זעהן דורכפיהרן עקאנאמישע רעפארמען אין זייערע אייגענע געגענדען, ווערן, לכל הפחות אין פראנקרייך, מיטגעריסען פון דער ווייטערער אנטוויקלונג פון דעם פאלקס־גייסט. די קאמונעס פון דער קומענדיגער רעוואלוציע וועלען פראקלאמירן און עטאבלירן זייער אומאפהענגיגקייט דורך דירעקטער סאציאליסטיש־רעוואלוציאנערער אקציאן, אפשאפענדיג פריוואט אייגענטום.

ווען די רעוואלוציאנערע סיטואציע וועט צייטיג ווערן, וואס דאס קאן טרעפען יעדען טאג, און רעגירונגען וועלען פון פאלק אפגעווישט ווערן; ווען דער לאגער פון דעם מיטעלקלאס, וואס עקזיסטירט בלויז דורך דער פראטעקציע פון שטאט, וועט אזוי ארום אריינגעווארפען ווערן אין א צושטאנד פון צעטומלונג, וועט דאס רעוואלטירטע פאלק ניט ווארטען ביז וואנען עפעס א נייע רעגירונג וועט אין איהר וואונדערליכער חכמה דעקרעטירן א פאר עקאנאמישע רעפארמען. דאס פאלק אליין וועט דורך גוואלטזאמער עקספראפריאציע אפשאפען פריוואט־אייגענטום, איבערנעמענדיג אין דעם נאמען פון דער גאנצער געמיינדע דאס גאנצע עשירות, וואס איז אנגעזאמעלט געווארן דורך דער ארבייט פון די פארגאנגענע דורות.

דאס פאלק וועט ניט ווארטען צו עקספראפריאירן די באזיצער פון געזעלשאפטליכען קאפיטאל דורך א דעקרעט, וואס וואלט געמוזט פארבלייבען א טויטער בוכשטאב, אויב ער ווערט ניט פאקטיש דורכגעפירט פון די ארבייטער אליין. דאס פאלק וועט עס גלייך

איבערנעמען און באפעסטיגען זיינע רעכט, אויסנוצענדיג דעם קא־פיטאל אן שום אפהאלט. עס וועט זיך ארגאניזירן אין די ווערק־שעפער צו טאן ווייטער די ארבייט, עס וועט אבער מעהר ניט פראדוצירן אזוינע זאכען, וואס ברענגען די גרעסטע פארדינסטען צו די ארבייטגעבער, נאר דאס, וואס די מאסען נויטיגען זיך אין דעם. עס וועט אויסבייטען זיינע חורבות אויף די געזונטע וואוי־נונגען אין די הייזער פון די רייכע; עס וועט זיך ארגאניזירן צו מאכען א באלדיגען געברויך פון דעם עשירות, וואס ליגט אנגעזא־מעלט אין די שטעט; עס וועט איבערנעמען דאס דאזיגע עשירות, גלייך ווי דער מיטעלקלאס וואלט דאס גאר קיינמאל ניט געווען צוגע'גנב'עט פון איהם.

און ווען דער אינדוסטריעלער באראן, וועלכער האט געצויגען די עצמות פון די ארבייטער, וועט פארטריבען ווערן, וועט די פרא־דוקציע פארטגעזעצט ווערן; זי וועט נאר ארופווארפען פון זיך די פענטעס, וואס האבען געשטערט איהר גאנג, מאכענדיג א סוף צו די ספעקולאנטען וואס טויטען זי, און צו דעם פלאנטער וואס דעזאר־גאניזירט זי, איבערבויענדיג זי אין איינקלאנג מיט די פאדערונגען פון דעם מאמענט און אונטערן אנטריב פון פרייער ארבייט.

„מענשען האבען קיינמאל ניט געארבייט אין פראנקרייך אזוי, ווי אין 1793טען יאהר, נאכדעם ווי די ערד איז אוועקגענומען גע־ווארן פון די הענט פון אדעל", זאגט דער היסטאריקער מישלע. מענשען האבען נאך קיינמאל ניט געארבייט אזוי, ווי זיי וועלען ארבייטען אין דעם טאג, ווען די ארבייט וועט ווערן פריי און יעדער זאך, וואס דער ארבייטער וועט אויפטאן, וועט זיין א קוואל פון וואוילזיין פאר דער גאנצער קאמונע.

אין דער לעצטער צייט איז געמאכט געווארן א פארזוך פעסט־צושטעלען אן אונטערשייד צווישען די פארשיידענע סארטען גע־זעלשאפטליכע עשירות, און די סאציאליסטישע פארטייי האט זיך צעטיילט איבער דער דאזיגער פראגע. די איצטיגע קאלעקטיוויס־טישע שולע, וועלכע האט אנגענומען א מין דאגמאטישע טעאריע פון קאלעקטיוויזם אנשטאט דעם קאלעקטיוויזם פון דעם אלטען אינטערנאציאנאל, וועלכער איז בלויז געווען אן אנטי־אויטאריטע־טישער קאמוניזם, האט געזוכט פעסטצושטעלען אן אונטערשייד צווישען קאפיטאל, וואס ווערט באנוצט פאר דער פראדוקציע, און

רייכקייט, וואס באזארגט די לעבענס־באדערפענישען. פון איין זייט, מאשינעריע, פאבריקען, רויהע מאטעריאלען, פארקעהרס־מיטלען און לאנד; פון דער אנדער זייט—וואוינונגען, פאבריצירטע פראדוקטען, קליידער און לעבענס־מיטלען. די ערשטע זיינען קאלעקטיוועס אייגענ־טום, די צווייטע זיינען פון די פראפעסארען פון דער דאזיגער שולע פון סאציאליזם באשטימט געווארן צו פארבלייבען פריוואט־אייגענ־טום. מען האט געפרואווט באגרינדען דעם דאזיגען אונטערשייד. אבער דער שכל הישר פון פאלק האט דאס צוריקגעוויזען. דאס פאלק האט עס באטראכט פאר א פאנטאסטישע און ניט־דורכפיר־ליכע זאך. עס איז פעלערהאפטיג אין דער טעאריע און האלט ניט אויס אין דער פראקטיק.

די ארבייטער פארשטעהען, אז דאס הויז וואס דינט אונז פאר א היים, די קוילען און גאז, וואס מיר ברענען אויס, דאס הייץ־מאטעריאל, וואס ווערט פארברויכט פון דער מענשליכער מאשין אויף צו דערהאלטען דאס לעבען, די קליידער, וואס זיינען נויטיג פאר דער עקזיסטענץ, דאס בוך, וואס מיר לייענען פאר באלעהרונג, און אפילו די פארוויילונגען, וואס מיר באקומען, זיינען אלע בא־שטאנדטיילען פון אונזער עקזיסטענץ, זיינען אלע פונקט אזוי נויטיג פאר דער ערפאלגרייכער פראדוקציע און דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט, ווי מאשינען, פאבריקען, רויהע מא־טעריאלען און אנדערע מיטלען פון ארבייט.

די ארבייטער קומען צום באשלוס, אז אויפצוהאלטען פריוואט־אייגענטום פון דעם דאזיגען מין עשירות וואלט געהייסען אויפ־האלטען אומגלייכקייט, אונטערדריקונג און עקספלואטאציע. ארי־בערשפרינגענדיג דעם צוים, וואס דער טעארעטישער קאלעקטיוויזם האט אוועקגעשטעלט אויף זייער וועג, געהען זיי גלייך צו דער איינ־פאכסטער און פראקטישסטער פארם פון דעם אנטי־אויטאריטערען קאמוניזם.

די רעוואלוציאנערע ארבייטער זאגען איצט זיך קלאר ארויס אויף זייערע פארזאמלונגען וועגען זייער רעכט אויף דאס גאנצע געזעלשאפטליכע עשירות און וועגען דער נויטיגקייט אפצושאפען פריוואט־אייגענטום סיי פון די ארטיקלען פון געברויך און סיי פון די ארטיקלען פון פראדוקציע. „אין דעם טאג פון דער רעווא־לוציע וועלען מיר פארכאפען דאס ג א נ צ ע רייכקייט, וואס

איז אנגעזאמעלט אין די שטעט, און מאַכען עס פאַר געמיינשאפט־ליך אייגענטום", זאָגען די רעדנער, און די צוהערער באשטעטיגען די דאָזיגע באהויפּטונגען מיט זייער איינשטימיגער הסכמה. „זאָל יעדער איינער נעמען פון די הורבעס אלץ, וואָס ער באדאַרף צו האָבען, און זייט זיכער, אז אין די מאַגאַזינען פון די שטעט וועט נאָך פארבלייבען גענוג שפּייז פאַר יעדען איינעם, ביז וואַנען די פרייע פּראָדוקציע וועט מאַכען א גוטען אנהויב; אין די קראָמען פון אונזערע שטעט זיינען פאַראַן גענוג קליידער צו באקליידען יעדען איינעם, קליידער, וואָס ווערן דאָרט געהאַלטען אויפ'ן לאַגער, בעת דרויסען הערשט די נויט און מענשען האָבען ניט וואָס אנצו־טאָן. עס זיינען אפילו פאַראַן גענוג לוקסוס־זאַכען, אז יעדער איינער זאָל פון זיי קאָנען אויסקלייבען, לויט זיין גוסט נאָך".

אורטיילענדיג לויט דעם, וואָס עס ווערט ארויסגעזאָגט אויף די פארזאַמלונגען צום אנדענק פון דער קאָמונע, אין פראַנקרייך און אנדערע ערטער, האַלטען זיך די ארבייטער ביים באשלוס, אז די קומענדיגע רעוואָלוציע זאָל איינפיהרן דעם אנאַרכיסטישען קאָ־מוניזם און די פרייע רעאָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע. די דאָ־זיגע צוויי פּונקטען זעהען אויס צו זיין גאַנץ באשטימט, און אין דעם פּרט וועלען די קאָמונעס פון דער קומענדיגער רעוואָלוציע ניט איבער'חזר'ן די טעות'ן פון די פאָרלויפער, וועלכע האָבען אזוי העלדיש פארגאָסען זייער בלוט, כדי אפּצורייניגען דעם וועג פאַר דעם צוקינפטיגען פּראָגרעס.

עס איז אָבער פאַראַן נאָך א דריטער און ניט וועניגער וויכ־טיגער פּונקט, וואָס איבער איהם איז מען נאָך ניט געקומען צו דערזעלביגער איינשטימיגקייט, כאָטש עס וועט ניט נעמען לאַנג, ביז וואַנען דאָס וועט דערגרייכט ווערען. דאָס איז די פראַגע וועגן רעגירונג.

אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי זיינען, ווי באוואוסט, פאַ־ראַן צוויי ריכטונגען, וואָס זיינען פולשטענדיג צעטיילט איבער דעם דאָזיגען פּונקט. „שוין אין דעם טאָג פון דער רעוואָלוציע", — זאָגט איין ריכטונג, — „מוזען מיר גרינדען א רעגירונג, וואָס זאָל איבערנעמען די העכסטע מאַכט. א שטאַרקע, מעכטיגע און אנטשלאָסענע רעגירונג וועט דורכפיהרן די רעוואָלוציע, ארויסגע־

בענדיג דעקרעטען מכח דעם און יענעם און צווינגענדיג אלעמען צו געהארכען איהרע באפעלען".

„א קלעגליכע איינבילדונג!" — זאגט די צווייטע ריכטונג. „יעדע צענטראלע רעגירונג, וואס נעמט אויף זיך צו רעגירן אי־בער א פאלק, מוז זיכער זיין בלויז א שטערונג פאר דער רעוואָ־לוציע. זי קאן אנדערש ניט צוזאמענגעשטעלט ווערן, ווי נאר פון די אומפאסיגסטע עלעמענטען, און איהר עצם וועזען, אלס א רע־גירונג, איז קאנסערוואטיזם. זי וועט בלויז צוריקהאלטען די רע־וואלוציע אין די קאמונעס, וועלכע זיינען גרייט צו געהן פאר־אויס, ניט זייענדיג אין דערזעלביגער צייט אימשטאנד ארייננצור־הויבען אין די צוריקגעשטאנענע קאמונעס דעם אטעם פון רעוואָ־לוציע. דאס אייגענע וועט אויך פאסירן אין יעדער רעבעלישער קאמונע. אדער די קאמונאלע רעגירונג וועט בלויז געבען איהר הסכמה אויף די געשעהענע פאקטען, וואס אין אזא פאל וועט זי זיין עפעס א מין נוצלאזע און געפערליכע מאשין; אדער זי וועט וועלען איבערנעמען די הערשאפט צו מאכען כללים פאר דעם, וואס עס באדארף ערשט פריי אויסגעארבייט ווערן פון דעם פאלק אליין, כדי צו ווערן א באמת דורכפיהרליכע זאך. זי וועט אנווענ־דען טעאריעס דארט, וואו אלע נייע פארמען פון אלטעגליכען לעבען דארפען פון דער גאנצער געזעלשאפט אויסגעארבייט ווערן מיט יענער שעפערישער קראפט, וועלכע רייסט זיך ארויס פון דעם סאציאלען ארגאניזם, ווען ער צעברעכט זיינע קייטען און דערזעהט פאר זיך נייע און ברייטערע אויסזיכטען. די מענשען, וואס זיינען ביי דער מאכט, וועלען שטערן דעם דאזיגען אויסברוך, ניט טוענדיג דערביי קיין איין זאך, וואס זיי וואלטען מסתמא געטאן, ווען זיי וואלטען פארבליבען צווישען דעם פאלק, ארבייטענדיג מיט איהם צוזאמען פאר דער נייער ארגאניזאציע, אנשטאט איינצושליסען זיך אין די מיניסטעריעלע קאנצעלאריעס און פארמאטערן זיך מיט פוסטע דעבאטען. די רעוואלוציאנערע רעגירונג וועט זיין א שטע־רונג און א געפאר, שוואך צו טאן גוטס און שטארק צו טאן שלעכטס; און אויב אזוי, איז צו וואס דארף מען זי איינגאנצען האבען?"

ווי נאטירליך און גערעכט דער דאזיגער ארגומענט זאל ניט זיין, שטויסט ער זיך אבער אן אויף זעהר פיעל פאראורטיילען, וועלכע

זיינען אנגעקליבען און אנערקענט געווארן פון די, וואס האבען אז אינטערעס צו דערהאלטען די רעליגיע פון דער רעגירונגס־מאכט, צוגלייך מיט די רעליגיעס פון אייגענטום און פון דער טעאלאגיע.

דער דאזיגער פאראורטייל, דער לעצטער פון די דריי, עקזיס־טירט נאך אלץ און שטעלט פאר מיט זיך א געפאר פאר דער קומענ־דיגער רעוואלוציע, הגם ער ווייזט שוין ארוים סמנים פון אונטער־גאנג.

„מיר וועלען פיהרען אונזערע געשעפטען אליין, ניט ווארטענדיג אויף די באפעלען פון א רעגירונג; מיר וועלען צעטראמפלען מיט די פיס די יעניגע, וואס ווילען אונז צווינגען אנצונעמען זיי אלס פריסטער, אייגענטימער אדער הערשער,“ — אזוי הויבען שוין איצט די ארבייטער אן צו ריידען.

מיר ווילען האפען, אז די אנארכיסטישע פארטיי וועט ווייטער באקעמפען מיט איהר גאנצער קראפט די פארעהרונג פון דער רעגי־רונגס־מאכט און זיך קיינמאל ניט לאזען אריינגעצויגען אדער פאר־נארט ווערן אין א קאמף פאר מאכט; מיר ווילען האפען, אז אין די יאהרען, וואס זיינען אונז פארבליבען ביז דער רעוואלוציע, וועט דער פאראורטייל לטובת דער רעגירונגס־מאכט ווערן אזוי אויפגע־טרייסעלט, אז ער וועט ניט זיין גענוג שטארק צו קאנען אפציהען דאס פאלק אין א פאלשער ריכטונג.

די קאמונעס פון דער קומענדיגער רעוואלוציע ווילען ניט נאר פארניכטען דעם שטאט און פארבייטען דעם פארלאמענטארישען רע־גירונגס־סיסטעם אויף א פרייער פעדעראציע: זיי ווילען אפשאפען דעם פארלאמענטאריזם אפילו אין דער קאמונע גופא. זיי ווילען איבערגעבען די פרייע ארגאניזאציע פון שפייז־פארזארגונג און פראדוקציע צו די פרייע גרופען ארבייטער, וועלכע ווילען זיין פע־דערירט מיט עהנליכע גרופען אין אנדערע שטעט און דערפער — ניט דורך דער פארמיטלונג פון א קאמונאלען פארלאמענט, נאר דירעקט, כדי דורכצופיהרען זייער ציעל.

זיי ווילען זיין פונקט אזוי קאמוניסטיש אין דער קאמונע, ווי אויסער איהר, — און נאר אזוי ארום ווילען זיי אויסמיידען די שרעקען פון א נידערלאגע, דעם ווילדען צארן פון דער רעאקציע.

# די פאריזער קאמונע

(א פארטראג)

## 1.

אין עטליכע טעג ארום, דעם 18־טען מערץ,* וועלען איבער גאנץ מערב־אייראפע און אמעריקע, ווי אויך וואו־ניט־וואו אין רוס־לאנד, פארקומען מאסענפארזאמלונגען, אויף וועלכע די ארבייטער פון פארשיידענע נאציאנאליטעטען וועלען דערמאנען דעם דאזי־גען אויפשטאנד פון די פראלעטאריער, דעם דאזיגען פארזוך צו שאפען אין דער רעוואלוציאנערער הויפטשטאט פון אייראפע, וועלכע איז געווארן א פרייע אומאפהענגיגע שטאט, דעם באדען, וואס אויף איהם וואלט זיך געקאנט אנטוויקלען די פראלעטארישע סאציאלע רעוואלוציע.

זינט דאן זיינען אריבער זעקס און דרייסיג יאהר, און די אידעע פון דער פרייער אומאפהענגיגער קאמונע, וואס זאל ביי זיך אנהויבען די סאציאלע רעוואלוציע, האט געמאכט אזא געוואל־דיגען פארטשריט, אז די צוקונפטיגע רעוואלוציע וועט אהן צווייפעל זיך אנהויבען מיט'ן פראקלאמירען פרייע קאמונעס.

מיר וועלען דא דעריבער דערצעהלען אין קורצען וועגען אט דער מערקווירדיגער באוועגונג.

אבער כדי צו קאנען פארשטעהן דעם גאנצען זין פון דער פא־ריזער קאמונע, מוז מען זיך אומקערען צוריק צו דער פעברואר־רעוואלוציע פון 1848 און צו דעם גייסטיגען מצב אין פראנקרייך פאר און בעת דער מלחמה פון 1870-1871. דאס אלץ איז שוין איצט פארגעסען, און דער יונגער דור רעוואלוציאנערן האט בא־

---

* די דאזיגע בראשורע איז אנגעשריבען געווארן אין 1907, ערב דער פייערונג פון 18טען מערץ — איב.

קומען אזויפיעל פאלשע באריכטען וועגען די דאזיגע צייטען, אז עס איז נויטיג כאטש בקצור איבערצוגעבען די הויפט־שטריכען פון די פאסירונגען, וואס פראנקרייך האט דאן דורכגעלעבט.

---

דעם 24־טען פעברואר, 1848, נאך א דריי־טאגיגער שלאכט אויף באריקאדען, האט דאס פאלק פון פאריז אפגעווישט די רעגירונג פון דעם „בורזשואזען“ קעניג לואי־פיליפ און פראקלאמירט א רע־פובליק.

דער דאזיגער זיג איז געווען א זיג פון פאלק, פון די ארבייטער. זיי האבען די גאנצע שטאט באדעקט מיט באריקאדען, וואס האבען לאנגזאם זיך דערנעהנטערט פון די פארשטעט צום צענטער, צום פאלאץ. זיי האבען געקראגען געוועהר און זיי זיינען אומ־געקומען אונטער די קוילען. די בורזשואזע נאציאנאלע גווארדיע, וועלכע איז אויך ניט צופרידען געווען מיט דער רעאקציאנערער פאליטיק פון קעניג, האט זיך ניט געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעוואלוציע און בלויז געהאלפען דערמיט, וואס זי האט פא־ראליזירט די ארמיי מיט איהר געפינען זיך אויף די גאסען און אזוי ארום טיילוויז געשיצט דעם קעמפענדען פאלק.

דעם 24־טען פעברואר זיינען די באריקאדען לסוף צוגעפיהרט געווארן צום פאלאץ גופא. דער קעניג איז אנטלאפען. דאס פאלק האט זיך אריינגעריסען אין דער קאמער פון די דע־פוטירטע, האט זי אויפגעלייזט און פראקלאמירט א רע־פובליק. פראנקרייך און גאנץ אייראפא האבען, ווער מיט פרייד און ווער מיט איינגעהאלטענעם צארן, געזעהן אין דעם דאס פאלען פון דער ארלעאנישער מאנארכיע.

אבער די פאריזער בורזשואזיע האט זיך ניט פארלארן אין דער דאזיגער איבערקערעניש. זי האט גלייך צונויפגעשטעלט די „צייטווייליגע רעגירונג“ פון מעסיגע רעפובליקאנער, נאטירליך, בורזשואזע, וועלכע — זי האט געוואוסט — וועלען ניט צולאזען צו דער סאציאליסטישער צעשטערונג פון דער בורזשואזער ארדע־נונג. אגב, צוואורפענדיג אביינדעל דעם פאלק, וואס איז מיט וואפען אין די הענט געשטאנען ארום דעם ראט־הויז, האבען זיי אריינגענומען אין דער רעגירונג דעם מעסיגען שטאט־סאציאליסט לואי בלאן און זיין חבר, דעם ארבייטער אלבער. אבער פון די

קאמוניסטען (זיי האבען זיך דעמאלט גערופען „קאמוניסטען־מאטעריאליסטען"), פון וועלכע עס זיינען צוזאמענגעשטעלט געווארן די געהיימע געזעלשאפטען פון בלאנקי, בארבעס און אנדערע, און וואס האבען טאקע געקעמפט אויף די באריקאדען, האט די בורזשואזיע, פארשטעהט זיך, קיינעם ניט צוגעלאזען צו באטייליגען זיך אין דער רעגירונג.

און די ארבייטער, — צי דערפאר, וואס זיי האבען דאן ניט געקאנט פאדערן מעהר, ווייל די בורזשואזע נאציאנאלע גווארדיע האט געקאנט זיך ווענדען קעגען זיי, אדער דערפאר, וואס זיי אליין האבען נאך ניט געוואוסט גענוי, ווי אזוי און פון וואס אנצוהויבען די סאציאלע רעוואלוציע, — די ארבייטער האבען געלאזט די דאזיגע צייטווייליגע רעגירונג זיך באפעסטיגען.

דערצו האבען זיי נאך געמוזט האבען אזא אויסרעכענונג: אויב עס איז באשטימט געווארן א רעגירונג פ א ר ג א נ ץ פ ר א נ ק ר י י ך, — פאר'ן גאנצען פראנצויזישען פאלק און ניט נאר פאר פאריז, — האט מען בעדארפט אויסקלייבען ניט קיין אומבאוואוסטע ארבייטער, נאר אזוינע מענשען, וואס דאס גאנצע לאנד זאל זיי קאנען אנערקענען — יעדענפאלס פאר דער צייט, ביז וואנען עס וועט צוזאמענגערופען ווערן די קאנסטיטואנטע.

די בורזשואזיע האט טאקע מעהר ניט געדארפט. ארויסלאזענדיג פיעל שעהנע פראקלאמאציעס, האט די צייטווייליגע רעגירונג גענומען ארגאניזירען די רעגירונגס־מאכט. זי האט אומעטום אוועקגעשטעלט איהרע פרעפעקטען, האט אומעטום פארכאפט די פאליציי און די געריכטען און ארגאניזירט א בורזשואזע מיליץ.

לואי בלאנ'ען און אלבער'ן, אינאיינעם מיט די ארבייטער, „דעמאקראטען־סאציאליסטען", וועלכע האבען געגלויבט אין זיי, האט די רעגירונג איזאלירט אין דעם פאלאץ פון דעם געוועזענעם א ו י ב ע ר ה ו י ז (אין לוקסעמבורג) און דארט האבען זיי גענומען פארהאנדלען — צוערשט פראיעקטען פון פראדוקציאנס־געזעלשאפטען פון ארבייטער, וואס האבען געזאלט געגרינדעט ווערן דורך הלוואות פון דער רעגירונג (אויב עס וועט זיין געלט), און שפעטער — פראיעקטען פון שטאט־קאפיטאליזם, וואס ווידאל און פעקער האבען אויסגעארבייט, אלס א ברייטע געזעצגעבענדע רע־

פארם; דאס זיינען געווען דיזעלבינע פראיעקטען, וואס ווערן איצט אנגערופען „קאלעקטיוויזם“ און ווערן ארויסגעגעבען פאר דער גייסטער דייטשער אנטדעקונג פון דעם „וויסענשאפטליכען סאציאליזם“.

און די בורזשואזיע האט דערווייל קאנצענטרירט די ארמיי ארום פאריז, האט ארגאניזירט איהר געהיימע פאליציי, האט אונטערגעקויפט די ארבייטער און איז מושווה געווארן מיט די גלחים. די קאנסטיטואנטע, וועלכע איז דערוועהלט געווארן דורך אלגעמיינער און געהיימער אפשטימונג, האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין דורכאויס א בורזשואזע און אפען פיינדליך צו די ארבייטער. אין דערזעלבינער צייט האבען די אנהענגער פון דעם פרינץ לואי נאפאלעאן אנגעפיהרט זייער פראפאגאנדע צווישען דער ארבייטערבאפעלקערונג, אנווייזענדיג די ארבייטער אויף דער פיינדליכקייט פון דער רעפובליקאנישער בורזשואזיע צום סאציאליזם און ארויסרופענדיג אין זיי די האפענונג, אז דער „פרינץ“, וועלכער האט אנגעשריבען א בוך וועגען דעם פראלעטאריאט און האט געהערט צו דער געהיימער געזעלשאפט פון די קארבאנארען, וועט באגליקען די ארבייטער, אזוי שנעל ווי ער וועט נאר קומען צו דער מאכט. די דאזיגע אימפעריאליסטישע פראפאגאנדע האט באגעגענט ניט ווייניג סימפאטיע צווישען בי שטאט-סאציאליסטען פון לואי בלאן'ס שניט.*

דאס פאריזער פאלק, און דערהויפט די קאמוניסטען-מאטעריאליסטען פון די געהיימע געזעלשאפטען, האבען דאן פארשטאנען, אז מען וועט אינגיכען מאכען א סוף צו דער רעוואלוציע, און זיי האבען דעם 15-טען מאי געמאכט א פארזוך אראפצווזעצען די רעגירונג און צעלאזען די נאציאנאלע פארזאמלונג. עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. די באוועגונג איז ניט געלונגען און די הויפט-אנפיהרער איהרע — בלאנקי, בארבעס און אנדערע — זיינען פארשפארט געווארן אין געפענגעניש.

* זינט דאן האט דער גלויבען אין א דיקטאטאר, וואס וועט איבערנעמען אין זיינע הענט דעם קאמף פון די פראלעטאריער, ניט אויפגעהערט צו ווערן טיכטיג געשטיצט אין פראנקרייך, ענגלאנד און דייטשלאנד, און האט אנגעטאן פיל שאדען דער ארבייטער באוועגונג.

א חודש שפעטער האט די בורזשואזיע ממש פראוואצירט דאס פאריזער פאלק צו אן אויפשטאנד. זי האט איצט געהאט די אר־מיי, וועלכע איז געווען קאנצענטרירט ארום פאריז, און א זיכערן גענעראל אלס איהר קאמאנדיר, און די ארבייטער זיינען דורך ארבייטסלאזיגקייט און הונגער געבראכט געווארן צו א צושטאנד פון פארצווייפלונג. אין פעברואר האבען זיי אוועקגעגעבען „דריי חדשים ארימקייט פאר דער רעפובליק", האפענדיג, אז פאר דער דאזיגער צייט וועט עפעס געטאן ווערן פאר זיי. איצט, ווען יעדע האפענונג אויף דער בורזשואזער רעפובליק איז צעשטערט געווארן, האבען זיי געמאכט אן אויפשטאנד. צוערשט האבען זיך אין זייערע רייהען נאך געהערט אויסרופען: „עס זאל לעבען נאפאלעאן!", אבער אויפ'ן צווייטען טאג פון אויפשטאנד האבען זיי אויפגעהויבען אויף די באריקאדען א רויטע פאהן, און זייער רוף איז געווארן: „ברויט אדער קוילען! ארבייט אדער טויט! עס זאל לעבען די סאציאלע רעפובליק!"

די שלאכט איז געווען א פארצווייפעלטע, זי האט געדויערט עטליכע טעג. אבער די ארבייטער זיינען געשלאגען געווארן און דא האט זיך אנגעהויבען די שרעקליכע רעאקציע, וועלכע האט זיך געצויגען פון דאן אן גאנצע צוואנציג יאהר.

די בורזשואזיע האט געווילדעוועט אויף אלע כלים. די בעסטע מענשען פון די פאריזער ארבייטער האט מען אויסגע'הרג'עט; די געפאנגענע האט מען צעשאסען מאסענווייז; טויזענטער אנדערע האט מען פארשיקט. און ווען מען האט אפגעשוואכט פאריז, איז די רעפובליק גופא איינגיכען דערשטיקט געווארן, פארטרונקען אין בלוט פון נאפאלעאן דעם 2טען (1852). די אימפעריע איז פראקלאמירט געווארן. סאציאליזם איז געווארן א פארבאטען ווארט. די בורזשואזיע האט בייגעשטייערט גרויסע סומען געלט אויף צו פארשפרייטען אנטי־סאציאליסטישע ליטעראטור, און די פריהערדיגע ליטעראטור האט מען קאנפיסקירט און פארניכטעט. די גאנצע רויזיגע ארבייט, וואס די סאציאליסטען אין פראנקרייך האבען אויפגעטאן ביז'ן יאהר 1848, איז פארגעסען געווארן.

א פינסטערניש האט באדעקט גאנץ אייראפע, ווען באלד נאך פראנקרייך זיינען די רעוואלוציאנערע אומרוהען דערשטיקט געווארן אויך אין איטאליע, אין עסטרייך, אין פרייסען, אין אונגארן. און די

דאזיגע פינסטערניש האט אנגעהאלטען אזוי ווייט, ווי ביז די זעכ־ציגער יאהרען.

ערשט דאן האבען זיך אין פראנקרייך באוויזען סמנים פון אויפוואכונג, און אין 1866 איז פון דער פאראייניגונג צווישען די פאריזער און ענגלישע ארבייטער געשאפען געווארן דער צ ו ו י־ש ע נ פ ע ל ק ע ר ל י כ ע ר פ א ר א י י ן פ ו ן א ר ב י י־ט ע ר, אדער דער א י נ ט ע ר נ א צ י א נ א ל, וואס פון איהם האט זיך עם אנגעהויבען די נייע באוועגונג פון דעם אייראפעאי־שען פראלעטאריאט.

אין צוויי־דריי יאהר האט זיך דער אינטערנאציאנאל שנעל אנטוויקעלט און איז געווארן א קראפט. די צאהל ארבייטער, וואס האבען געשיקט זייערע דעלעגאטען אויף די יעהרליכע קאנגרעסען פון דעם אינטערנאציאנאל, און די דרייסטקייט פון זייערע סאציא־ליסטישע פאדערונגען, וואס איז מיט יעדען יאהר אלץ מעהר גע־שטיגען, האט אנגעווארפען א מורא אויף דער בורזשואזיע. די אר־בייטער פון פאריז, ליאן און אנדערע שטעט האבען שנעל אנגע־הויבען אפרופען זיך, ווי נאר זיי האבען דערפיהלט די נייע באַ־וועגונג. די בעסטע מענשען פון די ארבייטער זיינען צוגעשטאנען צום אינטערנאציאנאל און האבען צוליב איהם אויסגעהאלטען אין פאריז דריי פראצעסען. די אלטע קאנסערוואטיווע רעפובליקאנער, ניט־ארבייטער, זיינען אויך געצוואונגען געוועזען א ריהר צו טאן זיך, און די מאכט פון דער אימפעריע איז באלד אונטערגעגראבען געווארן. די שטאט פאריז האט זיך אנגעהויבען ריהרן אין איהרע טיפענישען. עס זיינען אומעטום פארגעקומען פארזאמלונגען, — מען האט פון זיי גאר פארגעסען צו טראכטען זינט דעם 1848טען יאהר, — און דער סאציאליזם און די סאציאלע איבערקערעניש זיינען אויף אט־די פארזאמלונגען געווארן די הויפט טעמעס.

די נאפאלעאנישע אימפעריע איז צעפאלען געווארן אונטערן דרוק פון די יונגע קרעפטען. די רעאקציע האט זיך געלאזט אויף קאמפראמיסען, האט צונויפגעשטעלט א „ליבעראלען מיניסטעריום", — אבער דאס אלץ האט איהר ווייניג וואס געהאלפען. פאריז איז אויפגערודערט געווארן, און שוין אין דעם טאג פון דער לויה פון וויקטאר נואר, וואס איז אויף א פארעטערישען אופן דער׳הרג׳עט

געוואָרן פון איינעם פון די פרינצען באָנאַפּאַרטען, איז געוואָרן קלאָר, אַז די טעג פון דער אימפּעריע זיינען געצעהלטע.

אין יענער צייט, אין יולי 1870, האָט אויסגעבראָכען די פראַנ־צויזיש־דייטשע מלחמה. דער אויסרייד פאַר דער מלחמה איז, ווי אַלע מאָל, געווען אַ פּוסטער. אָבער ביידע רעגירונגען, די נאַפּאָ־לעאָנישע און די פּרייסישע, ד.ה. די ביסמאַרקישע, זייענדיג זיכער מיט אַ זיעג, האָבען ארויסגערופען, פאַרשנעלערט די מלחמה, וועלכע האָט שוין פון לאַנג געוואָלט אויסברעכען. פּרייסען, וועלכע האָט די ערשטע אין אייראָפּע איינגעפיהרט ביי זיך אַלגעמיינעם מילי־טער־דינסט, האָט פריהער באַרויבט דענעמאַרק, און דערנאָך, ווען זי האָט בייגעקומען עסטרייך, האָט זי זיך געשטעלט בראש פון דעם ג ע ר מ א נ י ש ע ן פ א ר ב א נ ד. איצט האָט זי באַטראַכט די מלחמה אַלס אַ מיטעל, אין פאַל פון אַ זיעג, צו באַפעסטיגען איהר איבערמאַכט אין דייטשלאַנד. און דעריבער, וויסענדיג די לפי ערך שוואַכע כחות פון פראַנקרייך, וועלכע האָט זיך נאָך געהאַלטען ביי דעם אַלטען רעקרוטען־סיסטעם און ניט געקאָנט דעריבער אַרויסשטעלען מעהר פון אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען, — האָט ביסמאַרק, זיך באַראַטענדיג מיט מאָלטקען, פּועל געווען, אַז די מלחמה זאָל ווערן אומפאַרמיידליך. ער האָט שפּעטער אַליין זיך באַריהמט דערמיט. אין דעם מאָמענט, ווען אַלע מיספאַרשטענ־דענישען זיינען שוין אויסגעגליכען געוואָרן, האָט ער געפעלשט אַ טעלעגראַמע און זי איבערגעמאַכט אַזוי, אַז די מלחמה איז ער־קלערט געוואָרן אין פאַרלויף פון עטליכע שעה. די באָנאַפּאַרטיס־טען, פון זייער זייט, האָבען אויך געוואָלט האָבען אַ מלחמה. זיי זיינען געווען זיכער, אַז די נצחונות פון פראַנקרייך וועלען באַפעס־טיגען דעם טראָן פון דער נאַפּאָלעאָנישער דינאַסטיע און זיי האָ־בען געשריען: „קיין בערלין!"

מיר ווייסען מיט וואָס די דאָזיגע שרעקליכע מלחמה האָט זיך געענדיגט. נאָך אַ פאַרצווייפעלטער, דריי־טאָגיגער שלאַכט ביי גראַוועלאָט, איז די פראַנצויזישע הויפּט־אַרמיי צעקלאַפּט געוואָרן; זי האָט אָפּגעטראָטען אין אומאָרדענונג אַנטקעגען די שטאַרקערע חילות פון די דייטשען, און, לסוף, ווען זי איז אַרומגערינגעלט געוואָרן ביי דער בעלגישער גרעניץ, האָט זי דעם 2־טען סעפּטעמ־בער זיך אונטערגעגעבען אינאיינעם מיט נאַפּאָלעאָנ'ען. אָט אַזוי

אין די אימפעריע געפאלען. דעם 4־טען סעפטעמבער איז אין פאריז פראקלאמירט געווארן די רעפובליק.

איצטער, מיט'ן פאלען פון דער קריגערישער נאפאלעאנישער אימפעריע, האט די מלחמה, דאכט זיך, באדארפט אויפהערן. אזוי האבען דאס פארשטאנען די ארבייטער אין דעם אינטערנאציאנאל — אפילו אין דייטשלאנד גופא — און כמעט גלייכצייטיג האבען די יורא־איינוואוינער אין דער שווייץ און דער צענטראלער קאמיטעט פון דער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער־פארטיי אין בראונשווייג־וואלפענביטעל ארויסגעלאזען מאניפעסטען, וואס האבען געפאדערט דאס שליסען פון שלום. דער דייטשער מאניפעסט, פאר וועלכען די מיטגלידער פון קאמיטעט, בראקע, באנגארסט, שפיר, קיון און גראלע זיינען מוטיג געגאנגען אין געפענגעניש, איז געווען באזונדערס מערקווירדיג, ווייל ער האט געפאדערט, אז מיט נאפאלעאנ'ס פאלען זאל גלייך געשלאסען ווערן שלום, „אהן שאדען פאר'ן פראנצויזישען פאלק".

אין עטליכע טעג ארום האט דער גענעראל־ראט פון דעם אינטערנאציאנאל אויך ארויסגעלאזט אן עהנליכען אויפרוף; און דעם 14־טען סעפטעמבער זיינען דר. יאקאבי און העיב,ביידע פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי, אוועק אין געפענגעניש פאר אן עפענטליכען פראטעסט אויף א פארזאמלונג קעגען דער אנעקסירונג פון עלזאס און לאטרינגען. באלד נאך זיי האבען פאר'ן זעלביגען פראטעסט געפאלגט אויך בעבעל און ליבקנעכט. אבער די דייטשע רעגירונג האט טאקע געשטרעבט אוועקצונעמען פון פראנקרייך עלזאס און לאטרינגען; זי האט געוואלט פארנעמען די הויפטשטאט פון פראנקרייך, ארויפלעגען אויף איהר א שווערע קאנטריבוציע, און די דייטשע חילות האבען אינגיכען ארומגערינגעלט פאריז און אנגעהויבען די באלאגערונג.

דעמאלט איז עס פאר פילע געווארן קלאר, אז דייטשלאנד האט געפיהרט די מלחמה ניט נאר קעגען נאפאלעאנ'ס שטרעבונג צו מאכט, ווי מען פלעגט וועגען דעם ריידען אין אנהויב, נאר קעגען אלע, וואס פראנקרייך האט פארגעשטעלט מיט זיך אין איראפע. פאר די רעוואלוציאנערן איז געווארן קלאר דאס, וואס באקונין האט אזוי בולט איבערגעגעבען אין זיינע „בריעף צו א פראנצויז", — ד. ה. אז פראנקרייך'ס מפלה וועט זיין די מפלה פון דעם רעוואלוציאנערן

גייסט אין גאנץ אייראפע, — יעדענפאלס אויף א פופציג יאהר צייט. גאריבאלדי האט געלאנדעט אין מארסעל און פרייוויליגע פון פארשיידענע נאציאנאליטעטן האבן אנגעהויבן צונויפקומען זיך צו איהם פאר דער פארטיידיגונג פון דער רעפובליק, און אין פראנקרייך גופא איז געמאכט געווארן א גאנצע רייהע פארזוכען צו פראקלאמירן קאמונעס, צוזאמענצושטעלען די פעדעראציע פון פרייע קאמונעס און, קעמפענדיג קעגען דעם פעאדאלען דייטשלאנד, אויפהויבען אין דערזעלביגער צייט א פאלקס־אויפשטאנד און אנהויבען די סאציאלע רעוואלוציע.

די דאזיגע פארזוכען האבן עס צוגעגרייט די מענשליכע מחות צו דער פראקלאמירונג פון דער קאמונע אין פאריז.

דעם 15־טען סעפטעמבער איז באקונין שוין געווען אין ליאן, צוגרייטענדיג דעם אויפשטאנד, און דעם 28־טען סעפטעמבער, באנוצענדיג זיך מיט אן ארבייטער־מאניפעסטאציע, האט זיך די באוועגונג אנגעהויבען. די ארבייטער האבן פארנומען דאס ראטהויז און ערקלערט די אפשאפונג פון יעדער מאכט; אבער די באוועגונג איז ניט געשטיצט געווארן פון די ארבייטער־מאסען און די בורזשואזיע האט אינגיכען איינגעשטעלט „ארדענונג". דער כאראקטער, וועלכען די אינטערנאציאנאליסטען האבן געוואלט צוגעבען דעם אויפשטאנד, איז געווען אויסגעדריקט אין א פראקלאמאציע, וואס זיי האבען ארויסגעלאזען מיט צוויי טעג פאר דעם אנהויב פון דער באוועגונג; אין דער דאזיגער פראקלאמאציע איז פארגעשלאגען געווארן דעם פאלק צו פראקלאמירן די אפשאפונג פון דער גאנצער רעגירונגס־מאכט און צו גרינדען, אנשטאט דעם, קאמונאלע זיכערקייט־קאמיטעטען און א פעדעראציע פון אזוינע קאמיטעטען; צו פארניכטען די געריכטען און די עקזיסטירנדיגע שטייערן, ווי אויך אלע חובות דורך משכנות פון אומבאוועגליכען אייגענטום; דערפאר אבער זאלען אויפגעמאנט ווערן נייע שטייערן פון די רייכע, לויט די באדערפענישען פון דער רעוואלוציע.

נאך ליאן זיינען עהנליכע באוועגונגען פארגעקומען אויך אין מארסעל (פון דעם 31־טען אקטאבער ביז'ן 3־טען נאוועמבער), אין רואן, אין ברעסט און, לסוף, אין פאריז, אויך דעם 31־טען אקטאבער, אונטער דער פיהרערשאפט פון בלאנקי. אומעטום איז דאס פאלק געווען אויפגערעגט און אומעטום זיינען מענשען געקומען

צום געדאנק, אז נאר א רעוואלוציאנערע קאמונע וואלט געקאנט ראטעווען פראנקרייך פון א פולשטענדיגען חורבן. אבער די בור־זשואזיע, זעהענדיג אז די רעוואלוציע וועט זיך ניט באנוגענען בלויז מיט א פאליטישער איבערקערעניש, נאר וועט גלייך אננעמען א פאלקסמעסיגע סאציאלע ווענדונג, — די בורזשואזיע איז אומע־טום גלייך ארויסגעטראטען ענערגיש און האט, ווערנדיג געשטיצט פון נאמבעטא'ס בורזשואזער רעגירונג, וועלכע האט אפגעהאל־טען איהרע זיצונגען אין טור, גלייך דערשטיקט די באוועגונג. דאס פאלק איז געווען ניט־באוואפענט און האט געפיהלט זיין מאכטלא־זיגקייט; דערצו האט איהם נאך געפעלט א צענטראלע אידעע, וואס זאל קאנען פאראייניגען אלע מענשען, וועלכע האבען פארלאנגט א סאציאלע איבערקעהרעניש.

און דאך האט דער געדאנק וועגען א קאמונע, וואס זאל, ווי די פאריזער קאמונע פון 1792, איבערנעמען אין איהרע הענט די פארטיידיגונג פון דער טעריטאריע און די אויפגאבע פון א ס א־ צ י א ל ־ ר ע וו א ל ו צ י א נ ע ר ע ר צעשטערונג פון דער עקזיס־טירענדיגער ארדענונג, — דער דאזיגער געדאנק האט זיך אלץ מעהר אנטוויקעלט אין פראנקרייך; און ווען דאס פאריזער פאלק, וואס האט בעת דער באלאגערונג זיך באוואפענט, האט נאך דער שליסונג פון שלום נאר באקומען א מעגליכקייט, האט עס גלייך פראקלאמירט זיין קאמונע.

## 2.

וואס מעהר די צענטראלע מאכט האט ארויסגעוויזען איהר אומפעהיגקייט אפצושטעלען דעם דייטשען אנגריף, אלץ באַ־שטימטער האט אין די אינטעלעקטועלע צענטערס פון פראנק־רייך זיך אנטוויקעלט דער געדאנק וועגען די אומאפהענגיגע רע־וואלוציאנערע קאמונעס. אריינטרעטענדיג אין א פעדעראלען פאר־באנד, וואלטען זיי געקאנט ארגאניזירען דעם רעוואלוציאנערן ווי־דערשטאנד פון פ א ל ק קעגען דער דייטשער אריינדרינגונג.

מעהר פון אלץ האט זיך דער דאזיגער געדאנק אנטוויקעלט אין פאריז, בעת דער דריי־מאנאטדיגער דייטשער באלאגערונג. די פולשטענדיגע אומפעהיגקייט פון דער רעגירונג צו ארגאניזירן

די פארטיידיגונג פון פאריז און איהר פשוט ניט־וועלען אויסנוצען די שעפערישע כחות פון פאלק און דעם העראאיזם פון די מאסען פאר דער פארטיידיגונג פון דער שטאט און דער צוריקשטויסונג פון די דייטשען, האבען געעפענט די ארבייטער די אויגען. עס איז באוואוסט, אז עס איז געווען איין מאמענט, ווען דער רינג פון די דייטשע ארמייען, וואס האט ארומגערינגעלט פאריז, איז שיר ניט דורכגעבראכען געווארן דורך אן איבערפאל פון די באלאגערטע פאריזער, אין פארבינדונג מיט דער ארמיי, וועלכע איז געגאנגען פון דרום זיי צו הילף; אבער די בורזשואזע רעגירונג האט פשוט ניט געוואלט, אז נאך דער נידערלאגע פון די ארמייען זאל דאס באוואפענטע פאלק באפרייען פראנקרייך פון דער אריינדרינגונג. זי האט זיך געשראקען פאר'ן פאלק פיל מעהר, ווי פאר די דייטשען, און נאך מעהר פאר א באוואפענטען און זיגרייכען פאלק. — „דעמאלט וועט זיך ווידער אנהויבען דאס יאהר 1793", — האבען זיי געזאגט.

זיי האבען דעריבער בעסער אויסגעקליבען פשוט צו פארדרעהען די פאריזער דעם קאפ, זיי אמוזירן און, לסוף, איבערגעבען די שטאט צו די דייטשען אונטערן אויסרייד פון הונגער, בעת אין דער אמת'ן איז געווען פראוויזיע אויף נאך א פאר חדשים. מען איז איבערגעגעבען געווארן פון דעם פאררעטער באזען און פאריז — פון די פאררעטער זשול פאוור און טראשיו.

דעמאלט איז דער שלום געשלאסען געווארן. אין בארדא האט זיך פארזאמעלט די נאציאנאלע פארזאמלונג, — א פולשטענדיגע פארקערפערונג פון דער מורא פאר די קעשענעס, וואס עס האט געפיהלט די דארפישע און שטאטישע בורזשואזיע, — און איהר שנאה צו די פאטריאטען, וועלכע האבען געוואלט ווייטער פיהרען די מלחמה, צום פאלק בכלל, צו דער רעפובליק, און דערהויפט צו דער רעבעלישער פאריז, האט גאר ניט געהאט קיין מאס. די פארזאמלונג האט אויסגעפייפט גאריבאלדי'ן, זי האט פארדאמט אפילו גאמבעטא'ן, און מען האט געקאנט יעדער מינוט ערווארטען, אז זי זאל צוריק אויפשטעלען די מאנארכיע, — אפשר נאך אפילו נאפאלעאנ'ס פרוי, אייזשעניע, מיט איהר זוהן.

אבער בעת דער באלאגערונג האט דאס פאריזער פאלק, וואס איז שוין פאר דער מלחמה געווארן דורכנעדרונגען מיט די אידעען

פון סאָציאַליזם, פיעל געלערנט פון דעם לעבען אליין. ווען די רייט־שען האָבען ארומגערינגעלט די שטאָט מיט זייער אייזערנעם רינג און עס איז געוואָרן קלאָר, אז די באַלאַגערונג וועט לאנג דויערן, וואָלט געווען נאַטירליך צו קוקען אויף דער גאַנצער שטאָט, ווי אויף איין גרויסער פאַמיליע: מען וואָלט באַדאַרפט אָפּשטעלען דאָס צאָהלען דירה־געלט (ווייל אלע ארבייטען האָבען זיך אָפּגע־שטעלט), מען וואָלט באַדאַרפט צוזאַמענשטעלען רשימות פון דער גאַנצער פּראָוויזיע, וואָס די שטאָט האָט פאַרמאָגט, און אויסטיי־לען צו די איינוואוינער גלייכע פּאָרציעס, לויט די באַדערפעניסען, — מיט איין וואָרט, טאָן דאָס, וואָס וואָלט אויפ'ן בעסטען שטייגער געקאָנט פאַרזיכערן די פאַרטיידיגונג פון דער באַפעס־טיגטער שטאָט. די בורזשואַזיע האָט דאָס אַלץ ניט דערלאָזען. די אַרימעלייט האָבען געהונגערט און געציטערט פון קעלט, די קינ־דער פון די ארבייטער זיינען אויסגעשטאָרבען פון קעלט און הונ־גער, און דאָס פאָלק האָט דאָן פאַרשטאַנען, אז צווישען איהם און דער בורזשואַזיע ליגט אַן אָפּגרונט, וואָס מען קאָן איהם מיט קיין זאַך ניט אָנפילען, אפילו ניט אין אַזוינע מאָמענטען.

דער געדאַנק וועגען אַ רעוואָלוציאָנערער קאָמונע, וואָס זאָל, ווי די קאָמונע פון 1792, אויסגלייכען די אַרימעלייט און די רייכע, האָט דעמאָלט אָנגעהויבען אַלץ קלאָרער און פעסטער אריינדרינ־גען אין די מחות פון די פאַריזער.

בעת דער באַלאַגערונג זיינען אַלע פּאַריזער געווען באַוואָפענט. עס איז געשאַפען געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע און די פּאַריזער זיינען באַשטאַנען דערויף, אז די אָפיצירען אין די באַטאַליאָנען זאָלען אַלע ווערן אויסגעוועהלט. אויף אַזאַ אופן איז פון די קאָ־מאַנדירן פון די באַטאַליאָנען צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ באַזונדער צענטראַלער קאָמיטעט, וואָס איז דורכאויס געווען פון אַ פאָלקס־טימליכען כאַראַקטער און אין וועלכען די ארבייטער, — בלאַנקיס־טען און מיטגלידער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, — זיינען געווען אַ דאָמינירענדיגער עלעמענט.

לסוף האָבען אייניגע ארבייטער־באַטאַליאָנען באַשטעלט פאַר זייער אייגען ביסעל געלט קאַנאָנען און מיטראַליעזען, וואָס זיינען אַזוי ארום געווען דאָס אייגענטום פון די באַטאַליאָנען. די דאָזיגע קאַנאָנען האָבען זיי איצט ניט איבערגעגעבען דער רעגי־

רונג (וועלכע האט, אגב, געהאט בדעה אוועקצוגעבן זיי די דייט־שען), נאר אוועקגעפיהרט אין דעם ארבייטער־קווארטאל, אויפ'ן שפיץ פון דעם בארג מאנמארטר, וואו דאס פאלק האט זיי ארומ־גערינגעלט מיט גראבענס און באוואכט בייטאג און ביינאכט.

די בורזשואזע רעגירונג האט זיך געפונען אין טיער'ס הענט, — אין די הענט פון איינעם פון די געמיינסטע מיניסטארן פון לואי־פיליפ אין די פערציגער יאהרען, א טיפישען בורזשוא, א בייזוויליגען פאלקס־פיינד און דערצו נאך א זעלבסט־איינגעגלויב־טען היסטאריקער, וועלכער האט געטרוימט איינצושטילען און איינ־צוצאמען דאס פאלק לויט זיין איינענעם פלאן. נאך אין יאהר 1848 האט ער אויסגעארבייט א פלאן, ווי אזוי איינצושטילען פאריז אויף פיעל יאהרן מיט דער הילף פון א פולשטענדיגען חורבן. און די פאלקס־פארזאמלונג איז אפשר געווען נאך נידער־טרעכטיגער פון טיער'ן. זיי האבען צוזאמען באשלאסען בשום אופן ניט אומקערן זיך צוריק קיין פאריז, פאר וועלכער זיי האבען זיך געשראקען, נאר פארבלייבען אין ווערסאיל. פאריז האט אזוי ארום אויפגעהערט צו זיין די הויפט־שטאט.

אבער דאס איז נאך אלץ געווען ווייניג. זיי האבען באדארפט אנטוואפענען פאריז, ווייל די בורזשואזיע האט ניט געקאנט זיך בארוהיגען, כל זמן די פאריזער ארבייטער זיינען נאך פארבליבען באוואפענט. און כדי צו אנטוואפענען דאס פאלק, האט מען בא־דארפט אנהויבען פון די קאנאנען. און אט, אין דער נאכט פון דעם 17־טען אנטקעגען דעם 18־טען מערץ האבען סאלדאטען עפעס אויף א געהיימניספולען אופן גענומען ארומדרעהען זיך איבער פא־ריז, פארנעמענדיג די הויפט־פאזיציעס, וועלכע זיינען וויכטיג אין פאל פון א גאסען־שלאכט, און די ארטילעריסטען זיינען געשיקט געווארן צו פארכאפען שטילערהייט די קאנאנען.

אבער דאס פאלק האט אויך ניט געדרעמעלט. אויפ'ן מאנמארטר איז געגעבען געווארן אן אלארם. די ארבייטער־באטאליאנען זיי־נען זיך שנעל צונויפגעקומען, און מיט די ארבייטער זיינען אויך געגאנגען זייערע פרויען און שוועסטער; זיי האבען זיך ארייננגע־מישט אין די רייהען פון די סאלדאטען, האבען זיך מיט זיי גע'־חברט: זאגענדיג צו זיי פריינדליך: „ווילט איהר דען טאקע אונז

הרג'ענען?" — האבען ארייגעבראכט אן אומארדענונג אין זייערע רייען, — און די זאך האט זיך געענדיגט דערמיט, וואס די סאל־דאטען האבען זיך אפגעזאגט צו פאלגען זייערע אפיצירען און אויפגעהויבען די ביקסען מיט די קאלבעם ארויף.

און דערווייל איז ווארלען (א פריינד פון די באקוניסטען) שוין געלאפען מיט זיין באטאליאן צו דעם שטאטישען ראטהויז און נאך איהם האבען געפאלגט אנדערע ארבייטער באטאליאנען. דער געשריי „קאמונע!" האט אלע קלערער גענומען זיך הערען צווישען זיי.

טיער האט זיך צוגעאיילט ארויסצופיהרען אלע סאלדאטען פון פאריז, כדי זיי זאלען ניט איבערגעהן אפענערהייט אויף דער זייט פון דעם אויפשטאנד, און האט באפוילען אלע רעגירונגס־באאמטע צו פארלאזען זייערע פלעצער און ארויספאהרן קיין ווערסאיל.

און אט, ארום פארנאכט, איז פאריז אהן א קאמף אויף די באריקאדען און אהן בלוט־פארגיסונג געווארן פריי. דאס פאלק האט בלויז דערשאסען צוויי גענעראלען, קלעמאן און טאם, וואס איינער פון זיי האט נאך אין יוני, 1848, זיך באריהמט געמאכט מיט מארדען ארבייטער. אין ראטהויז איז פראקלאמירט געווארן די קאמונע און פאריז איז אזוי ארום געווארן פריי צו באשטימען אליין איהר אייגענעם שיקזאל.

שטארק האבען געקלאפט די הערצער פון די פאריזער אין יענע פריהלינג־טעג פון 1871. אלע האבען געפיהלט, אז עס האט זיך אנגעהויבען עפעס נייס, אז עס איז אויפגעקומען עפעס אזוינס, וואס די געשיכטע האט נאך קיינמאל דערפון ניט געוואוסט. אפילו די בורזשואזיע האט דאס געפיהלט. „און ווען איך מיט מיין ברודער זיינען פון אונזער מאנסארדע ארויס אויף דער גאס", — אזוי האט מיר דערצעהלט עליזע רעקלו, — „האבען אפילו די בורזשועז צווישען אונזערע באקאנטע אונז ארומגערינגעלט און גע־זאגט: נו, לאמיר געהן פאראויס! מיר זיינען גרייט! זאגט אונז, וואס מיר זאלען טאן!"

אין די פריהערדיגע צייטען, ווי נאר עס פלעגט פארקומען א רעוואלוציע אין דער הויפט־שטאט, פלעגט פאריז באשטימען א צייטווייליגע רעגירונג און ארויסשיקען פארשריפטען איבער גאנץ פראנקרייך. איצט האט פאריז זיך אליין אנטקרוינט. זי האט ער־קלערט, אז זי פרעטענדירט ניט צו הערשען איבער פראנקרייך,

זי וויל אבער אויך ניט, אז פראנקרייך זאל הערשען איבער איהר; זי איז אן אומאפהענגיגע געמיינדע. זי וועט שליסען אן אפמאך מיט גאנץ פראנקרייך, מיט די אנדערע געמיינדעס. זי וועט מיט פארגעניגען בייטראגען איהר חלק שטייערן, צאלונגען, חובות, קאנט־ריבוציע, — וויפיל עס וועט אויף איהר אויספאלען. זי וועט גערן געהן צו דער פארטיידיגונג פון גאנץ פראנקרייך.

אבער ביי זיך אין דער היים איז זי אליין די באלעבאסטע. פאריז וועט אליין פאר זיך באשליסען, ווי זי זאל לעבען און ווי זי זאל האנדלען אין איהרע אייגענע וועגנט: ווי זי זאל זיך שפייזען, וואס זי זאל פראדוצירן, וואס פאר א פאליטישע ארדענונג זי זאל זיך שאפען, ווי זי זאל לערנען איהרע קינדער, ווי זי זאל זיך פאר־טיידיגען.

זי וויל ניט צעברעקלען פראנקרייך אויף קליינע שטאטען. זי וועט, פארקערט, שליסען אן ענגען בונד מיט אנדערע פרייע געמיינ־דעס, און דער דאזיגער בונד, א דירעקטער און אוממיטעלבארער, וועט זיין פיל ענגער, ווי דער, וואס עקזיסטירט דורך דער פאר־מיטלונג פון דער ק א מ ע ר פ ו ן ד י ד ע פ ו ט י ר ט ע און דורך דער רעגירונג, וואס אין דער אמת'ען רעפרעזענטירן זיי גאר־ניט דאס לאנד. אבער די פאריזער פארלאנגען א רעפובליק און וועלען ניט אננעמען קיין מאנארכיע, אויב די איבעריגע דערפער אדער שטעט וועלען וועלען זוכען פאר זיך א מלך. אויב די דא־זיגע דערפער נויטיגען זיך אין גלחים, וואס ווערן געהייליגט דורך דעם פויפסט, נויטיגט זיך אבער פאריז ניט אין זיי, און זיי וועט דעריבער די גלחים גארניט צאלען. מיט איין ווארט, זי וועט קיי־נעם ניט לאזען אריינמישען זיך אין דעם גאנצען אינעווענינגסטען סדר פון איהר לעבען.

אמת, די פאריזער האבען גאנץ גוט פארשטאנען, אז האבענ־דיג, פון איין זייט, קענען זיך די דייטשע ארמיי און, פון דער אנדער זייט, די ווערסאילער ארמיי, האט די יונגע קאמונע געקאנט וועניג וואס האפען אויף א זיג. דער חורבן איז געוועזן כמעט אומ־פארמיידליך. אבער די מאכט פון די געשעהענישען איז פיל שטאר־קער, ווי די אויסרעכענונגען פון איינצעלנע מענשען, און אלע זיי־נען געגאנגען פאראויס, פארשטעהענדיג, אז אפילו אין פאל פון א נידערלאגע וועט ד י נ י י ע א י ד ע ע אלץ ווערן פראקלא־

מירט, און די דאזיגע נייע אידעע וועט ניט דערלאזען אז די מאנאר־כיע זאל ווידער איינגעפיהרט ווערן אין פראנקרייך.

און די אידעע איז באמת געווען א נייע. די פאריזער געמיינ־דע האט ארויסגעפיהרט אין פאדערגרונד דאס פ א ל ק, אנשטאט דער ר ע ג י ר ו נ ג. ניט קיין פיהרער, ניט קיין פאליטיקער, נאר דאס פאלק. די ערשטע פראקלאמאציעס פון דער קאמונע זיי־נען אונטערגעשריבען געווארן פון אן איינבינדער, א מינען־ארביי־טער, א קוכער, — פון א ר ב י י ט ע ר, — און ניט פון קיין איין אדוואקאט, אדער דעפוטאט, אדער זשורנאליסט, אדער גע־נעראל! * און ווי אזוי האט זיך די בורזשואזיע ניט געזאלט פאר־האלטען צו איהר מיט פיינדשאפט, ווען דאס דאזיגע פאלק האט אין א צייט, ווען אלץ האט אויסגעזעהען צו זיין אזוי נעפעלדיג, גלייך אוועקגעשטעלט דעם גאנצען פראגראם פון דער צוקונפט:

די אומאפהענגיגע קאמונע, אין וועלכער עס זאל זיך קאנען אנטוויקלען די סאציאליסטישע ארדענונג.

אין די לעצטע יאהרען איז אין פאריז פיעל גערעדט געווארן אויף די פאלקס־פארזאמלונגען וועגען סאציאליזם. די נויטיגקייט פון סאציאלע רעפארמען איז גוט פארשטאנען געווארן פון די פא־ריזער ארבייטער — די אנטוויקעלטסטע ארבייטער פון דער גאנ־צער וועלט; זיי האבען אבער אויך פארשטאנען, אז עס איז נויי־טיג צו געפינען א נ י י ע פאליטישע פארם, אין וועלכער דער סאציאליזם זאל קאנען פארווירקליכט ווערן, און זיי האבען זי גע־זוכט.

אז די דאזיגע פארם קאן ניט זיין קיין רעפובליק, ווען אפילו מיט א קאמער פון דעפוטירטע, וואס זאלען ווערן דערוועהלט דורך אלגעמיינע וואהלרעכט, — אין דעם האבען די פראנצויזען זיך איבערגעצייגט דורך דער שווערער ערפארונג פון די יאהרען 1850—1848.

---

* דערויף האט שוין געהאט אנגעוויזען ארטור ארנו אין זיין „פאלקסטימליכע און פראלעטארישע געשיכטע פון דער פאריזער קא־מונע“, אין דריי בענד. עס וואלט שוין לאנג א יושר געווען איבערצו־זעצען זי און ניט די שלעכטע געשיכטע פון ליסאגארע, וואס איז באליבט ביי די מארקסיסטען.

אויב די דייטשען ווערן נאָך עד היום מיטגעריסען פון דעם שטאַט־סאָציאַליזם און לעבען נאָך מיט לאַסאַל'ס אידעאַלען, איז דאָס אין די לאַטייניש לענדער, און דערהויפט אין פראַנקרייך, שוין געוואָרען אַ זאַך פון דער געשיכטע. אין פראַנקרייך, און נאָך מעהר אין פּאַריז, האָבען די אַרבייטער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איי־בערגעבען דער מלוכה, אַלס אַ צוגאָב צו איהרע איצטיגע רעכט, די אויפפּאַסונג איבער דער פּראָדוקציע און די פאַרטיילונג פון דעם וואָס מענשען דאַרפען האָבען צום לעבען, וואָלט געהייסען שאַפען די שרעקליכסטע טיראַניי. מען האָט געמוזט זוכען פאַר דער סאָ־ציאַלער אָרדענונג אַ נייע פאָרם פון פּאָליטישען לעבען.

פּאַריז האָט איצט אַנגעוויזען אויף דער דאָזיגער פאָרם. דאָס וועט זיין די פרייע געמיינדע, די אומאָפּהענגיגע קאָמונע און ניט דער נאַציאָנאַלער פּאַרלאַמענט. ניט וואַרטענדיג אויף דעם איבע־ריגען טייל פון פראַנקרייך, דאַרף די קאָמונע אָנהויבען ביי זיך, אין איהר ענגערער אומגעבונג, די נויטיגע סאָציאַלע רעפאָרמען. די אַרבייטער־פעראיינען דאַרפען, ווי אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, ווערען די צעלע פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע. זייער פע־דעראַציע וועט צוזאַמענשטעלען די געמיינדע, און פון דער פע־דעראַציע פון געמיינדעס וועט צוזאַמענגעשטעלט ווערען די נאַציע.

צום אומגליק דאַרף יעדער נייע אידעע זיך רעכענען אין לע־בען מיט די איבערבלייבענישען פון דעם אַלטען, און דער קאָנסער־וואַטיזם פון די מענשען איז אַזאַ, אַז זיי וועלען זיך באַמיהען איינ־צופּאַסען אין אַן אַלטער ראַם אפילו אַ נייע, נאָר וואָס אויפקומענ־דיגע אידעע. אַזוי איז עס אויך געשעהן מיט דער קאָמונע.

געהענדיג איבער אַן אויסגעטראַטענעם וועג, האָט דער צענט־ראַלער קאָמיטעט, ד.ה. דער ראַט פון די אַרבייטער־דעפּוטאַטען, וועלכע זיינען דערוועהלט געוואָרען דורך די באַטאַליאָנען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, — דער ראַט, וואָס די איבערקערעניש פון דעם 18־טען מערץ האָט איהם געבראַכט צו דער מאַכט, — גלייך איינגעלאַדען די פּאַריזער אויסצוקלייבען פאַר זיך אַ רעגירונג. אַנשטאַט צו ווענדען זיך צו די אַרבייטער־מאַסען און זעהן שאַפען מיט זייער הילף אַ נייעם מין אַדמיניסטראַציע פאַר דער פאַרזאָר־גונג פון אַלע איינוואוינער פון דער שטאָט מיט שפּייז און פאַר

דער רעארגאניזירונג פון דעם אינדוסטריעלען לעבען פון פאריז, האט דער צענטראל־קאמיטעט נאר באשטימט די סאמע געוועהנליכע שטאט־וואהלען. עס איז מערקווירדיג, וואס גאנץ פאריז, אריינרעכענענדיג אויך די בורזשואזיע, האט זיך אפגערופען אויף די דאזיגע וואהלען, — אזוי ווייט זיינען אלע געווען אומצופרידען מיט דער רעגירונג פון טיער'ן וחברותא, — און 230.000 מענשען האבען זיך אין זיי באטייליגט. עס זיינען דערוועהלט געווארן די בעסטע רעוואלוציאנערן פון אלע שאטירונגען, און דעם 28־טען מערץ האט זיך פארזאמעלט דער „קאמונאל־ראט". דער צענטראל־קאמיטעט האט איהם איבערגעגעבען די גאנצע מאכט.

דאס איז געווען דער ערשטער שווערער טעות פון דער קאמונע. פון איצט אן האט זי געהאט איהר רעגירונג, און ווי אין יעדער רעגירונג, האבען אין דעם ראט זיך געטראפען מעהר פארטייידיגער פון די אלטע אנשויאונגען, ווי קעמפער פאר דער נייער אידעע, — מעהר „דעמאקראטען" פון אלטען שניט, וועז אפילו „רעוואלוציאנערן" אין דעם זין פון זיין גרייט צו גוואלט־מיטלען, ווי אנהענגער פון דער קאמונע, אלס א צעלע פון דער סאציאלער איבערקערעניש.

אזא אויפפאסונג פון דער קאמונע האט נאך ניט באוויזען צו ווערן ווייט פארשפרייט; און ווייט ניט אלע, דערהויפט פון די אזוי־גערופענע „אינטעליגענטען", האבען אזוי פארשטאנען איהר באדייטונג. די רעוואלוציאנערן פון די בלאנקיסטען און יאקאבינער, סיי די בורזשויען און סיי די ארבייטער, האבען אלע איינס ניט צוגעגעבען קיין באדייטונג דעם נייעם פרינציפ פון דער אומאפהענגיגער קאמונע און פון דעם פעדעראליזם. פאר זיי איז די קאמונע געווען ניט מעהר ווי א מיטעל צו באפעסטיגען די יאקאבינער רעפובליק. זיי האבען געלעבט מיט די עראינערונגען וועגען די יאקאבינער אין דעם קאנווענט פון יאהר 1793, — זעהענדיג די רעוואלוציע גופא אין דעם פאלשען ליכט, וואס לואי בלאן האט איהר צוגעגעבען, דערזעלביגער לואי בלאן, וואס האט פארגעטערט די יאקאבינער און ניט באמערקט דאס פאלק. די סאציאליסטישע אידעען פון דעם אינטערנאציאנאל זיינען זיי פרעמד געווען, דערהויפט נאך זיינע פעדעראליסטישע שטרעבונגען.

דערוויילי האבען די דאזיגע יאקאבינער געהאט אין דעם „קאָ־מונאל־ראט" א מאיאריטעט (אן ערך 60 מיטגלידער), בעת די מינאריטעט, די קאמונאליסטען־סאציאליסטען, וואס זיינען הויפט־זעכליך געווען צוזאמענגעשטעלט פון די מיטגלידער פון דעם ארביי־טער־אינטערנאציאנאל, האט געצעהלט בסך הכל בלויז 22 מענשען. דערצו זיינען אין דער ערשטער גרופע גראד געשטאנען אזוינע מענ־שען, וואס האבען, ווי פעליקס פיא אדער דעלעקליוז, גע'שמ'ט אלס „רעוואלוציאנערן", און אין דער צווייטער גרופע זיינען געשטאנען די „אומבאוואוסטע" פון פאלק. פאר די יאקאבינער האט כמעט נים עקזיסטירט די אידעע פון דער פ ר י י ע ר  ק א מ ו נ ע, אלס א צעלע פאר דעם סאציאלען איבערבוי פון די פעלקער. דער שטאט, און אין דעם שטאט — די דיקטאטור, זייער דיקטאטור, — דאס איז געווען זייער אידעאל. און צום באדויערן האבען פילע פון די יונגע זיך איבערגעגעבען מיט דער גאנצער נשמה דעם דא־זיגען יאקאביניזם. דאס הערשען איז אנשטעקיג: מיר האבען אין דעם שוין געקאנט זיך איבערצייגען אפילו פון אונזער רוסישער רעוואלוציע.

8.

צום באדויערן האבען ניט די ארבייטער און ניט די רעוואלו־ציאנערן פון דער אינטעליגענץ, וועלכע האבען סימפאטיזירט מיט די ארבייטער, ניט געהאט אין יענער צייט קיין קלארע פארשטע־לונג וועגען דעם, וואס מען דארף טאן, פון וואס מען דארף אנהוי־בען, כדי צו געהן צו דעם אידעאל פון א סאציאלער רעפובליק, וואס זיי האבען געזעהן פאר זיך, ווי אין א נעפעל.

. די אינטעליגענטען האבען געלעבט מיט די טראדיציעס פון די יאקאבינער פון יאהר 1793 און דער ארבייטער־אינטערנאציאנאל האט קוים אנגעהויבען דערקענען זיך זעלבסט און זיינע ארבייטער־אויפגאבען.

דער געדאנק, אז די ארבייטער פון פאריז האבען פונקט אזא רעכט אויף אלע הייזער פון דער הויפטשטאט און אויף אלע איהרע פאבריקען (וועלכע זיינען נויטיג פאר'ן ווייטערדיגען לעבען), ווי די בורזשויען, וועלכע באזיצען זיי לויט'ן געזעץ, — דער דאזיגער געדאנק, וואס אויך אין דעם א י נ ט ע ר נ א צ י א נ א ל האט

מען נאָך ניט געוואָגט אָוועקצושטעלען איהם אַפען, איז נאָך פרעמד געווען דער ארבייטער מאַסע.

אויסער דעם האָט די אַנוועזענהייט פון די דייטשע ארמייען ארום פּאַריז פּאַראַליזירט די קראַפט פון דער רעוואָלוציע. עס איז געווען קלאָר פאַר יעדען איינעם, אַז אויב די קאָמונע וועט ארויס־טרעטען אויף'ן וועג פון סאָציאַלען קאַמף וועלען די דייטשען באָמ־באַרדירען פּאַריז און זי באַלאַגערן, אינאיינעם מיט די פראַנצויזישע אַרמייען, וועלכע זיי האָבען צוליב אָט־דעם ציל טאַקע ארויסגעלאָזען פון געפאַנגענשאַפט און געבראַכט קיין ווערסאַיל.

די מלחמה, וועלכע איז געווען ווילד און גרויזאַם מצד די ווער־סאַילער, האָט זיך אָנגעהויבען שוין אין צוויי וואָכען ארום נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער קאָמונע. דעם 2־טען אַפּריל האָבען די ווער־סאַילער אומגעריכט פאַרכאַפּט אַ פעלדוואַך פון דער קאָמונע און זי דערשאָסען, און גאַליפע, דער נאַפּאַלעאָנישער גענעראַל, וועלכער האָט איצט געדינט ביי טיערן, האָט זיך דערמיט באַרימט אין זיין פּראָקלאַמאַציע. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס וועט זיין אַ מלחמה אויף לעבען אָדער טויט.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ רעגעלמעסיגע באַלאַגערונג פון פּאַריז מצד די ווערסאַילער, — מיט טראַנשעען און באַריקאַדען אויף אָוועקצושטעלען די באַטאַרייען. פּאַריז איז ארומגערינגעלט מיט גאַנץ פעסטע ווענט, מיט באַסטיאָנען און גראָבענס, און אויסער דעם, — מיט אַ גאַנצער קייט פאָרטען, וועלכע זיינען איצט געווען אין די הענט פון דער קאָמונע, מיט דער אויסנאַם פון איינעם, אפשר דעם וויכטיגסטען, מאָן־וואַלעריען. צוליב אַ טעות פון איינעם אַ ליוליע און דעם אמעריקאַנער „גענעראַל״ קלוזערע, וואָס איז באַ־שטימט געוואָרן פון דעם קריגס־„מיניסטער״, האָט מען ניט אריינ־געפיהרט קיין גאַרניזאָן פון דער קאָמונע, נאָר מען האָט זיך באַ־נוגענט מיט'ן צוזאָג פון דעם קאָמענדאַנט צו פאַרבלייבען נייט־ראַל.* דער דאָזיגער צוזאָג איז, פאַרשטעהט זיך, געבראָכען גע־

---

* די אומגעלומפּערטע אויפפיהרונג פון קלוזערע אין ליאָן, בעת באַקונין האָט דאָרט פּראָקלאַמירט די קאָמונע, און דערנאָך אין מאַרסעל, האָט, אגב, געקיינט עפענען די אויגען. פערזענליך איז ער געווען אַ זעהר בראַווער מענש, ער האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען די פאָלקס־מלחמה.

וואָרן. ווען א טייל פּאריזער, וואָס זיינען אויפגעבראכט געוואָרן פון גאליפע׳ס אויספיהרונג, האָבען דעם 3־טען אפּריל באַשלאָסען צו געהן אויף ווערסאַיל און האָבען זיך אוועקגעלאָזען אהין אין צוויי זיילען — איינע אויף קלאַמאַר, און די צווייטע — פּאַרביי מאָן־וואַלעריען (פּאַרלאָזענדיג זיך אויף זיין נייטראַליטעט), האָט דער קאָמענדאַנט פון דעם דאָזיגען פאָרט גענומען פּלוצלינג פייערן אויף דער צווייטער זייל; דאָס האָט, נאַטירליך, אַרויסגערופען א פּאַניק, וואָס די ווערסאַילער האָבען דאָס שיער ניט אויסגענוצט, כדי אריינצורייסען זיך קיין פּאריז.*

האָט זיך נאָר אָנגעהויבען א מלחמה מיט ווערסאַיל, האָט שוין די מיליטערישע פאַרטיידיגונג פון פּאַריז געמוזט פאַרשלינגען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אָבער די יאַקאָבינער און די בלאַנקיס־טען, וועלכע האָבען פאַרגעשטעלט מיט זיך די מאַיאָריטעט פון דער רעגירונג אין דער קאַמונע, האָבען איין זאַך ניט פאַרשטאַנען, און דאָס איז, אַז דער ערפאָלג פון יעדער מלחמה ווענדט זיך קודם כל אָן דער גרויס פון דער אַרמיי („דער גאָט פון מלחמה איז אלע־מאָל אויף דער זייט פון די גרויסע באַטאַליאָנען“, — האָט געזאָגט נאַפּאַלעאָן) און אַז אין א רעוואָלוציאָנערער מלחמה ווענדט זיך די גרויס פון דער אַרמיי דירעקט אָן דעם, ווי ווייט רעוואָלוציאָנער עס איז די אָנגעהויבענע באוועגונג. כדי צו פאַרטיידיגען פּאַריז, האָט מען באַדאַרפט אויפהויבען איהר גאַנצע אַרבייטער־באַפעלקערונג, און דאָס האָט מען געקאָנט טאָן נאָר דורך אויפווייזען די אַרבייטער — דורך פאַקטען פון געוועהנליכען לעבען — אַז עס הויבט זיך אָן פאַר זיי א נייע געזעלשאַפטליכע אָרדענונג, א נייע עפּאָכע, די עפּאָכע פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר  ר ע וו אָ ל ו צ י ע.

אין דער צייט, ווען אין יעדער אַרבייטער־פאַמיליע איז גע־שטאַנען די פראַגע, — מיט וואָס זאָל מען באַצאָלען פאַר דער דירה, וואו זאָל מען נעמען ברויט אויף מאָרגען? — איז דערווייל גאָרנישט געטאָן געוואָרן צו ווייזען דעם אַרבייטער, אַז א י ן  ד ע ר  ק אָ מ ו נ ע  ז י י נ ע ן  ש ו י ן  אָ ז ו י נ ע  פ ר אַ ג ע ן

---

* דעמאָלט איז עס דער׳הרג׳עט געוואָרן בערזערע, דער „גענעראל“ פון דער קאָמונע, — און עליזע רעקלו, וועלכער האָט זיך געפונען אין די רייהען פון זיין באַטאַליאָן, איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

נ י ט מ ע נ ג ל י ך פ א ר א מ ע נ ש ע ן, ו ו א ס א י ז נ ר י י ט צ ו א ר ב י י ט ע ן. דאס רוב מיטגלידער פון דער קאמונע האבען ניט פארשטאנען די נויטיגקייט דאס צו טאן.

„מיר ווילען דורך דער קאמונע גענן צום סאציאליזם", — פלעגען זיי זאגען, אין דער צייט ווען נאר דורך סאציאליסטישער טעטיגקייט האט מען געקאנט דערמוטיגען די ארבייטער מאסע צו פארטיידיגען די קאמונע.

די אידעע אליין, צו שאפען א י ן ד ע ר ר ע ו ו א ל ו־צ י א נ ע ר ע ר ק א מ ו נ ע א ר ע ג י ר ו נ ג, איז געווען א פאלשע און שעדליכע אידעע. די דאזיגע רעוואלוציאנערן האבען אנדערש ניט געקאנט זיך שטעלען אויף דער געהעריגער הויך, ווי נאר פארבלייבענדיג אין א שטענדיגער ענגער פארבינדונג מיט'ן פאלק. אנשטאט דעם זיינען זיי גאר אוועק פון פאלק, האבען זיך אפגעשלאסען פון איהם, ווי די סאמע געוועהנליכע ביוראקראטען. אנשטאט צו זוכען צ ו ז א מ ע ן מ י ט'ן פ א ל ק, ב א נ ו ר־צ ע נ ד י ג ז י ך מ י ט'ן פ א ל ק ס־פ א ר ש ט א נ ד, וואס צו טאן, האבען זיי, אפשיידענדיג זיך פון איהם, גלייך פון די ערשטע טעג גענומען, ווי אלע הערשער פון אלע צייטען, „טאן" דאס און דאס, „באשליסען" דאס און דאס, „היילען די וואונדען", „אויפ־שטעלען די אינדוסטריע און די ארבייט", „באוועגען פאראויס דאס גאנצע לעבען פון דער געזעלשאפט".

אומקומען אויף די באריקאדען, — דאס האבען זיי דווקא גע־קאנט, און זיי זיינען באמת אומגעקומען ווי העלדען. אבער אריינ־דרינגען אין דעם ארט דענקען פון דער ארבייטער־מאסע, לעבען און דענקען מיט איהר, — דאס איז געווען איבער זייערע כוחות. דעם פאלק זיינען זיי פרעמד געווען.

זינט דער ערשטער דייטשער באלאגערונג האט דער גרעסטער טייל פון דער פאריזער אינדוסטריע זיך אפגעשטעלט. קיין פאר־דינסטען זיינען ניט געווען, צאהלען פאר די דירות איז ניט געווען מיט וואס, און ביי די מעהרסטע ארבייטער האבען זיך אנגעקליבען גרויסע חובות. סיי דער אייגענטימער פון די הייזער און סיי דער ארבייטער האבען געליטען פון דער מלחמה, אבער דער ארבייטער האט, פארשטעהט זיך געליטען פיל מעהר פון דעם בעל־הבית; עס וואלט דעריבער געווען פשוט א יושר צו אנערקענען, אז מען

ד א ר ף  נ א ר  נ י ט  צאהלען קיין דירה־געלט. אבער די קאמונע האט דאס ניט געטאן. זי האט, אמת, געמאלדען, אז די איינוואוי־נער מעגען ניט צאלען פאר די לעצטע נייו חדשים, ביז'ן 1־טען אפריל, 1871. ווען עס איז אבער אנגעוויזען געווארן וואסערע ווייטערע מיטלען עס איז נויטיג אנצונעמען, כדי די פאראָרדענונג זאל אויפהערן צו זיין ניט מעהר ווי א שטיקעל פאפיר און זאל אריין אין לעבען, — איז פאר דעם גארנישט געטאן געווארן.*

אבער ווי אזוי האט דער ארבייטער זיך געזאלט דערנערן? ווי אזוי האט געזאלט זיך דערנערן די פאמיליע פון דעם, וואס האט וואכענלאנג פארבראכט אין די באסטיאנען, אויף די ווענט פון פאריז? די קאמונע האט זיי באשטימט בסך הכל אנדערהאלבען פראנק א טאג — זעבציג קאפיקעס! און דאס איז געווען אין א באלאנגערטער שטאדט, וואו די פרייזען אויף פראוויזיע זיינען ווי־דער געוואלטיג געשטיגען. און דאס איז געווען אין א צייט, ווען די קאמונע האט געהאט אין איהר רשות די פראנצויזישע נאציא־נאל־באנק, וועלכע זי האט באוואכט פון רויבעריי און פון וועל־כער קיין שום פריהערדיגע רעגירונג האט זיך גארניט אפגעשטעלט צו שעפען דאס געלט, וואס עס איז איהר נויטיג געווען אויף הוצאות. אנשטאט דעם האט די קאמונע גרויסמוטיג אנטליען פון דער באנק בלויז אכט מיליאן פראנק (ווענינגער פון 3.000.000 רובעל), אויסער יענע צעהן מיליאן, וואס זיינען געלעגען אין דער באנק אויפ'ן חשבון פון דער שטאדט פאריז.

דער  ד ע מ א ק ר א ט י ז ם  פון די קאמונאליסטען איז געווען אזא, אז דער גרעסטער געהאלט, וואס עמיצער האט געקאנט באקומען אין דער קאמונע, איז געווען 6.000 פראנק א יאהר. פאר זיך אליין האבען זיי באשטימט בלויז צו 15 פראנק (6 רובעל) א טאג, ד.ה. דעם געהאלט פון א גוטען פאריזער ארבייטער. און די דאזיגע באשיידענקייט האבען די בורזשויען, וועלכע זיינען געוועהנט געווען צו בארויבען די מלוכה, זיי עד היום ניט מוחל געווען. אבער די לאגע פון דעם ארביימער איז דערפון ניט געווארן בעסער. האט דען זיין פאמיליע געקאנט זיך דערנערן מיט אנדערהאלבען פראנק א טאג? די ארימקייט איז, פונקט ווי פריער, געווען דאס מזל

---

* זעה איינצעלהייטען וועגען דעם ביי לעפראנסע'ן.

פון די, וועלכע האבען פארגאסען זייער בלוט פאר דער ליכטיגער ארדענונג פון דער צוקונפט! — Rien de change! (קיין זאך האט זיך ניט געביטען!) — האבען געזאגט דעם ארבייטער'ס פרוי און מוטער, וועלכע האבען גערעכענט, אז די קאמונע איז, ענדליך, א רעוואלוציע פאר'ן פאלק. ערשט גאר צום סוף, ווען דאס פאלק האט אנגעהויבען איבערנעמען די גאנצע זאך אין זיינע אייגענע הענט, האט מען גענומען איינארדענען אין די ארבייטער־קווארטא־לען געזעלשאפטליכע קיכען. אויך דא איז עס געווען צדקה, אנ־שטאט רעכט אויף לעבען.

אין דערזעלבינער צייט זיינען די טראנשעען פון די ווערסאי־לער צוגעטראטען אלץ נעהנטער צו די הויפט מערב־טויערן פון פאריז און זייערע שווערע באטארייען, וואס זיי האבען דארט איינגעריכטעט, האבען באמבארדירט די פעסטונגען און די אומ־געגענד אין דער מערב־זייט פון שטאדט. די גראנאטען האבען די גאנצע צייט צעאקערט זייערע גאסען און דורכגעלעכערט די הייזער. מען האט געמוזט אויפגעבען איינינע פארטען. די פארטיידיגונג איז געווארן אלץ שווערער און שווערער.

דער קאמונע־ראט האט אראפגעזעצט קלוזערע'ן, אויסבייטענ־דיג איהם אויף ראסעל'ן, און באלד האט דער ראט אויך ראסעל'ן אראפגעזעצט און איהם אויסגעביטען אויפ'ן אלטען דעלעקליוז, אבער די באטאליאנען, וועלכע זיינען ארויסגעטראטען צו פאר־טיידיגען די ווענט פון פאריז, זיינען מיט יעדען טאג געווארן אלץ שיטערער.

דעם 21־טען מאי זיינען די ווערסאילער, לסוף, אריינגעקומען אין פאריז, און דא האט זיך אנגעהויבען יענע שרעקליכע בלוט־פארגיסונג און אויסראטונג פון די ארבייטער, וואס האט געדויערט אכט טעג און איז באוואוסט אין דער געשיכטע אונטערן נאמען די בלוטיגע וואך.

מארשירענדיג שנעל פאראויס, האבען די ווערסאילער ארמייען פארנומען די הויכע קווארטאלען פון מערב־פאריז און דאס מאר־סען־פעלד אויפ'ן לינקען ברעג.* אויפ'ן אנדערן פרימארגען האבען זייערע גראנאטען געפייערט אויף די גאסען ריוואלי און סענט־

---

* פון טייך סעין. — איבערז.

אנדרע און אונטערגעצונדען דאס פינאנץ־מיניסטעריום, ווי אויך
פיעל הייזער אויפ׳ן לינקען ברעג. די ארבייטער האבען איבערגע־
לאזען די פארטיידיגונג פון די אויסערע טיילען פון שטאט און זיי־
נען, ווי אין יאהר 1848, געגאנגען פארטיידינגען זייערע ארימע
קווארטאלען אויפ׳ן לינקען ברעג און אין מאנמארטר. און דא, אין
די דאזיגע קווארטאלען, וועלכע זיינען שוין פריהער געווען בא־
גאסען מיט׳ן בלוט פון ארבייטער, זיינען אויסגעוואקסען העלדען,
און צעהנדליגער טויזענטער מענער, פרויען און אפילו קינדער, האָ־
בען אויפגעשטעלט באריקאדען און האבען ווי די לייבען זיך גע־
שלאגען פאר זייער פארטיידיגונג.

אויפ׳ן רעכטען ברעג, אין דעם אריסטאקראטישען טייל פון
פאריז, האבען די ווערסאילער פארטגעזעצט זייער אטאקע. די
פארטיידיגער פון דער קאמונע האבען אונטערגעצונדען דעם
טיולערי־פאלאץ — דעם דאזיגען דענקמאל פון אלע געמיינהייטען
פון דער קעניגליכער מאכט און פון צוויי אימפעריעס, און האבען
באשלאסען צו קאנצענטרירן זייער הויפט־פארטיידיגונג אויפ׳ן
רעכטען ברעג, ארום דעם ראט־הויז, וואס איז געווען ארומגערינגעלט
מיט ריזיגע באריקאדען, און אויף דעם לינקען ברעג — אין דעם
דרום־טייל פון שטאדט, אין די אלטע, שמאלע גאסען פון דער אל־
טער פאריז. אבער מיטוואך אין דער פריה, דעם 24־טען מאי, האָ־
בען זיי מיט שרעק דערזעהן, אז דאס ראטהויז, אט דער צענטער
פון דער רעוואלוציאנערער פאריז, וואו עס האט זיך אויך געפונען א
מאסע אויפריים־מאטעריאל, האט פלוצלינג אנגעהויבען ברענען
אינאיינעם מיט דער פרעפעקטור. ביידע בנינים זיינען אונטער־
געצונדען געווארן דורך די אגענטען פון די ווערסאילער. די בארי־
קאדען, וואס האבען ארומגערינגעלט דאס ראטהויז, האבען געמוזט
פארלאזען ווערן.

דאס פאלק האט איצט איבערגענומען די זאך אין זיינע איי־
גענע הענט. — „גענוג גאלאנען! מאכט פלאץ פאר׳ן פאלק!“ —
האט אויסגערופען דער אלטער דעלעקליוז, — א יאקאבינער, וואס
האט אבער געגלויבט אין פאלק, — אין זיין בארימטער פראקלא־
מאציע, וועלכע ער האט אנגעשריבען פאר׳ן טויט, און האט זיך
אליין אריינגעמישט אין די טונקעלע רייען פון די ארבייטער, כדי
צו פאלען אויף דער באריקאדע, וואס זיי האבען פארטיידיגט.

די ווערסאַילער אַרמייען זיינען ווילד געוואָרן. זיי האָבען באַ־קומען אַ באַפעל צו דערשיסען אַלע געפאַנגענע, און זיי האָבען זיי דערשאָסען מיט אַ ווילדער רציחה. די אַרבייטער, פון זייער זייט, האָבען באַשלאָסען צו פאַרקויפען טייער די באַריקאַדען פון זייערע היימישע קוואַרטאַלען — פון דער גאַס סען־זשאַק, פון דעם פּלאַץ פּ אַ נ ט עָ אַ ן אויפ'ן לינקען ברעג, און פון מאָנמאַרטר אויפ'ן רעכטען ברעג. אָבער די ווערסאַילער האָבען ניט גענומען די באַריקאַדען מיט שטורם. דורכברעכענדיג זיך מיט העק און אייזענס פון הויז־צו־הויז, האָבען זיי זיך פאַרגנב'עט הינטער די באַריקאַדען און געשאָסען אין ציל אויף זייערע פאַרטיידיגער. אויב די אַרבייטער האָבען זיך אונטערגעגעבען, האָט מען זיי גע־נומען אין געפאַנגענשאַפט, און אויפ'ן וועג האָט גאַליפע און אַנ־דערע גענעראַלען געהייסען אַרויספיהרען 20, 30 מענשען — „נעמט די מיט די גרויע בערד: זיי האָבען געוואוסט פון דעם 48־טען יאָהר", — האָט באַפוילען גאַליפע, — און מען האָט זיי דערשאָסען גלייך אויף דער גאַס, איבערלאָזענדיג דאָרט הורבעס טויטע און פאַרוואונדעטע.

ביי די אויסערע ווענט האָט מען די געפאַלענע אוועקגעשטעלט אויפ'ן ראַנד פון דעם פעסטונג־גראָבען, צופוסענס פון דער וואַנט, און פון דעם אַנדערען ברעג פון גראָבען האָט מען געשאָסען אויף זיי פון מיטראַליעזען, פון „קאַווע מילכלעך", ווי די ווערסאַילער האָבען זיך געוויצעלט. די טויטע קערפּער זיינען, אינאיינעם מיט די פאַרוואונדעטע, אַריינגעפאַלען אין די גראָבענס. אויף די אָפענע שטאָדט־פּלעצער האָט מען די דערשאָסענע אַריינגעוואָרפען אין אַ גראָבען און באַגאָסען מיט קאַלך. אויפ'ן אַנדערן פרימאָרגען האָט מען געזעהען הענט, וואָס האָבען אין שרעקליכע מאַטערנישען זיך אַרויסגעשטעקט פון אונטער דעם קאַלך. איבער די טויטע קער־פּער פון די פרויען — עס זיינען געווען פיעל אַרבייטער־פרויען, וואָס האָבען געקעמפּט אויף די באַריקאַדען — האָבען די סאָלדאַטען אָפּגעטאָן אוממענשליכע שווידערליכקייטען.

„שיסט זיי, די וועלף, וועלפינעס און וועלפלעך!" — האָבען געגוואַלטעוועט די „פאַרשטעהער פון פאָלק" אין דער ווערסאַילער געזעצגעבענדער פאַרזאַמלונג — און נאָך דער דאָזיגער שלאַכטעריי

האט די פארזאמלונג איינשטימיג אנגענומען א דאנקזאגונג פאר דער ארמיי.

לויט דער סאמע גענויער אויסרעכענונג, וואס קלעמאנסא האט געמאכט בעת דער גרינדליכער אונטערזוכונג, זיינען צום ווינציגס־טען פאר איין וואך צייט אויסגע׳הרג׳עט געווארן 35.000 מענשען — הויפטזאכליך קריגס־געפאנגענע, וואס די ווערסאילער האבען זיי דערשאסען.

דערנאך האבען זיך אנגעהויבען די ארעסטען און די פארשי־קונג, — אלע שרעקען פון געפענגעניש אויפ׳ן פלאץ סאטארי, וואו מען האט אויף די געפאנגענע געשאסען אין ציל, אויב איי־נער פון זיי האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, וואס איז געוועז נאס פון רעגענס, — אלע שרעקען פון די געפענגענישען און פון ניי־קאלעדאניע. אן ערך 100.000 פאריזער ארבייטער זיינען אויס־גע׳הרג׳עט אדער פארשיקט געווארן נאך דער נידערלאגע פון דער קאמונע.

און באטראכטענדיג אלע שרעקען פון דער „בלוטיגער וואך“, האבען די ארבייטער געמאכט דערפון אזא אויספיהר: לאמיר אננעמען, אז עס זיינען ארום פאריז געשטאנען דייטשען, וועלכע וואלטען געקומען צו הילף דער בורזשואזיע, — אט האבען זיי דאך געשיקט זייערע געפאנצערטע שיפען צו פייערן אויף דער קאר־טאגענער קאמונע! אבער אויסער דעם, — האט זיך דען געלוינט די ארבייטער צו באציהען זיך אזוי פארזיכטיג צום בורזשואזען אייגענטום? ווען זיי וואלטען, ניט הערענדיג די פיהרער, מוטיג און דרייסט אנערקענט פאר׳ן פאלקס־אייגענטום אלע הייזער, פאב־ריקען, באנקען, מאגאזינען און אלע רייכקייטען פון פאריז, און ווען אט־די ערשטע ס א צ י א ל ע רעוואלוציע וואלט זיך אויך געענדיגט מיט א פאגראם, — וואלט דען די נקמה פון דער בור־זשואזיע געקאנט זיין נאך צארענדיגער?

אבער די עראינערונג וועגען די דאזיגע מערדערייען לעבט אין פאריז — אין פראנקרייך. אין קיין איין פלאץ פון דער וועלט איז די שנאה פון דעם ארבייטער צום בורזשוא ניט איינגעווארצעלט אזוי טיף אין דעם הארץ פון פאלק, ווי אין פראנקרייך, אין פאריז. אין קיין איין פלאץ פון דער וועלט האט זיך דער ארבייטער אזוי ניט אנטוישט אין פאליטישע רעוואלוציעס, ווי אין פראנקרייך.

אין קיין איין פלאץ פון דער וועלט פארשטעהט ער ניט אזוי גוט, אז אין דער קומענדיגער רעוואלוציע וועט זיין זיין רייהע אליין ארויסצוטרעטען פאראויס און אליין ארויפצו־לעגען די האנט אויף די רייכקייטען, וואס טאקע ער אליין האט זיי באשאפען.

און די קומענדיגע רעוואלוציע אין פראנקרייך, — אין דעם איז גאר ניטא קיין צווייפעל — וועט זיך אנהויבען מיט'ן אויסרוף: „עס זאל לעבען די קאמונע!” אבער דאס מאל וועט עס זיין א קאמונע פון פאלק, אן ארבייטער־קאמונע, א קאמונע, וואס וועט אלעמען געבען א היים און שפייז — די קאמוניסטישע קאמונע פון דעם באפרייטען פאלק.

# די נאַציאָנאַלע פראַגע

מיר האָבען באַקומען אַ בריעף וועגען ציוניזם, אין וועלכען עס ווערט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען נאַציאָנאַליטעטען און נאַציאָ־נאַלע שטרעבונגען. מען פרעגט אונז אין דעם דאָזיגען בריעף: ווי אַזוי מיר באַציען זיך צום ציוניזם און צו נאַציאָנאַלע שטרעבונגען בכלל. מיר וואָלטען אודאי געקאָנט פּשוט זיך באַרופען אויף די גרונד־פּרינציפּען פון דעם אַנאַרכיזם, וועלכע פאָדערן פולשטענדיגע פרייהייט פאַר אַלעמען אָהן אונטערשייד פון ראַסע, גלויבען און נאַ־ציאָנאַליטעט; וועלכע אָנערקענען ניט דאָס רעכט פון קיין נאַציאָ־נאַליטעט צו אונטערדריקען אַן אַנדערע, און שטרעבען צו דער פאַר־ניכטונג פון שטאַט און, ממילא, פון יעדער שטאַט־אונטערדריקונג. אָבער אַזוי ווי די נאַציאָנאַלע פראַגען ווערן אַרויסגעבראַכט פון דעם לעבען גופא און וועלען אַרויסגעבראַכט ווערן, כל זמן עס וועלען עקזיסטירן שטאַטען, וועל איך זיך באַמיען צו ענטפערן אויף די פראַגען, וואָס זיינען מיר געשטעלט געוואָרן.

איך וועל נאָר באַמערקען, אַז די אַנאַרכיסטען שטימען ניט איינגאַנצען צווישען זיך בנוגע דעם דאָזיגען ענין, און דעריבער, אַרויסזאָגענדיג דאָ מיין מיינונג, מוז איך אָנווייזען דערויף, אַז אַ סך חברים, דערהויפּט אין פראַנקרייך, קוקען אויף די נאַציאָנאַלע פראַ־גען, ווי אויף פאַרעלטערטע פראַגען, וואָס די אַנאַרכיסטען דאַרפען זיך גאָר מיט זיי ניט פאַרנעמען, וויבאַלד אונזער אַלגעמיינער פּראָגראַם גיט שוין אויף זיי אַן ענטפער.

דער שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען איז, ווי באַוואוסט, אַז עס זיינען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט פאַראַן בלויז צוויי קלאַסען — עקספּלואַטאַטאָרס און עקספּלואַטירטע, — און אַז אַלע נאַציאָנאַלע אונטערשיידען דאַרפען דעריבער פאַר־שווינדען פאַר דער דאָזיגער קלאַסען־צעטיילונג. אָבער אַזוי ווי

די סאציאל־דעמאקראטישע טעאריע האט זיך אויסגעארבייט הויפט־זעכליך אין דייטשלאנד, וואו די פאראייניגונג פון דעם לאנד און די פארניכטונג פון די קליינע שטאטען, וואס פון זיי איז פריער באשטאנען דייטשלאנד, איז געווען דער אידעאל פון די ראדיקא־לען־דעמאקראטען, און שפעטער אויך פון די סאציאל־דעמאקרא־טען, האט זיך דא געשאפען ממש א פיינדליכע באציהונג צו די נאציאנאלע פראגען בכלל.

פון דער אנדער זייט, האט צווישען די אנארכיסטען, דערהויפט די פראנצויזישע, זיך אויך אויסגעבילדעט אונטער דעם איינפלוס פון דער שטארקער אנטי־מיליטאריסטישער אגיטאציע, וואס עס איז זיי אויסגעקומען אנצופיהרן, א מיינונג, אז דער ארבייטער, וועל־כער „האט ניט קיין היימלאנד", דארף גארנישט זארגען פאר דער אפהיטונג פון זיין נאציאנאליטעט. ווען אפילו דייטשלאנד וואלט גענאנגען עראבערן פראנקרייך, — זאגען א סך אנארכיסטען, — וואלטען די ארבייטער אויך ניט באדארפט פארטיידיגען זייער טעריטאריע. זיי דארפען אומבאדינגט זיך אפזאגען פון נעמען וואסער־עס־איז אנטייל אין דער מלחמה. ווען די דייטשען וואלטען אפילו איינגענומען פראנקרייך, וואלט די פראנצויזישע נאציאנא־ליטעט אויך ניט אומגעקומען. און וואלט זי יא אומגעקומען, הייסט עס, אז מען דארף זי ניט באדויערן.

דער דאזיגער עקסטרעמער שטאנדפונקט ווערט פולשטענדיג דערקלערט דערמיט, וואס פראנקרייך האט איבערגעלעבט זינט דעם 1871טען יאהר. ווען מען ווייס, וואס פאר א מיליטאריסטישער גייסט, וואס פאר א פארעהרונג פון דער ארמיי און פון אלץ וואס האט א שייכות צו איהר, עס האבען זיך אנטוויקעלט אין פראנק־רייך זינט דער דייטשער אריינדרינגונג; וואסערע טויגעניכטסען עס האבען זיך געהאלטען אן דער רעגירונג אונטערן אויסרייד פון „פאטריאטיזם"; ווי נאהנט פראנקרייך איז שוין א צוויי־דריי־מאל געווען דערצו, אז די „פאטריאטען" זאלען אנהויבען גאנץ אומבאזונען א מלחמה מיט דייטשלאנד, אין וועלכער פראנקרייך וואלט מסתמא געליטען א נייע מפלה, — ווען מען לעבט דאס אלץ דורך, ווערט גאנץ פארשטענדליך, פון וואנען עס האט זיך גענומען אזא אנשויאונג.

. . . . .

עס איז, לסוף, פאַראַן נאָך אַ דריטע שטרעמונג, וואָס זאָגט זיך אויך אַרויס קעגען דעם דערמאָנטען נאַציאָנאַליזם. דאָס איז די שטרעמונג פון דעם צווישענפעלקערליכען אַרבייטער־פאַרבאַנד, פון דעם *אינטערנאַציאָנאַל*. אויסער דער ענגער צווישענפעלקערליכער פאַראייניגונג איז פאַר די אַרבייטער וואַרשיינליך ניטאָ קיין רעטונג. דער קאַפּיטאַל איז געוואָרן אינטערנאַציאָנאַל, און זיינע פאַרטיידיגער, — די קעניגען און די פאַרלאַמענטען, — כאָטש זיי רייסען זיך אַרום צווישען זיך, שטעהען פונדעסטוועגען פאַראייניגט קעגען די אַרבייטער. אויב צווישען די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט ווערן איינגעשטעלט פאַרבינדונגען און קעגענזייטיגע סימפּאַטיעס, האָט זיך צווישען דער בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט אויך איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג פאַר דעם קאַמף קעגען די אַרבייטער; און די דאָזיגע פאַרבינדונג, הגם זי האָט נאָך ניט אָנגענומען קיין פאָרם, *איז זי אָבער אומפאַרגלייכליך טיפער און רעאַלער, ווי די אַרבייטער־פאַרדעכטיגענעס*. אדאַם סמיט האָט געשריבען, אַז וואו צוויי אָדער דריי ענגלישע פאַבריקאַנטען זאָלען זיך ניט צוזאַמענקומען, — ווען אפילו ביי אַ גלאָז ביר, — רעדען זיי זיך אָלעמאָל צונויף קעגען די אַרבייטער. דאָס אייגענע דאַרף מען איצט אויך זאָגען וועגען דער בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט. וואו עס זאָלען זיך ניט צוזאַמענקומען בורזשואַן פון פאַרשיידענע לענדער, ריידען זיי צווישען זיך וועגען קאַמפּס־מיטלען קעגען די אַרבייטער. דאָס אייגענע טוען אויך די שטאַטסלייט; דאָס אייגענע טוט אויך די פּאָליציי פון דער גאַנצער וועלט.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך, וואָס די נאַציאָנאַלע פראַגע ווערט פאַר די אַרבייטער אַ נעבענזאַך. איצטער שטעהט פאַר זיי די אויפגאַבע צו פאַראייניגען זיך צווישען זיך, אָהן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, קעגען דעם אַלגעמיינעם אינטערנאַציאָנאַלען פיינד, — קעגען דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע.

אָבער דאָס אַלץ איז ריכטיג בלויז פאַר די אַרבייטער פון די פרייע, ניט־אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטען. פאַר די אַרבייטער פון די אונטערדריקטע פעלקער ווערט — ווי דאָס איז ריכטיג באַמערקט געוואָרן אין דעם בריעף, וועלכען מיר האָבען באַקומען,

אוועקגעשטעלט די פראגע, — ווי אזוי זאל מען שאפען יענע סביבה, אין וועלכער עס וואלט געקאנט רעגעלמעסיג אנגעפירט ווערן די פראפאגאנדע פון אינטערנאציאנאלע סימפאטיעס און זיך אנטוויקלען די אידעע פון פרייע קאמונעס?

די גאנצע געשיכטע פון 19־טען יאהרהונדערט ווייזט אונז פאקטיש, אז כל זמן א נאציע קעמפט קעגען פרעמדע אונטערדריקער, טרעט זי ניט ארויס אויפ'ן וועג פון דער סאציאלער רעוואלוציע. די סאציאלע באוועגונג אנטקעגען איהרע אייגענע עקספלואטאטארס הויבט זיך ביי איהר אן ערשט דאן, ווען זי ווארפט אראפ פון זיך דעם פרעמדען יאך. איטאליע שטעלט פאר מיט זיך א מערקווירדיגען ביישפיל. אבער דאס אייגענע זעהען מיר אויך אין די באלקאנישע לענדער, אין די באשטאנדטיילען פון עסטרייך, אין פוילען, אין פינלאנד. דער סאציאלער קאמף, דער קאמף קעגען די „אייגענע" עקספלואטאטארס, הויבט זיך אן ערשט דאן, ווען די אויפמערקזאמקייט פון פאלק ווערט ניט אינגאנצען אפגעווענדט דורכ'ן קאמף מיט די פרעמדע, ווען דער ארבייטער און דער פויער הערען אויף צו זעהן אין דעם פאבריקאנט און דעם גוטבאזיצער בונד־חברים אין דעם קאמף קעגען דעם פרעמדען יאך.

און דעריבער הויבט זיך דער פרוכטבארער קאמף קעגען דער סאציאלער עקספלואטאציע אן ערשט דאן, ווען דאס באטרעפענדע פאלק פיהלט, אז זיין פאלקסטימליכקייט קאן פריי אנטוויקלען אויף דער געגעבענער טעריטאריע יענע אלע אינטעלעקטועלע, מאראלע און שעפערישע אייגענשאפטען, פון וועלכע עס ווערט צוזאמענגעשטעלט יעדע נאציאנאליטעט. דאס אפט־ווידערהאלטע פראנצויזישע שפריכווארט „דער ארימאן האט ניט קיין היימלאנד" באדייט כלל ניט, אז דעם ארימען איז אלץ איינס, וואו צו לעבען און צווישען וועלכע מענשען צו לעבען. ניין, עס באטייט בלויז, אז די רייכע האבען פון איהם אוועקגענומען זיין פאטערלאנד, וואס עס ווילט זיך איהם דוקא יא האבען — אפשר נאך פיל מעהר, ווי דעם רייכען. אזוי פיעל וויל ער עס, אז אין דער צייט, ווען דער רייכער געפינט אומעטום, וואוהין ער זאל ניט ארויספאהרן, זיין אינטערנאציאנאלע סביבה: די אפערא פון די רייכע, זייערע קארטען־טישלעך און

זייער „געזעלשאפט", — פיהרט דער ארימאן מיט זיך זיין ליעד, זיין קולטור, זיינע מנהגים און באמיהט זיך צו שאפען זיין באליבט היימלאנד אין קאנאדע, אין אמעריקע, אין דרום־אפריקע, אין סיביר, — וואוהין ער זאל ניט אויסוואנדערן.

דער פארפאסער פון דעם דערמאנטען בריעף איז גאנץ גערעכט, ווען ער זאגט, אז דער פראלעטאריער שטרעבט צו עראבערן דאס דאזיגע היימלאנד; און איך וועל נאך צוגעבען, אז וואס נעהנטער ער איז צו דער דאזיגער עראבערונג, אלץ מוטיגער קעמפט ער פאר זיין עקאנאמישער באפרייאונג. די פאריזער ארבייטער זיינען אנגעקומענע פון גאנץ פראנקרייך; אבער פאריז איז אזא שטאט, וואס יעדער פראנצויז (אויסער אפשר פון די דרום־טיילען), וועלכער וואוינט אין איהר א געוויסע צייט, פיהלט זיך באלד גאנץ היימיש און באקומט זי ליב, ווי זיין היימלאנד. און ווען דער קלוגער פראנצויזישער ארבייטער קעמפט אויף די באריקאדען פאר פרייהייט, ווערט ער דערצו באוואויגען ניט נאר פון דער וועלט־אידעע פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. ער וויל אויך ווערן דער פרייער באזיצער פון ז י י ן אייגענער שטאט. „נאר איין אנשטרענג, און פאריז וועט געהערן צו אונז," — טראכט ער, פארטיידיגענדיג די קאמונע.

דאס אלץ ווידערשפרעכט, אגב, גארנישט דער גאנץ העכסטער אנטוויקלונג פון דעם אינטערנאציאנאלען גייסט. פונקט פארקערט, אן עכטער אינטערנאציאנאלער פארבאנד וועט מעגליך זיין נאר ביי דער פולסטער אנטוויקלונג פון יעדער באזונדער נאציע. די פרייהייט פון אלע מענשען און די הארמאניע אין דער געזעלזאפט זיינען מעגליך נאר ביי דער פולער פרייער אנטוויקלונג פון יעדער באזונדער פערזענליכקייט. די פארבינדעטע פעדעראציע איז מעגליך נאר ביי דער פולסטער פרייהייט פון אנטוויקלונג פון יעדער רעפובליק און יעדער קאמונע (נאר אויף דעם אופן איז געשאפען געווארן, למשל, די שווייצארישע פעדעראציע). פונקט אזוי קאן בלויז די פולשטענדיג־פרייע אנטוויקלונג פון יעדער נאציע שאפען א פעסטען אינטערנאציאנאלען פארבאנד, אין דער צייט, ווען די אונטערדריקונג פון א פאלק דורך אן אנדער פאלק קאן בלויז פיהרן צו מלחמה.

מיט איין ווארט, די פולסטע אנטוויקלונג פון יעדער נאציע איז, לויט אונזער מיינונג, דער נויטיגער באדינג סיי פאר א רייי־בערן לעבען פון דער מענשהייט און פאר דעם אויפבליה פון דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג בכלל, און סיי פאר דעם זיעג פון דעם אנארכיסטישען קאמוניזם.

אבער דערפון איז נאך ניט געדרונגען, אז די ציוניסטען, וועלכע רופען די אידען אויסצוואוואנדערן קיין פאלעסטינע און דארט שאפען א אידענשטאאט, זיינען גערעכט. עס זיינען, פארקערט, פאראן פיעל שטארקע ארגומענטען קעגען אזא פלאן.

מיר וועלען אנהויבען פון די געאגראפישע סיבות. אויב די באפעלקערונג האט פארלאזען דעם טאל פון טייך ירדון, איז עס קודם כל פארגעקומען מחמת פיזישע אורזאכען. דער דאזיגער גאנצער טייל פון אזיע געפינט זיך איצט אין א פעריאד פון אויס־טריקענונג. דערהויפט די אינגעווניגסטע באסיינען, וועלכע האבען ניט קיין אפגוס צום ים, ווי די באסיינען פון די טייכען צור און עם און די טייכען טארים און ירדון.*

עס פארשטעהט זיך, קלוגע מענשען געפינען אומעטום א מיטעל ווי צו לעבען. אבער באזעצען זיך אין פאלעסטינע הייסט שאפען זיך לכתחילה שווערע באדינגונגען פון קאמף מיט דער נאטור, לכתחילה מאכען קאמפליצירט די אזוי אויך שווערע אויפגאבע פון יעדער קאלאניזאציע.

ווייטער, אויב א גרופע מענשען וויל באשאפען אויף א נייעם פלאץ איהר טעריטאריע, איז דאס איינציגע מיטעל דערצו — באאר־בייטען מיט די אייגענע הענט די פארנומענע ערד. ערדארבייט איז דער יסוד פון יעדער אונטערנעמונג צו פארזיכערן פאר זיך א געוויסע געגענד. אבער הונדערטער יאהרן פון שטאטישען לע־בען און וואנדערונגען פון איין ארט אויפ'ן צווייטען, אהן א באפעס־

* עטליכע צענדליג טויזענטער יאהרען האבען מיר געלעבט אויפ'ן חשבון פון די וואסערן, וועלכע האבען זיך אנגעקליבען אין די אומגע־הויערע אזיערעס, וואס זיינען פארבליבען נאכ'ן אייז־פעריאד. איצט טריקענען זיי אויס מיט מערקווירדיגער שנעלקייט, און דערפון זיינען עס אומגעקומען גאנצע ציוויליזאציעס אין מיטעל־אזיע.

סיגונג אויף דער ערד, האבען, ליידער, געמאכט פון די אידען שטאטישע איינוואוינער, ניט קיין ערד־ארבייטער. דאס הייסט, נאטירליך, נאך ניט, אז די אידען זיינען ניט פעהיג צו ערד־ארבייט; אבער פאר זיי פאסען זיך מעהר די לייכטערע מינים ערד־ארבייט (די אזוי־גערופענע אינטענסיווע ערד־ארבייט און גערטנעריי). אבער אין אזא פאל האט קיין זין ניט צו געהן אין אזא לאנד, וואו מען קאן קיין זאך ניט באארבייטען אהן קינסטליכע באוואסערונג, דערהויפט נאך פאר א פאלק, וואס האט ניט אנטוויקעלט אין זיך, אזוי ווי די מוסולמאנער, קיין *נאציאנאלע קונסט פון באוואסערונג* (אין טורקעסטאן, ביי די מוסולמאנער, איז דאס באליבטע שפיל פון קינדער „דאס שפיל פון באוואסערונג", פונקט ווי ביי די אייראפעאישע קריסטליכע קינדער דאס שפילען זיך „אין סאלדאטען").

מען דארף געהן אהין, וואו די ערד־ארבייט איז לייכטער, און עס איז קיין ספק ניט, אז ווען אין דעם אידישען פאלק וואלטען געווען צאלרייכע עלעמענטען פאר אגריקולטורעלער קאלאניזאציע (קליינע גרופען זיינען פאר דעם ניט גענוג), וואלט עס שוין פון לאנג געטאן געווארן. די פראנצויזען האבען געשאפען קאנאדע, די ענגלענדער — די פאראייניגטע שטאטען, די שפאניער — ארגענטינע, די האלענדער — דרום־אפריקע, די דייטשען באזעצען זיך אין דרום־בראזיליע און אז. וו.; אפילו די מענאניטען און די דוכאבארן האבען באשאפען זייערע מענאניטישע און דוכאבארישע געמיינדעס און אלץ אויפ'ן זעלביגען שטייגער, דורך אגריקולטורעלער קאלאניזאציע. עס איז דעריבער קיין צווייפעל ניט, אז די אידען בכלל שטרעבען גארנישט צו באזעצען זיך, אלס ערד־ארבייטער, אויף דער ערד. זיי האלטען בעסער פון מלאכות, פון אינדוסטריעלער ארבייט אין די שטעט: דערצו האט זיי געבראכט זייער געשיכטע.

אבער אויב די הייסע ליבע צו זייער ערד און די צוגעבונדענקייט צו ערד־ארבייט ציהען ניט צו די אידען, איז וואס דען קאן דינען פאר זיי ווי א צוציהונגס־קראפט אין וועלכער־עס־איז טעריטאריע, און באזונדערס אין פאלעסטינע? עס בלייבט איבער איין זאך: רעליגיע. פונקט ווי די דוכאבארן האבען אויסגעוואנדערט קיין קאנאדע מיט דער האפענונג צו גרינדען דארט א דוכא־

כארישע מלוכה מיט זייער רעליגיע און זייער טעאקראטיע (די הערשאפט פון גייסטליכע), אזוי קאן אויך די הויפט־טרייבקראפט פאר דער אויסוואנדערונג קיין פאלעסטינע זיין בלויז די רעליגיע.

אבער אויף אט דעם יסוד קאן מען אין דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט גארנישט אויפבויען. אין יעדער רעליגיע איז פאראן אן עלעמענט פון ג ל ו י ב ע ן. אבער אונזער צייט פון וויסענשאפט גראבט אונטער יעדען גלויבען אין דאס אומבאוויזענע, און דערהויפט דעם גלויבען אין טראדיציעס, וואס מיר הויבען איצט אן פארשטעהן און וויסען זייער אפשטאמונג. דערצו פיהרט נאך יעדע רעליגיע אויף אן אומפארמיידליכען פאטאלען אופן צו טעאקראטיע, ד.ה. צו דער הערשאפט פון די, וואס ווערן פאררעכענט פאר די בעסטע אויסדריקער פון גאט'ס ווילען. די בורזשואזע אנהענגער פון שטאט וואלטען נאך אפשר דערמיט געקאנט שלום מאכען. אבער די סאציאליסטען, און דערהויפט די אנארכיסטען, לייקענען אבסאלוט אפ אזא מין פארעהרונג. און דעריבער וועלען זיי קיינמאל ניט מאכען שלום מיט א טעאקראטיע און זיך ניט אונטערווארפען א רעליגיעזער טראדיציע.

שוין צוליב דעם אליין קאן די עמיגראציע קיין פאלעסטינע, וועלכע איז אויסגעקליבען געווארן דערפאר, ווייל זי שטעלט פאר מיט זיך דאס וויגעלע פון מלכות ישראל, ניט האבען קיין ערפאלג. דאס אלטע, איבערגעלעבטע און אפגעלעבטע, קאן מען אין דער געשיכטע ניט באלעבען. נייע צייטען שטעלען אוועק נייע אויפגאבען.

קיין שום פאלק דארף אודאי ניט פארנאכלעסיגען זיין פאלקסטימליכקייט. אנטוויקלענדיג איהר שפראך, איהר קולטור, איהרע באזונדערקייטען פון שאפען און דענקען, ברענגט אריין יעדע נאציע, ווי קליין זי זאל ניט זיין, איהר ווערטפולען טייל צום אלגעמיינעם סכום פון דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט. איך קען איינינגע כאראקטער־שטריכען פון דעם אידישען ארט דענקען, פון דעם אידישען שאפען, פון דעם אידישען הומאר און טרויער, פון דער אידישער מוזיק און קאמעדיע; איך קען זיי און שעץ זיי; איך פרעה זיך, ווען איך זעה זייער פ א ל ק ס ט י מ ל י כ ע אנשטעלונג אין דער קונסט, און באטראכט דעם ז ש א ר ג א ן פאר א שפראך, וואס איז ווערט אויסצוארבייטען, פונקט ווי עס

איז ווערט אויסצואַרבייטען, למשל, איינינע דיאַלעקטען פון די מערב־שפּראַכען.

עס איז אָבער אוממעגליך צו באַשאַפען קינסטליך אַ נאַציאָנאַליטעט דורך אויסוואַנדערן און דערווייטערן זיך אין אַ וויסטעניש. אַזוי ווערן באַשאַפען רעליגיעס, אָבער ניט נאַציאָנאַליטעטען. און די אויסוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינא, וואָס נאָר די רעליגיע קאָן צוציהען אַהין, קאָן העלפען ניט דעם מענשליכען פּראָגרעס, נאָר דער קינסטליכער אויפלעבונג פון דאָס וואָס האָט שוין אָפּגעלעבט זיין צייט און קאָן מעהר ניט אויפגעלעבט ווערן.

פון דער אַנדער זייט, די אידישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע קעמפען אין רוסלאַנד פאַר דער באַפרייאונג פון זייער אייגענער און אַנדערע אונטערדריקטע פעלקערשאַפטען, טוען אומפאַרגלייכליך מעהר אויך פאַר דער מענשהייט בכלל און פאַר זייער פאָלק בפרט, ווי די, וואָס דערווייטערן זיך קיין פּאַלעסטינע. די מערב־געגענד פון רוסלאַנד איז גאָרנישט קיין פרעמדער פּלאַץ פאַר די אידען. זייערע אורעלטערען, וועלכע האָבען מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק באַזעצט די דאָזיגע געגענד און מיטגעהאָלפען אין איהר אַנטוויקלונג, האָבען פּונקט אַזאַ רעכט צו באַטראַכטען זי פאַר זייער היימלאַנד, ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער איהרע. און דאָ, — דערהויפּט אויב זיי וועלען מיט כח און דורך זייער אייגענער אַנשטרענגונג אויסקעמפען די פרייהייט פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, — וועלען זיי באַשאַפען אַזאַ באָדען פאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון זייער פאָלק, וואָס וועט זיין באַגייסטערט פאַר די אידעאַלען פון דער צוקונפט דורך זיין גרויסען זיעג, וועלכען זיי וועלען ניט געפינען אויפ'ן ווייטען מזרח, אונטערן שאָטען פון די אַלטע־אַלטע אידעאַלען פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.